ארבייטער ביבליאטעק נומער .II–III

יעקב לעווין

# דער אמת

וועגען

# פאלעסטינא




פערלאג פון דער
אידישער סאציאליסטישער פעדערעציאן פון אמעריקא
ניו יארק, 1917.

אַרבייטער ביבליאָטעק — נומער 3—2



# דער אמת

װעגען

# פּאַלעסטינא

פון יעקב לעװין.

מיט א פאָררעדע פון א. ליטװאק.

פערלאַג פון דער
אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראציאָן פון אמעריקא.
ניו יאָרק, 1917.

49

# אינהאלט:

# פאָרוואָרט.

דאָס בוך, וואָס ליגט פאַר אייך, רופט זיך: „דער אמת וועגען פּאַלעסטינע“. און עס פערדינט זיין נאָמען. דער פערפאַסער, יעקב לעווין, איז געקומען מיט פאַקטען. וועגען סברות קאָן מען דעבאַטירען. לאָגישע אויספירונגען קאָן מען אָפּפרעגען. פאַקטען זענען אייזען־פעסט. אין זיי רעדט די לאָגיק פון לעבען, וועלכע לאָזט זיך ניט אָפּפרעגען. זיי זענען דאָס לעבען אליין, וועלכע ברעכט אילוזיעס, מאַכט א סוף צו פּוסטע חלומות.

„דער אמת וועגען פּאַלעסטינע“. שוין לאַנג צייט געווען, אַזא בוך זאָל ערשיינען אין אידיש. אלץ, וואָס די ציוניסטען שרייבען וועגען פּאַלעסטינע, איז צוגעפּוצט, צוגעשניטען, איינגעוויקעלט אין א געדריכטען שלייער פון מליצה, הכלל — ווייט פון אמת. א ציוניסט, ווען ער קומט אין פּאַלעסטינע אויף א קורצע ווייַלע, קוקט ער אויף אלץ דורך ראָזאָווע ראָמאַנטישע ברילען. זעהט ער נור דעם אויסערליכען פּוץ, ניט דעם אינעווענינגסטען אינהאַלט. די ציוניסטישע הברות, און די קאָלאָניסטען גופא, וועלכע קוקען אויס אויף שטיצע, האָבען זיך גוט אויסגעלערענט צו בעווייזען פאַר געסט נור דעם יום־טוב'דיגען זייט. זיי זיינען גרויסע בריות צו מאַכען פּאַראַד, צו פערבאָרגען דעם אָרעמען שפּיל'ן לעבען אונטער שעהן־געפאַרבטע דעקאָראַציעס. בפרט אז די געסט אליין ווילען זיך לאָזען נאַרען: זיי זענען דאָך לכתחילה געקומען אין דאָס הייליגע לאַנד צו האָפּען התפעלות. אנצוקוועלען פאַר נחת.

די פערשידענע בעריכטען, וואָס די ציוניסטישע אינסטיטוציעס פערשפּרייטען צווישען עולם, זענען געשריבען, ווי ביליגע רעקלאַמעס, שרייעדיג, פול מיט גוזמאות. אין די ציוניסטישע דרשות פערבייט מען פאַקטען אויף מליצות, דעם לעבעדיגען לעבען אויף מיילען־לאַנגע אויסגעשריי־צייכענס. שרייבען ציוניסטען, וואָס וואָהנען לענגער אין לאַנד און זענען בעקאַנט מיט דער לאַגע, האָבען זיי מורא זי צו שילדערען, ווי זי איז — עס זאָל חלילה ניט שאַדען דער בעוועגונג. ניט זעלטען האָבען זיי מורא, עס זאָל טאַקי זיי אליין ניט שאַדען, זיי זאָלען ניט פערשריען ווערען פאַר שונאי ציון, פאַר פעררעטער. בעהאַלטען זיי דעם אמת, שניידען זיי איהם אָרום, דעקען זיי אָפּ א טפח און פערדעקען צוויי טפחים. אנדערע ווידער האַלטען,

אז דער ציעל הייליגט די מיטלען, ערלויבען זיי זיך צו שילדערען די לאגע אין פּאלעסטינע, ניט ווי זי איז, נור ווי זיי וואָלטען וועלען, זי זאָל זיין; לאָזען זיי די פאנטאַזיע אין דער ארבייט. אויף אַזאַ'ן אופן איז בעשאפען געוואָרען א לעגענדע, אז דאָס לעבען אין די קאָלאָניעס איז א גן עדן, זאט, געזונד, צופרידען, פול מיט אידעאליזם און בע־גייסטערונג; אז אין פּאלעסטינע בליהט די אידישע צוקונפט, וואקסט א נייער איד, א גאנצער, אלזייטיגער, מיט א געזונטער נשמה אין אַ געזונטען גוף; אז פּאלעסטינע ווערט א צענטר פאר אן אלט־נייער אידישער קולטור.

אין העברעאיש קאנט איהר נאָך אמאָל געפינען אן אמת וואָרט וועגען פּאלעסטינע. קומט אזא אונאפהענגיגער מענש, ווי אחד העם, און זאָגט ארויס דעם ריינעם אמת. פאראנען אין פּאלעסטינע אַן ארבייטער־צייטונג „הפועל הצעיר" (ניט קיין פּועל־ציוניסטישע). דער „הפּועל הצעיר" איז ניט קיין רעקלאמע פאר לעזער פון גלות; דאָס איז אן אָרגאן, וועלכער וויל דינען די אינטערעסען פון די אר־בייטער אין פּאלעסטינע גופא. זיינע מיטארבייטער קאנען זיך ניט שפּילען אין מליצות. זיי מוזען נעהמען די לאגע, ווי זי איז, בעטראכ־טען די פראגען פון לעבען אָהן דעקאָראציעס און אָהן הענדשקעס. איין יאהרגאנג „הפּועל הצעיר" איז דערום גענוג צו צעשטערען לע־גענדעס, וועלכע די ציוניסטען האָבען געשפּונען יאהרען לאנג. און די מיטגלידער פון „הפּועל הצעיר" זענען ניט קיין שונאי ציון; דאָס זענען אלץ כשר'ע ציוניסטען, וואָס וועלען קיין בלבולים ניט מאכען.

דאָס איז אָבער אלץ אין העברעאיש, אין אידיש איז זעהר שווער בעקאנט צו ווערען מיט דער פאקטישער ניט־געפארבטער לאגע אין פּאלעסטינע. פאר דער מאסע טאָר מען דאָך דעם אמת ניט אויסזאגען... און אין ארץ ישראל גופא זענען קיין אידישע צייט־שריפטען ניטאָ. דאָס אידישע געדרוקטע וואָרט איז דאָרטען בכלל אין חרם. די פאָר ביכלאך „דאָס לאנד", וואָס די פּועלי־ציון האָבען ארויסגעגעבען, זענען אפילו געדרוקט אין פּאלעסטינע, אבער גע־שריבען זענען זיי פאר די ארבייטער אין חוץ־לארץ, און קיין אמת וועט איהר דאָרטען ניט געפינען. איז קיין חדוש ניט, וואָס דער לע־זער געפינט זיך אין גאנצען אין נעץ פון אילוזיעס, און ניט נור געגנער, אפילו ציוניסטען גופא ווייסען אָפט אויך ניט, וואָס עס טוט זיך אין ציון.

די לעצטע צייט האָבען זיך אין אידיש יא בעוויזען איינצעלנע

ארטיקלען וועגן דער פּאַקטישער לאַגע אין פּאַלעסטינע. די ווינ־
טיגסטע פון זיי זענען אפשר די ארטיקלען פון היערי (פּאַליעסקין).
זיי דעקען אבער אויף נור איינצעלנע טיילען פון דער לאגע, ניט די
לאגע אין גאנצען. יעקב לעווין איז דער ערשטער, וועלכער גיט א
פולשטענדיג בילד פון אלץ, וואס עס טוט זיך אין פּאַלעסטינע.

עס טרעפט, אז א געגנער הויבט אויף א ווינקעל פון'ם גע־
פארבטען פּאַרהאנג און ווייזט אייך די ניט געפארבטע ווירקליכ־
קייט, טוט ער עס צו פּאלעמיש, מיט צופיל שארפקייט, און אמאל
בויגט ער איבער דעם שטעקען אין צווייטען זייט אזוי, אז די אונ־
פּארטייאישע לעזער האבען ווייניג צוטרויען צו דעם, וואס ער בע־
ווייזט זיי, און ציוניסטען הויבען ניט אן צו גלויבען. יעקב לעווינס־
טאן איז אביעקטיוו, אהן פּאלעמיק, אהן קולות. ער גיט צו דאס
וואס מען מוז צוגעבען; אנערקענט דאס, וואס פערדינט אנערקע־
נונג. זיינע ווערטער אפּעלירען דערום צום לעזער. איהר גלויבט
איהם, איהר מוזט איהם גלויבען, ווייל ניט ער רעדט, די פאקטען
רעדען. איהר מעגט זיין ניט איינשטימיג מיט דער אדער יענער
מיינונג זיינער; איהר קאנט האבען וואס אויסצוזעצען געגען די אדער
יענע ערקלעהרונג. די פאקטען, וואס ער ברענגט, מוזט איהר אננעה־
מען. אויף זיי ליגט די חתימה פון אמת.

עס מאכט זיך, ווען די פאקטען זענען אזוי שארף, אזוי בולט,
אז אפּלייקענען זיי קאן מען ניט, שרייען די ציוניסטען, אז דאס
זענען נור צופעליגע פאקטען, פון וועלכע מען קאן גארנישט ניט
דרינגען. די פאקטען, וואס יעקב לעווין ברענגט, זענען אזוי פיל,
אזוי אלזייטיג, אזוי סיסטעמאטיש צוזאמענגעשטעלט, אז ווען דער
מחבר וואלט אפילו ניט געקומען צו קיין שום שלוס, וואלטען די לע־
זער אליין ניט ווילענדיג געדרונגען, אז „דאס לאנד פון אונזערע
אבות איז ניט קיין לאנד פאר אונז און פאר אונזערע קינדער".

איך האב געלייענט אינ'ם בוך, וואס ליגט פאר מיר, וועגען דער
נידעריגער קולטורעלער מדרגה פון די אידען, וועלכע האבען די לאנ־
גע הונדערטער יאהרען פון אונזער גלות פערבראכט אין אזיען, נאָ־
העענט צו דער וויגעלע פון אונזער געשיכטע. די אראבישע אידען,
האלב־ווילדע, פערגרעבטע, וועלכע דערמאהנען אפט אן מענשען פון
פאר'ן מבול. די פאלעסטינער ספרדים, וועלכע זענען שוין אויך שעה־
נע עטליכע הונדערט יאהר פערוואגעלט פון אייראפּע, די קאווקאזער
און בוכארער אידען — זיי האבען כמעט קיין סימן ניט פון קולטור,
ניט פון אלגעמיינע, ניט פון אידישע. געלייענט די בעשרייבונג פון
די חלוקה־אידען, וועלכע שטעהען איצטער אויף אזא מדרגה, אויף

וועלכע אונזערע אידען אין פוילען זענען געשטאנען אפשר מיט 150 יאהר צוריק. וועגען דער קולטור־לאזיגקייט פון'ם נייעם ישוב און דעם טרויריגען סך הכל, וואס יעקב לעווין מאכט: „אין פא־לעסטינע איז אין דער אמת'ן פאראן איצט ניט קיין גייסטיגער צענטער, נור קולטורעלע און גייסטיגע ארעמקייט. די גרעסטע מער־הייט, 85% פון דער אידישער בעפעלקערונג אין פאלעסטינע איז די ערגסטע, די פסלת וואס דאס אידישע פאלק פערמאגט, און פון די איבעריגע האבען א קולטורעלען אויסזעהען נור די, וואס זענען ניט לאנג אין לאנד, וועלכע האבען זיך אזוי צו זאגען נאך ניט פאלעס־טיניזירט. אלץ, וואס עס איז אפ א געוויסע צייט אין פאלעסטינע, ווערט גייסטיג ארעמער, פערגרעבטער, איינגזיכטיגער... די ערשטע קאלאניסטען זענען נאך געווען אידעאליסטען, מענשען פון העכע־רען ראנג; זייערע זיהן זענען שוין פשוט'ע פויערים, און דער איצטי־גער דור פון די קליינע קינדער זענען שוין גאר פערטעמפטע און פערגרעבטע. די געבארענע פאלעסטינער לעהרער — זענען די ערגס־טע; די פאלעסטינער פרעסע, וואס ווערט ארויסגעגעבען פון פא־לעסטינער געבארענע, איז מאקולאטור. איירפא און אמעריקע שיקען אין פאלעסטינע קולטורעלע מענשען, און די פאלעסטינער בע־דינגונגען מאכען פון זיי מיט דער צייט קולטורלאזע אריענטאלער".

איך לייען דאס אלץ און דערמאהן זיך אן די אריענטאלער בכלל, אן די ניט אידישע אריענטאלער, אונזערע אמאליגע שכנים, די אראבער. די פערסער און אלע אנדערע פעלקער, וועלכע האבען געהאט דעם שלים מזל צו וואהנען אין די פערווארפענע ווינקלאך, ווייט פון דעם ברייטען וועג פון דער געשיכטע. און עס שווימען ביי מיר ארויף געדאנקען איבער מזרח און מערב; וועגען, איבער וועלכע די געשיכטע איז געגאנגען אמאל אין די גאר אלטע צייטען, און וועגען, איבער וועלכע זי געהט די לעצטע טויזענד יאהר; פעלקער, וועלכע וואהנען ביים היסטארישען וועג און מאכען־מיט דעם גאנג פון דער געשיכטע, און פעלקער פראווינציאלען, פעלקער ישוב'ני־קעס. און קלעהר איך וועגען דעם, דוכט זיך מיר, אז מיר דארפען זיין דאנקבאר אונזער מזל, וואס האט אונז נאכ'ן חורבן ארויסגע־ריסען פון אזיען און פערפלאנצט אין איירפא און אין אמעריקע, אין קעסעל גרוב פון די היסטארישע וועלטגעשעהנישען, וואו מיר האַ־בען אנטייל גענומען אין אלע בעוועגונגען פון דער נייער צייט, גע־שאפען און געהאט די השפעה פון שאפען, וואו מיר זענען געווארען מערב־מענשען און ניט קיין מזרח־מענשען. ווען מיר וואלטען געבלי־בען היניען אין אזיען, וואלטען מיר איצט געווען אזעלכע פערשימעל־

טע, ווי די טאַטערען, ווי די אראבער. ווען מיר וואָלטען געבליבען אין די ווינקעלאך, וואָס די שכינה פון ענטוויקלונג האָט זיך פון זיי אַפּגעטהאָן, וואָלטען מיר איצט געהאט אזא פּנים, ווי די תימנים, ווי די אראבישע אידען. אונזער היסטאָרישער וועג איז געווען פער־בונדען מיט ליידען, געווים, און דאָך וואָלטען מיר זיך ניט בייטען מיט די אראַבישע אידען און מיט די אראבער גופא אויך ניט. אונז האָט די געשיכטע אָנגעטהאָן די דערנער־קרוין. זיי האָבען געהאט דערנער אָהן א קרוין.

איך זאָג דאָס געגען די אידעאליסטען פון ווינקעלע, די ראָ־מאַנטיקער פונ'ם פערשלאָפענעם מזרח, וועלכע האָבען פיינד דעם היינטיגען אידען פון אייראָפּע און אמעריקע און בענקען אזוי שטארק נאָך דעם אזיעאטישען אידען; וועלכע ווילען נעהמען אונזער לאנגע געשיכטע פון מערב און דערטרינקען אין די שווערע וואָ־סערן פון ים המלח, אריינשפּארען אין די ענגע ברעגעס פונ'ם מזרח־דיגען ירדן.

# פאררעדע:

פאר וואס און מיט וואס פאר א ציעל בין איך געפאהרען קיין פאלעסטינע?

דאס איז געווען אין 1911. איך בין דאמאלסט געווען א סטודענט אין אן אגראנאם־שולע אין פעטערבורג. און די ארומיגע בעדינגונגען זענען געווען אזוינע, אז זיי האבען מיך כמעט געטריבען אבצופאהרען פון רוסלאנד. מען האט מיך געהאט ארויסגעשיקט פון פעטערבורג. ביים דערזעהען א פאליציימאן אדער א זשאנדארם פלעג איך זיך פיהלען אמת שלעכט. ביים געדאנק אז יעדער קנעפעל קען צו יעדער צייט מיך ארעסטירען; אז איך בין קיינמאל ניט זיכער מיט מארגענדיגען טאג, מיט דער נעכסטער שעה אפילו; אז יעדע מינוט קאנען מיינע שריפטען, מיינע ביכער, אפילו מיינע בריף און די בילדער פון מיינע פריינד אריינפאלען אין די הענד פון אכראנע — פלעגט ביי מיר אוועק יעדער ווילען צו ארבייטען, צו טהון וואס עס איז. איך האב מיך דאמאלסט אזוי געפיהלט, ווי אויף מיינע הענד און פיס וואלטען שווערע קייטען געווען, און איך האב בעשטימט אבצופאהרען פון רוסלאנד.

נאך מיט א געוויסער צייט פריהער האב איך געוואלט זיך בעקאנען מיט די קולטורען פון די ווארימערע געגענדען. איך האב גראדע געהאט ניט קיין שלעכטע אגראנאמישע פראקטיק אין דער צפון־מערב׳דיגער געגענד פון רוסלאנד. איך האב אבער געוואלט זיך נעהענטער צוקוקען אויך צו די ווארימערע קולטורען. דערצו האב איך אין רוסלאנד געדארפט פאהרען אין קרים אדער אויף קאווקאז. אלס יוד אבער האב איך אהין קיין צוטריט ניט געהאט. איך האב דערפאר איצט בעשטימט אויב שוין פאהרען — איז אין אנ׳ארט מיט א ווארימערען קלימאט, וואו איך זאל קאנ׳ען בעפרידיגען מיין וואונש — נעהענטער בעקאנען זיך מיט די קולטורען פון די דאזיגע געגענדען. און איך האב זיך אבגעשטעלט אויף פאלעסטינע.

נאר עס איז געווען נאך איין אורזאכע איבער וועלכער איך האב בעשטימט אלס ארט פון מיין רייזע — פאלעסטינע. די שטאדט מיט איהר רעש און איינגעלאף, מיט איהר פערשטיקטער לופט און גרויעס פונ׳ם רויך הימעל, מיט איהר ארימקייט און לוקסוס און מיט איהר שרעקליכער עקספלואטאציע האבען מיך שוין גאנץ לאנג אבגעשטויסען פון זיך. איך האב געוואלט איינארדנען זיך ערגעץ נעהענטער צו דער נאטור, אויף דער פרייער לופט, וואו דער הימעל און די שטערען זאלען ניט זיין פערשטעלט פון מיר דורך די הויכע שטיינערנע מויערן. כדי איך זאל זיך קאנען איינ־

אָרדנען ביי דער ערד, האָב איך אויך אָנגעהויבען צו שטודירען אַג־ראָנאָמיע. נאָר איינאָרדנען זיך ערגעץ איינער אַליין, ווייט פון דער סביבה, אין וועלכער איך בין אויפגעוואַקסען, מיט וועלכער איך בין צוזאַמענגעוואַקסען און וועלכע איז מיר טייער — איך מיין פון דער אידישער סביבה — דאָס האָב איך ניט געקאָנט און ניט גע־וואָלט. איך האָב געוואָלט — אויב שוין איינאָרדנען זיך ביי ערד — איז אין אַזאַ אָרט, וואו עס קען זיך אויסבילדען אַ בעדייטענדער יודישער קאָלאָניזאַציאָנס־ישוב, וועלכער זאָל שטעהן לויט זיין קול־טורעלען אויסזעהן אויף דער הויך וועניגסטענס פון דער היינטיגער ציוויליזירטער וועלט, און וואו איך זאָל קאָנען פּאַרטזעצען אַ קול־טורעל לעבען; איז אַזאַ אָרט, וואו עס קאָן ווען עס איז ווערען דער הויפּט צענטער פון דעם יודענטום.

וואו איז אָבער דער אָרט פאַר אַזאַ ישוב?

און דאָ איז ביי מיר אויפגעקומען די פראַגע: און אפשר פּאַרט פּאַלעסטינע? אמת, די ס. ט. האָבען זיך אַלע מאָל בעצויגען נעגאַטיוו צו פּאַלעסטינע, אַלס צו אַנ׳אָרט פון יודישער קאָלאָני־זאַציע. אָבער צו האָבען זיי ווען עס איז געפּרובט אויספּאָרשען דאָס דאָזיגע לאַנד, איידער זיי האָבען זיך אָבגעזאָגט פון איהם? אפשר איז דאָך מעגליך, אַז אין פּאַלעסטינע זאָל זיך אויסבילדען אַ בעדייטענדער יודישער קאָלאָניזאַציאָנס־ישוב, אַ בעדייטענדער יודישער עקאָנאָמישער און גייסטיגער צענטער? די ידיעות וועגען פּאַלעסטינע, וועלכע איך האָב ביז דאַמאָלס געהאַט פון דער ציוו־ניסטישער פּרעסע און פון די וועניגע ביכלעך, האָבען מיר ניט גע־קאָנט געבען קיין קלאָרען ענטפער אויף דער פראַגע. צו אויבער־פלעכליך און ווידערשפּרעכענד זענען זיי געוועזן.

און איך האָב בעשטימט צו פאָהרען אין פּאַלעסטינע, כדי צו גלייך שוין בעקאָנען זיך מיט די בעדינגונגען פון דער דאָרטיגער יודישער קאָלאָניזאַציע, און מיט די אויסזיכטען, וועלכע זי האָט אויף להבא. און מיט דער האָפנונג, אַז אפשר וועל איך אין גיכען זיך שוין אָנמערקען אַנ׳אָרט, וואָס וועט ווערען מיין נייע שטענדיגע היים און מיין נייער שטענדיגער ארבייטס־פּלאַץ, בין איך אוועק־געפאָהרען קיין פּאַלעסטינע.

איך האָב אויסגעאַרבייט פאַר זיך אַ גענויעם פּלאַן, לויט וועל־כען איך האָב געזאָלט צוקוקען זיך און ערלערנען די דאָרטיגע נאַטור־בעדינגונגען, קאָלאָניזאַציאָנס־בעדינגונגען און דאָס יודישע לעבען דאָרט. און אין משך פון׳ם האַלב יאָהר אַנ׳ערך וואָס איך בין אָבגע־ווען אין פּאַלעסטינע, האָט זיך מיר איינגעגעבען צו דערוויסען ווע־גען איהר מעהר, איידער איך האָב אַליין געקאָנט ערוואַרטען. פון איין זייט די ידיעות, וועלכע זענען נויטיג אום צו בעקאָנען זיך מיט יעדער קאָלאָניזאַציע — און וועלכע איך האָב אין אַ געוויסען גראַד פּערמאָגט — און דער ווילען צו בעקאָנען זיך מיט איהר נעהענטער — וואָס איך האָב געהאַט אין אַ גרויסער מאָס — און פון דער אנדער

זיית די אפענהערציגקייט און די גרייטקייט כמעט פון יעדען יודען דארט צו דערצעהלען אייך מעהר נאך איידער איהר פרעגט, האבען מיר זעהר פיעל מיטגעהאלפען אין מיין ארבייט. איך האב אומע־טום און אלע מאל געזוכט צו קריגען די נויטיגע ידיעות אזוי צוזאגען פון דער ערשטער האנד, פון מקור, און מיר האט זיך דאס כמעט אלע מאל איינגעגעבען.

צו האט פאלעסטינע פערשטארקט די האפנונגען, וועלכע איך האב אויף איהר געלעגט — זי זאל ווערען מיין נייע פעסטע שטענ־דיגע היים, אלס אנ'ארט פאר א גרויסער יודישער קאלאניזאציע?

איך בין געווען אין פאלעסטינע אין די אלע ערטער, וואו עס זענען נאר פארהאן וויפיעל עס איז יודען; דעם גרעסטען טייל פא־לעסטינע : פון עקרון ביז פתח־תקוה, פון הדרה ביז אטליט, פון מרחביה ביז מעטולע און פון יפו ביז ירושלים—בין איך דורכגעגאנ־גען צופוס, אפט צו עטליכע מאל. אומעטום האב איך זיך צוגעקוקט, פונאנדער געפרעגט, צונויפגעקליבען די פערשיעדענע סטאטיסטישע ידיעות און בכלל אנגעזאמעלט א גרויסען מאטעריאל וועגען די פער־שיעדענסטע זייטען פונ'ם יודישען לעבען און דער אידישער קאלא־ניזאציע אין פאלעסטינע. דאס ביכעל, וואס ליגט דא פאר'ן לעזער שטעלט פאר די בעארבייטונג פון דעם דאזיגען מאטעריאל און דארף געבען אנ'ענטפער אויף דער פראגע, וואס איך האב געשטעלט.

צוערשט האט פאלעסטינע מיט איהר שעהנער נאטור, מיט איהרע נייע פאר מיר בעדינגונגען און פארמען פון לעבען געמאכט אויף מיר זעהר א גוטען איינדרוק. נאר וואס נעהענטער איך האב זיך צוגעקוקט, וואס מעהר איך האב דערזעהן דעם וואך פון פאלעס־טינער לעבען, וואס טיעפער איך בין אריינגעדרונגען אין דעם אנא־ליז פון דער דארטיגערווירטשאפט, בכלל וואס גענויער איך האב זיך בעקאנט מיט דעם דארטיגען לעבען, אלץ שוואכער איז געווארען דער ערשטער גוטער איינדרוק, און אלץ מעהר בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז דאס לאנד פון אונזערע אבות איז ניט קיין לאנד פאר אונז און פאר אונזערע קינדער. און מיט א צושטערטער האפענונג האב איך פערלאזען דאס לאנד.

ניו יארק, מאי, 1916.

דער פערפאסער.

I.

# די יודישע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע.

ווי מען זאָל ניט קוקען אויף דער יודישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינא, צי ווי אויף אַן אָנהויב פון אַ קומענדיגען יודישען עקאָנאָמישען צענטר, צי נור ווי אויף איינעם פון די קאָלאָניזאַציאָנס־פּרובען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען די לעצטע 30 יאָהר, — מוז די דאָזיגע קאָלאָניזאַציע אַרויסרופען דעם גרעסטען אינטערעס ביי אַלע, וואָס אינטערעסירען זיך בכלל מיט יודישער קאָלאָניזאַציע. דאָס, וואָס עס איז שוין אָבגעטון געוואָרען אין פּאַלעסטינע, קאָן אונז דיענען, אַלס בעוויז, ווי ווייטער — ביי די קומענדיגע קאָלאָניזאַציאָנס־אונטערנעמונגען — צו טון, און נאָך מעהר ווי און וואָס ניט צו טון. סיי די פּאָזיטיווע זייטען פון דער פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע, סיי די נעגאַטיווע — און איהרע פעה־לער אָפּטמאָל נאָך מעהר, איידער איהרע פערדיענסטען — קאָנען דעם יודישען פּאָלק ביי זיין ווייטערדיגער קאָלאָניזאַטאָרישער אַר־בייט דיענען פאַר דער בעסטער לעהרע: עס איז אַ התראה ניט איבערצו׳חזר׳ן יענע פעהלערן, וואָס מען איז דאָרט בעגאַנגען און וואָס זענען דאָרטען געווען, ווי שטיינער אויפ׳ן וועג. אויספאָרשען די דאָזיגע קאָלאָניזאַציע אין איהר געגענוואָרט און געשיכטע מוז זיין איינע פון די פאָרבעדינגונגען פאַר איטליכער ווייטערדיגער יודישער קאָלאָניזאַציע אין וואָסער אָרט דאָס זאָל ניט זיין.

.1

## דער צושטאַנד פון דער קאָלאָניזאַציע

די פּאַלעסטינער יודישע קאָלאָניזאַציע האָט שוין אַ גאַנץ בכבוד׳יגען עלטער. ווען מען זאָל ניט רעכענען די פערמעס, וואָס זענען אַ פּראָדוקט פון דער ציוניסטישער אַרבייט פון די לעצטע 7 יאָהר, און די קליינע קאָלאָניעס: כנרת, מצפה, עין־גנים און באר־יעקב, וואָס זענען גאָר די לעצטע עטליכע יאָהר געגרינדעט געוואָרען, צעהלט אַ גאַנצע רייה קאָלאָניעס אין דעם אונטערשטען גליל זייערע יאָהרען שוין אויפ׳ן צווייטען צעהנדליג, פיעל קאָלאָניעס אין יהודה, שומרון און אין דעם אויבערשטען גליל שוין אויפ׳ן דריטען צעהנד־ליג, און איניגע: פתח־תקוה, ראשון, ראש־פנה און זכרון, זענען שוין אפילו אַלט אַ יאָהר 30 און מעהר.

און דאָך, קוקט מען זיך גוט צו צו די אַלע פּאַלעסטינער קאָלאָניעס — מוז מען, צום בעדויערן, קאָנסטאַטירען, אַז זיי שטע־הען נאָך עד היום ניט אויף אַ פעסטען באָדען, אַז פיעל פון זיי האָ־בען נאָך איצט אויך קיין כח צו לעבען אָהן אויסוויינינגסטער הילף,

און איינינע רוקען זיך אפילו ביסלעכווייז סיסטעמאַטיש אַראָב אַלץ נידעריגער, צום אונטערגאַנג. פאַרהאַן פיעל קאָלאָניעס, וואָס מאַכען דעם איינדרוק פון קריפּעלהאַפטיגע בעשעפענישען, וועלכע זענען קינסטליך אַרויסגערופען געוואָרען צום לעבען און זענען פערשטאַרט און פערגליווערט געוואָרען, אָדער האָבען גאָר אָנגעהויבען צו גוסס'ען, ווי נור עס האָט אויפגעהערט דער גאָלד־רעגען, וואָס עס האָט זיך געגאָסען איבער זיי פון דעם באַראָנס אוצרות אָדער פון אַנדערע קוועלען, און ווען זיי האָבען זיך געדאַרפט שטעלען אויף די אייגענע פיס.

אין פיעל קאָלאָניעס האָבען זיך פאַר די 8 יאָהר, זינט די אַדמיניסטראַציע האָט אויפגעהערט צו געבען רעגולערע תמיכה, אומגעביטען די קאָלאָניסטען פון פיעל ווירטשאַפטען שוין עטליכע מאָל. אַזוי האָט זיך אין סעדזשערע פאַר די 9 יאָהר, וואָס זי עקזיסטירט, שוין אומגעביטען 30 קאָלאָניסטען. אין מעטולע, בית־גן, כנרת, מעסחא זענען פאַראַן ווירטשאַפטען, וואו די קאָלאָניסטען האָבען זיך געביטען שוין צוויי, דריי מאָל, און אין יעמאַ — אַפילו וואָס פיער מאָל. עס האָט זעהר פיעל מאָל געטראָפען די לעצטע יאָהרען, אַז אַ קאָלאָניסט איז אָב אין אַ קאָלאָניע אַ יאָהר, צוויי, דריי און דערנאָך לאָזט ער אַוועק די ווירטשאַפט און אַנטלויפט. עס זענען דערפאַר אין אַ סך ערטער איצט אויך פאַרהאַן פרייע ווירטשאַפטען: אין יעמאַ ביז 12, אין מחנים א 6, אין מעטולע 5, אין בית־גן 5, אין סעדזשערע 3*).

---

*) די ציפער, וואָס איך גיב דאָ אָן און ווייטער, האָב איך גענומען פון פאָלגענדע מקורים: וועגען דער גרויס פון באָדען, הוצאות פון די קאָלאָניעס, רעגירונגס־שטייערן, וועגען די צאָהל קאָלאָניסטען, פרייע ווירטשאַפטען וכדומה האָב איך בעקומען ידיעות ביי די וועדים פון די קאָלאָניעס, איבערגעשריבען פון זייערע ביכער; די באַלאַנסען פון די באַיאַדערס (שייערס) האָב איך בעקומען ביי די קאָלאָניסטען על פּי רוב אויסגעשריבען פון זייערע נאָטיץ־ביכלעך, וואו עס זענען מיט דער גרעסטער גענויקייט פערצייכענט אַלע הוצאות און הכנסות פון שייער; ידיעות וועגען דער תבואה גערעטעניש פאַר פיעל יאָהרען, וועגען דעם צושטאַנד פון די קאָלאָניסטען. וועגען דער בעציהונג פון דער יק"א אַדמיניסטראַציע וכדומה — האָב איך גענומען פון די ערצעהלונגען פון פיעל קאָלאָניסטען אין יעדער קאָלאָניע בעזונדער. איך האָב זיך געסטאַרעט פון זייערע אַלעמענס ערצעהלונגען, וואָס פלעגען אָפט האָבען פערשיעדענע וואַריאַנטען, אַרויסנעמען דאָס, אין וואָס זיי פלעגען זיך אַלע צונויפגעהן און וואָס עס האָט מיר געדוכט צו זיין מעהר קרוב לאמת. צו דער לאַגע פון דער ווירטשאַפט און פון דער אַרבייט, צום לעבען פון די קאָלאָניסטען וכדומה האָב איך זיך פערזענליך צוגעקוקט און געסטאַרעט צו ערלערנען. די אַלע געבראַכטע ידיעות און ציפער, וואָס וועגען זיי איז, ניט אָנגעגעבען קיין אַנדער דאַטע, זענען פון יאָהר תרע"א.

אין פיעל קאָלאָניעס איז פאַר די לעצטע 8 יאָהר די צאָהל פון די קאָלאָניסטען ניט נור ניט פערגרעסערט געוואָרען, נאָר אפילו בעדייטענד פערקלענערט געוואָרען. אזוי איז אַמאָל אין מעטולע געווען עטליכע און פערציג קאָלאָניסטען, איצטער נור 32. אין יע־מא איז געווען 46, איצט נור 34. אין בית־גן געווען 16, איצט 11. אין מוצא געווען 12, איצט נור 5. אין קאסטינע געווען 19, איצט נור 12.

דאָס לעצטע יאָהר זענען אוועקגעפאָהרען אין אויסטראַליען אָדער ארגעטינע: פון מעטולע 2 קאָלאָניסטען, פון יעמאַ 1, פון קאסטינע 1, פון עקרון 5. פערלאָזען זייער ווירטשאַפט און אוועק־געגאַנגען ערגיץ זוכען ארבייט אין לאַנד האָבען: אין קאַסטינע 2, אין סעדזשערע 1, אין מעסחא 3, אין ראש־פּנה 3,; אין מחנים זענען אוועק אַלע פאַמיליעס פון די גרוזינער קאָלאָניסטען.

נאָך גרעסער איז די צאָהל פון די, וועלכע האָבען אין אנהויב פון יאָהר תרע"ב ניט געהאַט, מיט וואָס ארויסצוגעהן צו דער אַר־בייט און וועלכע האָבען נור אַ דאַנק דער נייער הילף פון דער אַד־מיניסטראַציע געקאָנט פערזייהען זייערע פעלדער. אזוי האָט מען צום סוף פון יאָהר תרע"א ביי אַלע מעטולער קאָלאָניסטען אַבגענו־מען זייער גאַנצען שייער פאַר'ן חוב, און עס איז דאָרט ביי אַלעמען, אויסער דרייען, ניט געבליבען, מיט וואָס צו דער ארבייט צוצוטרע־טען. און ערשט נאָכדעם, ווי די אַדמיניסטראַציע האָט אויסגע־האָלפען — איינעם מעהר, דעם אַנדערן ווייניגער — זענען זיי ארויס אַקערן. די סעדזשערער קאָלאָניסטען (אויסער צוויי) האָבען דאָס יאָהר געמאַכט אַ שטרייק און דערקלערט, אַז זיי האָבען ניט, מיט וואָס אַרויסצוגעהן צו דער ארבייט, און די אַדמיניסטראַציע האָט זיי אויך געמוזט אויסהעלפען. אין ראש־פּנה האָבען דאָס יאָהר ניט געהאַט מיט וואָס אַרויסצוגעהן צו דער ארבייט, 6 קאָלאָניסטען, אין מעסחא 5, אין מצפה כמעט אַלע.

און די דאָזיגע ערשיינונג איז ניט אַ פּראָדוקט פון אַן אונגע־וועהנליכער ניט־געראָטעניש; ווייל דאָס יאָהר תרע"א איז גראָד גע־ווען ניט קיין שלעכטס. אזוי צ. ב., איז דער מיטעלער איינטראָג פון ווייץ אין סעדזשערע 6—7 מאָל. און דער איינטראָג פון איינ־ציגע קאָלאָניסטען פאַר'ן יאָהר תרע"א ווייזט:

נ—וו פון 9 כלי'ס אראָבגענומען 64 כלי'ס ד. ה. 7,1 מאָל
ה—ד פון 8 כלי'ס אראָבגענומען 60 כלי'ס ד. ה. 7,5 מאָל
מ—ד פון 10 כלי'ס אראָבגענומען 93 כלי'ס ד. ה. 9,3 מאָל

אין יעמאַ איז דער מיטעלער איינטראָג 7—8 מאָל, און אין תרע"א איז געווען:

ביי נ—ם פון 28 כלי'ס — 220 כלי'ס ד. ה. 7,85 מאָל
ביי מ—וו פון 15 כלי'ס — 120 כלי'ס ד. ה. 8 מאָל
ביי ש—ץ פון 15 כלי'ס — 140 כלי'ס ד. ה. 9,3 מאָל

און דאָס אייגענע אין אַנדערע קאָלאָניעס. די אַנגעוויזענע ערשיינונג חזר'ט זיך איבער פון יאָהר צו יאָהר און דריקט יעדעס יאָהר צו אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע צאָהל קאָלאָניסטען.

נאָך וועניגער אויסנאַמליך וועט די דאָזיגע ערשיינונג אויס־זעהן, ווען מיר וועלען בעטראַכטען די לאַגע פון דעם גרויסען רוב פון דעם קאָלאָניסטען־עולם ביים ארויסגעהן צו דער ארבייט. ווען דער קאָלאָניסט דרעשט אָב סוף זומער זיין תבואה, הויבט ער אָן זיך פונאַנדערצוצאָהלען מיט די חובות. נאָכדעם, ווי מען טיילט ביי איהם אָב דעם עשור (איין אכטעל פון דער גאַנצער תבואה־שטייער פאַר דער רעגירונג), און ער טיילט נאָך אָב אַ חלק פון דער תבואה די אראבישע ארבייטער פאַר דער ארבייט, הויבט ער אָן צו פערקויפען פון די איבערגעבליבענע און צאָהלט פריהער פאַר אַלץ איין דעם חוב אין באַנק, דערנאָך קאָלאָניע שפּייזען (הוצאות המושבה), און דאַן אין קראָם. דאָס גאַנצע יאָהר האָט דערנאָך גע־וועהנליך דער קאָלאָניסט גאָרנישט צו פערקויפען און ער זעהט זעל־טען ווען אַ מזומנ'ע מטבע אין די אויגען. איהם קומט דערפאַר אויס דאָס גאַנצע יאָהר צו באָרגען. ווען ביי איהם בלייבט נאָך דעם אַלעם איבער נור תבואה אויף זריעה, ווייזט אויף דאָס יאָהר אויף ברויט און גערשטען פאַר די פערד, איז ער שוין פון די רייכע קאָלאָניסטען. געוועהנליך בלייבט אָבער ניט גענוג אויף די אַלע דריי זאַכען. און אָפט טרעפט, אַז אויף צו בעצאָהלען די חובות קומט איהם אויס צו פערקויפען אפילו דעם גאַנצען שייער און דער־נאָך, ווען ער בעקומט אין אַ חודש אַרום ווידער אַ מאָל אַ הלואה אין באַנק, קויפען צוריק די אַלע דריי זאַכען. אָדער אַ טייל פון זיי. ברענגען ביישפּיעלען דערצו איז איבעריג, ווייל דאָס טרעפט יאָהר־יעהרליך ביי דער גרעסטער העלפט קאָלאָניסטען. פון די סעדזשע־רער קאָלאָניסטען שיטען זעהר פיעל כמעט יעדעס יאָהר אריין זייער גאַנצען שייער צו דער אַדמיניסטראַציע אין די זאַסיעקעס, און שפּע־טער, ווען זיי בעקומען פון דאָס ניי אַ הלואה, קויפען זיי צוריק ביי דער אַדמיניסטראַציע. מעהר נישט, זיי צאָהלען דערביי דעמזעל־בען מקח, וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט גערעכענט ביים צונעמען די תבואה ביי זיי; און אין אַנדערע קאָלאָניעס, וואו מען פערקויפט און מען קויפט ביי פּריוואַטע סוחרים, קומט אויס צו צאָהלען ביים איינקויפען אויף זריעה און עסען פיעל טייערער, איידער מען האָט מיט עטליכע וואָכען צוריק גענומען ביים פערקויפען. אָפט טרעפט אָבער אויך, אַז דער גאַנצער שייער איז ניט גענוג אויף צו בעצאָה־לען די חובות אַליין. בעקומען אַ נייע הלואה איז דאַן שוין שווער, און עס קומט שוין אויס אַנצוקומען צו די הילף פון דער אַדמיניס־טראַציע. אַזוינע קאָלאָניסטען, וואָס זאָלען נאָכ'ן פונאַנדערצאָה־לען זיך קאָנען צוגעהן צו דער ארבייט אָהן אַ נייער הלואה, איז פאַרהאַן זעהר וועניג. ביים רוב קאָלאָניסטען איז די גאַנצע ארבייט פון יאָהר און דער גאַנצער איינטראַג שוין פאַראויס פער'משכנ'ט.

אין איינינגע קאָלאָניעס איז די לאַגע נאָך ערגער און אונזיכערער דורכדעם, וואָס די קאָלאָניסטען געהען דאָרט פון יאָהר צו יאָהר אריין אַלץ אין גרעסערע חובות, וועלכע עס ווערט זיי אַלץ שווערער אויסצוצאָהלען. און וויי̇ל די אַנגלאָ־פּאַלעסטינע־באַנק פּאָדערט יעדעס יאָהר פּינקטליך און שטרענג איהר חוב און לייהט ניט אויס קיין נייע געלד, וואו דער אלטער חוב איז ניט גע׳סלוק׳ט איינגאַנצען, מאַכען די קאָלאָניסטען געשעפט מיט די יק"א־הלואות אָדער, וואָס עס איז פיעל ערגער, זיי געהען אריין אין חובות צו פּריוואַטע וואָכערניקעס און צאָהלען אָפט ביז 20 און אפילו ביז 30 פּראָצענט און העכער. אַזוי האָבען די משמר׳ער קאָלאָניסטען שוין אויפגעגעסען א 3000 פר. פון די 4500, וואָס די יק"א האָט זיי געגעבען אויף צו גרינדען א מלוה. די עקרון׳ער זענען איצט שולדיג ביז 120,000 פראנק, און דער גרעסטער טייל פון די חובות איז אויף הויכע פּראָצענטען. דאָס זעלבע איז אויך אין קאַסטינע, וואו די קאָלאָניסטען זענען אויסער זייער חוב אין אנגלאָ־פּאַלעסטינע־באַנק, נאָך שולדיג פּריוואַטע לייט, אפילו אראבער, פיעל געלד אויף זעהר הויכע פּראָצענטען. פון די מעטולער קאָלאָניסטען איז יעדער פערשולדיגט וועניגסטענס אויף 1000—2000 פר.„ אויסער די אַדמיניסטראַציאָנס־חובות. אין גדרה האָט דער קרעמער דערקלערט, אז ער פערמאַכט די קראָם, ווייל די קאָלאָניסטען האָבען זיך ביי איהם שטאַרק פערשולדיגט און גיבען ניט אָב. אין יסוד־המעלה, אין מעטולע, אין סעזשערע, טייליוויז אויך אין מעסחא, האָבען די קרעמער אויפגעהערט צו געבען אויף באָרג, ווייל די קאָלאָניסטען זענען זיי שוין זעהר פיעל פערשולדיגט, און ווייל זיי ווייסען — זאָגען די קרעמער — אז ביים בעסטען ווילען פון די קאָלאָניסטען וועלען זייערע חובות געהן פערפאַלען. איך רעד שוין ניט וועגען די גאָר גרויסע חובות, וועלכע די קאָלאָניסטען זענען שולדיג דער אַדמיניסטראַציע אָדער די חובבי־ציון פאר׳ן איינאָרדנען.

אויף דער אומפעסטקייט פון די קאָלאָניעס ווייזט אויך אָן דער פאַקט, וואָס די יוגענד צעפאָהרט זיך פון זיי. אויסער פתח־תקוה און טיילווייז זכרון־יעקב, בעגעגענט איהר ניט אין די קאָלאָניעס קיין יונגע מענשען. אין ראשון, למשל, מיט איהר בעפעלקערונג פון מעהר ווי 900 מענשען זענען געווען געבליבען, ווען איך בין דאָרט געוועזען, נור צוויי קאָלאָניסטישע זיהן — די פאַפּירמייסטערס; האָבען זיי זיך שוין אויך געגרייט אוועקצופאָהרען. ווען איהר קוקט זיך דאָרט צו א פרייטאָג צו־נאַכט צום שפּאַצירענדיגען עולם אין גאָס, בעמערקט איהר נור א שורה פון א 10 יונגע לייט א ר ב י י ט ע ר, און דער גאַנצער איבעריגער גרויסער יונגער עולם זענען — מיידלעך. אין ראש־פּנה זענען צווישען א גרויסער גרופּע מיידלעך, וועלכע קומען אויף די אבענד־קורסען, פאַראַן נור 2—3 בחורים. און דאָס זעלבע אין אלע איבעריגע קאָלאָניעס. ווי עס וואַקסט נור אונטער א זוהן ביי א קאָלאָניסט, פאָהרט ער אוועק

אין אויסטראליען, אין ארגענטינע, אין אמעריקע. און צוזאמען מיט די יונגע ליים געהט אויך אוועק דאס לעבען פון די קאלאניעס, זיי ווערען „מושבי־זקנים'ס", לויט אחד־העם'ס אויסדריק. ווען די לאגע פון די קאלאניסטען וואלט געווען פעסט, און זיי וואלטען מיט איהם צופריעדען געווען, וואלטען אויך זייערע קינדער מיט זיי פערבליבען. איצט אבער ווען די קינדער הערען נאך פון קינדרוויין אן נור די שטענדיגע קלאגערייען פון זייערע עלטערן אויף זייער ביטערן מזל, וואס זיי זענען אמאל קאלאניסטען געווארען, קומט ביי זיי אפילו קיינמאל ניט אויף דער אידעאל — קאלאניסטען צו ווערען. און די עלטערן אליין ווינשען אויך גארניט, זייערע קינדער זאלען ניט מעהר זיין, ווי קאלאניסטען, און זאלען דארפען לעבען, ווי זיי, אין דחקות און אין נויט. און וואס עס איז נאך וויכטיגער — די אויפגעוואקסענע קינדער האבען ניט ביי וואס איינצואר־דענען זיך. בלייבען נעבען די עלטערן איז אוממעגליך, ווייל די ווירטשאפט דערנעהרט קוים איין פאמיליע; און ווענען אבשפארען געלד צוליעב איינארדענען די קינדער ערגעץ אין אן אנדער ארט — קאן גאר ביים גרעסטען רוב קאלאניסטען קיין רייד ניט זיין.

אינטערעסאנט און סימפטאמאטיש איז אויך די בעציהונג פון די קאלאניסטען צו זייערע קרובים אין גלות. זעהר פיעל מאל קומט אייך אוים צו הערען, אז די בעציהונגען האבען זיך צווישען זיי איבערגעריסען. און די סבה איז, וואס יענע, אנהערענדיג זיך פיעל ווענען די גליקען פון די פאלעסטינער קאלאניסטען, פלעגען אנ־פרעגען, צי זאלען זיי אויך קומען קיין ארץ־ישראל, און זייערע פא־ליסטינע פריינד פלעגען זיי געווענליך דערפון אבשלאגען, ווייל אלס גוטע פריינד האבען זיי ניט געוואונשען זייערע קרובים צו קומען צו אזא קלאגעדיגער לאגע ווי זיי. און יענע פלעגען מיינען, אז די קאלאניסטען פרעגינען זיי ניט דאס גליק, וואס זיי אליין גענימען, און פלעגען ברגז ווערען און אויפהערען צו שרייבען. „ווען אונז וואלט זיך דא געלעבט גוט — זאגען די קאלאניסטען — וואלטען מיר זיי אויך גערופען אהער. אבער איצט, ביי אזא לעבען — צו וואס רופען זיי?"

און דאס לעבען פון די קאלאניסטען איז באמת א קלאגעדיגעס. זייערע הייזער בעשטעהען אפילו על פי רוב פון 2—3 חדרים; און ביי פיעל קאלאניסטען איז אין שטוב גאנץ שען צוגעקליבען: רייז, די בענק מיט ווייסע ציכלעך בעצויגען; אויפ'ן קאמאד א שפיגעל, א וועקזייגער; אויף די ווענט פאטאגראפיעס, א בילד פונ'ם באראן, א מזרח. נאר דאס אליז ווייזט נאך גארניט אויף דער פערמעגליכ־קייט פון די קאלאניסטען. ווייל דאס הויז האט די אדמיניסטראציע געבויט אויף איהר חשבון און לויט איהר פערשטאנד, על פי רוב נאך איידער דער קאלאניסט איז געקומען אין קאלאניע; און אונטער די ווייסע ציכלעך קאנען זיין פשוט'ע הארטע ניט געפארבטע טאפ־בורעטען אדער גאר א פאר ברעטלעך אויף קעסטלעך אוועקגעלעגט.

דער אויסזעהן פון דער שטוב ווענדט זיך מעהר פון דער בריה'שאַפט פון דער בעל־הבית'טע, איידער פון איהר פערמעגליכקייט. און ניט איין מאָל שוין האָט א „געעהרטער" פאַרבייפאַהרענדיגער גאַסט דאָס הויז, א דאַנק דער בריה'שאַפט פון דער בעל־הבית'טע, צו די רייכע צוגערעכענט, ווען אין שטוב איז קיין שטיקעל צוקער ניט געווען, קיין ברויט ניט געווען.

דער עסען פון די קאָלאָניסטען איז זעהר פשוט און אָרים: עטליכע זיתונעס (איילבערטען) צום ברויט, א טאָמאַטע, א ציבעלע אָדער אַן אנדער גרינס; ארבעס, פאַסאָלעס, אָדער רייז מיט בוימעל — דאָס זענען די קאָלאָניסטישע אכילות. אין פיעל קאָלאָניעס ווייסען די קאָלאָניסטען גאָרניט פון קיין רינדערנע פלייש; אין א סך ערטער קוילעט מען נור אויף שבת א הוהן אָדער א פּאָר טייבעלעך. מילכיגס האָבען די קאָלאָניסטען ניט פיעל, און דאָס נור א 5—6 חדשים אין יאָהר. די איבעריגע צייט קאָן מען אפילו א גלאָז מילך זעלטען בעקומען. אייגענע גרינס האָבען די קאָלאָניסטען געוועהנליך נור די עטליכע פריהלינגס־מאָנאַטען.

אויף וויפיעל עס איז גרויס די הוצאה פון דעם קאָלאָניסט אויף אלץ, וואָס איהם קומט אויס צו קויפען, קאָנען אונז ווייזען פאָלגענדע ציפערן. אין מלחמיה, וועלכע איז איינע פון די פעסטסטע קאָלאָניעס, וואו דער מיטעלער איינטראָג פון תבואה איז דער העכסטער אין גאַנץ גליל, נעהמט יעדע קאָלאָניסטישע פאַמיליע אַן אין דורכשניט פאר'ן יאָהר אין זייער שותפישער קראָם ביז 600 פר. (210 רובל) אויסער אוף קליידער. געהט אין דעם דאָזיגען סכום אריין ביז 200 פר. אויף ווירטשאַפטליכע זאכען, ווי פערשיעדענע אייזענוואַרג (אפילו מעסערס צו די אקעראייזענס), שטריק, שמירעכץ פאר די רעדער וכדומה און א 40—80 פר. (אָפט נאָך מעהר), וועלכע דער קאָלאָניסט, וואָס האָט קיין מזומן געלד ניט, גיט זיינע אראבישע ארבייטער אין קראָם־קוויטלעך, וואָס ער, דער קאָלאָניסט, בעקומט אין ועד אויף באַרג יעדען מאָנאַט אויף 40 פראַנק. און צווישען די איבעריגע זאכען, וואָס זיי נעמען אין קראָם, איז ביי פיעל קאָלאָניסטען איינער פון די גרעסטע הוצאות־ארטיקלען — מעהל אויף ברויט. אין אַנדערע קאָלאָניעס איז די קויף־קראַפט פון די קאָלאָניסטען נאָך ניט אין אַ ערך שוואַכער.

עס איז נאָך אינטערעסאַנט צוצוקוקען זיך צו דעם, וואָס די קינדער ברענגען מיט זיך אין גן אָדער אין שולע צום איבערבייסען. זעלטען ווען איהר בעמערקט צום ברויט אַן איי, נאָך זעלטענער א ביסעל מילך. געוועהנליך ברענגט דאָס קינד א ברעקיל כאַלוואַ 4—5 זיתונעס, א געבאַקטען קאַרטאָפעל, א שטיקעל צוקער, א שטיקעלע הערינג, אָדער זיי עסען גאָר ברויט מיט נישט. דערפאַר זעהען די קינדער געוועהנליך זעהר שלעכט אויס, און די עלטערע, איבערהויפט די פרויען, זענען אויך על פי רוב אָבגעצעהרט און אויס־

נעמאַגערט, וואָס עס וואַרפט זיך פּשוט אין די אויגען אין פיעל ער־טער.

און אין אַזאַ שווערער לאַגע געפינען זיך די קאָלאָניסטען כמעט אין אַלע קאָלאָניעס, סיי אין די, וועלכע פערנעמען זיך אויסשליס־ליך מיט פעלד־ארבייט, ווי קאַסטינע, יעמאַ, מעטולע און אַנד., סיי אין די, וואו די ווירטשאַפט איז אַ געמישטע (פעלדארבייט צוזאַמען מיט פּלאַנצונגען), ווי גדרה, עקרון, ראש־פּנה, און אַנדערע. אין גדרה קאָנט איהר נאָך היינטיגען טאָג געפינען פיעל קאָלאָניסטען — איינינע אויך פון די ביל"ו — וואָס זענען גרייט צו פערקויפען זייער ווירטשאַפט און אוועקגעהן. אין עקרון זענען נור פאַרהאַן 3—5 קאָלאָניסטען, וועמעס לאַגע עס איז פעסטער. אין ראש־פּנה האָט מיר דער יק"א אַדמיניסטראַטאָר, ה. קאַלוואַריסקי, אליין מודה געוועזן, אַז אַ העלפט פון די דאָרטיגע קאָלאָניסטען לעבען שלעכט. און ווען איהר וועט אויף די קאָלאָניסטען, אַז עס זענען כמעט אין יעדער קאָלאָניע פאַרהאַן איינינע מעהר פערמעגליכע און אפילו רייכע, און איהר ווילט דערביי דרינגען, אַז די איבעריגע קאָלאָניס־טען זענען אַליין שולדיג אין זייער אָרימקייט, איילען די בעשולדיג־טע אייך באַלד צו ברענגען די נאָהענטע סבות פון דער פערמעגליכ־קייט פון יענע איינינע. אַזוי ווייזען אייך, למשל, אַז אַלע יעמער, אַז פון די עטליכע מעהר פערמעגליכע קאָלאָניסטען זייערע האָט איינער צונויפגעקליבען זיין פערמעגען פון דער קראָם, וואָס ער האָט אין קאָלאָניע, דער אַנדערער באַקט ברויט, דער דריטער האָט אַ האָטעל, דער פערטער האַלט קעסטניקעס, און נאָך איינעם שיקט צו דערזוהן פון אַמעריקע. אין מלחמיה ווייזען אַן די קאָלאָניסטען, אַז איינער פון די רייכערע איז אַ רימער און פערדינט פון דער אַר־בייט; דער צווייטער פערוואַלטעט נאָך די ווירטשאַפט פון אַ שוואָ־גער וועלכער איז אַליין אין אַמריקע; דער דריטער פערדיענט מיט זיינע פּרדות אַן דער זייט. אין ראש־פּנה זענען איינינע איצטיגע קאָלאָניסטען אַמאָל געוועזן מקורבים ביי דעם באַראָנס אַדמיניסטראַ־ציע און אַזוי זענען געוועהנליך ניט אוועקגעגאַנגען מיט ליידיגע הענד. איינער האָט נאָך עד היום חן אין די אויגען פון דער אַד־מיניסטראַציע און בעקומט ביי איהר פאַר אַ זעהר נידעריגען פּרייז פיעל ערד אין אַרענדע. נאָך איינער איז געוועזן אוועקגעפאָהרען אין דרום אַפריקע, האָט דאָרטען אָנגעקליבען געלד און איז דערנאָך צוריקגעקומען און אָרדענט איין אויף די געלד אַ פעסטע ווירטשאַפט. און אַזוי איז אויך אין אַנדערע קאָלאָניעס. יענע אָבער, וואָס האָבען ניט קיין זייטיגע פערדיענסטען — און זייטיגע פערדיענסטען קאָנען ניט אַלע האָבען — און וואָס דאַרפען לעבען נור פון דער ערד אַליין, יענע לעבען געוועהנליך אָרים, ביי זיי איז די ווירטשאַפט געוועהנ־ליך ניט פעסט.

און אין אַזאַ שלעכטער לאַגע בעגעגענט איהר ניט נור די קאָלאָניסטס, וואָס האָבען געמאַכט קאָנטראַקטען מיט דער יק"א, ווי

יעמא, מעסחא, מלחמיה, אטליט, מצפה און אנדערע, און וואו די קאָלאָניסטען דאַרפען איינצאַהלען יעהרליך דער אַדמיניסטראַציע א געוויסע סומע. די לאַגע איז אַזאַ אויך אין יענע קאָלאָניעס, ווי יסוד, עקרון, מעטולע, און אנדערע, וואו די קאָלאָניסטען האָבען נאָך קיין קאָנטראַקטען ניט געמאַכט און צאַהלען דער אַדמיניסטראַציע גאָרנישט; אויך אין גדרה און קאסטינא, וועלכע צאַהלען אויך גאָרנישט אויס די חו"צ, וואָס האָבען זיי איינגעאָרדענט און געשטיצט. אויך דאָ, וואו מען האָט שוין געמאַכט קאָנטראַקטען, האָט יק"א געוועהנליך געשאָנקען די קאָלאָניסטען א גרויסען טייל פון זייערע חובות און האָט פעררעכענט זייער גאַנצע ווירטשאַפט: דעם באָדען, די געביידעס, דעם לעבעדיגען און טויטען אינווענטאַר, וואָס זיי האָבען אַלע צו דער אָדער יענער צייט בעקומען פון דער אַדמיניסטראַציע. נור אין 12,500 פר., און זיי קומט אויס צו צאַהלען די ערשטע 5 יאָהר יעהרליך סך הכל צו 250 פר. שוין דעם פּראָצענט (2%) צוזאַמען מיט דער אַמאָרטיזאַציע.

און די לאַגע איז אַזאַ ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס אין א סך קאָלאָניעס האַלט נאָך די אַדמיניסטראַציע איצט אויך סיסטעמאַטיש אונטער די קאָלאָניסטען דורך אָהנפּראָצענטיגע אָדער קליין־פּראָצענטיגע הלוואות און וואָס זי נעהמט אויף זיך כמעט אין אַלע קאָלאָניעס א גרויסען טייל פון אַלע קאָלאָניאַלע כלל'ישע הוצאות. אזוי האָט די אדמינסטר. בעצאָהלט פאר די קאָלאָניסטען אין מעסחא פאר'ן מאכען די קאָנטראַקטען זייערע חובות 16,000 און געגעבען זיי 10000 פר. אויף א קאָלאָניע־מלוה אויף 4 פּראָצענט און 12,000 פר. האָט זי זיי געשאָנקען אויף א וואַסער־לייטונג. אין מלחמיה האָט זי געגעבען די קאָלאָניסטען אַ הלואה פון 18,000 פר. און 3000 פר. אָהן פּראָצענט אויף דער גרינדונג פון דער שותּפ'ישער קראָם און 3000 פר. געשאָנקען אויף דער וואַסער־לייטונג. אין יסוד האָט זי געגעבען אויף אַ מלוה 16,000 פר. אָהן פּראָצענטען, אין משמר — 4500 פר. א. אז. וו. אין יסוד גיט די אדמיניסטראַציע אויף קאָלאָניאַלע הוצאות (אויף דעם מעדיצינישען פּערסאָנאַל, אַפּטייק, און שמירה פון דער קאָלאָניע) 4500 פר. און האַלט אויס די שולע — 6000 פר., און די קינדער לערנען זיך דאָרט אין שולע אין גאַנצען אומזיסט. אין משמר פאַלט אויף יעדען קאָלאָניסט אייגענע כלל הוצאות 40—50 פר. אַ יאָהר. און די יק"א גיט די איבעריגע — צוזאַמען מיט דער שול 3500 פר. אַ יאָהר, וואָס עס מאַכט אויס צו 233 פר. אויף אַ קאָלאָניסטישער פאַמיליע. אין בית־גן קאָסט דער קאָלאָניע 1510 פר. אַ יאָהר — 113 פר. אויף א קאָלאָניסט, און יקא" 1970 פראַנק — 151,5 פראַנק אויף א קאָלאָניסט. אין מעסחא גיט יק"א 3520 פר. און 5040 פר. אויף דער שולע, וואָס עס מאַכט אויס צו 238 פר. אויף א קאָלאָניסטישער פאַמיליע. אין מלחמיה גיט זי 3600 פר. און 7440 פר. אויף דער שולע, ד. ה. צו 525 פר. אויף א קאָקאָניסטישער פאַמיליע. אין

מעטולע גיט זי 3000 פר. און אויף שולע, אין ראש־פּנה 5400 אויפ'ן מעדיציינישען פערסאָנאַל און ביז 16,000 פר. אויף דער שולע; אין יעמא 4820 פר. און אויף שולע. א. אַז. וו. כמעט אין אַלע קאָלאָניעס. די אַדמיניסטראַציע צאָהלט געוועהנליך אויך אין אַלע איהרע קאָלאָניעס דעם ערד.—און געביידעס־שטייער (ווערקא). בכלל איז אין פּאַלעסטינע נאָך ביז איצט ניטאָ אפילו איין קאָלאָניע, וואָס זאָל אין דער אָדער אין יענער פאָרם ניט אָנקומען צו אויסווייניגס־טער הילף. אַלע שולען אין די קאָלאָניעס אָהן אויסנאָם ווערען אין גאַנצען אדער כמעט אינגאַנצען אויסגעהאַלטען פון דער יק"א, אָדער „עזרה" (הילפספעראיין) אָדער די חו"צ, אָדער פון די פראַנקפורטער אָרטאָדאָקסען. אפילו רחובות, וואָס שטאָלצירט אזוי מיט איהר זעלבסטשטענדיגקייט בעקומט אויף איהר שולע 1500 פר. פון די חו"צ , 2000 פר. פון עזרה און 1500 פר. אויך פון דעם רוסישען „כרמל". פתח־תקוה בעקומט העבער 10000 פר. אויף דער שולע פון יק"א. און העבער 15000 פר. אויף דער תלמוד־תורה פון די פראַנקפורטער. דער שפּיטאַל אין זכרון איז אויפגעבויט אויף געלד, וואָס מען האָט צונויפגעקליבען אויף דער וועלט. און אין אייניגע קאָלאָניעס בעקומען נאָך איצט פיעל קאָלאָניסטען דעם רמב"נ'ס חלוקה. אזוי בעקומען אַלע מיטמר'ער קאָלאָניסטען , אויסער עט־ליכע, חלוקה אין צפת פון 100—700 פר. אַ יאָהר. זעהר פיעל בע־קומען חלוקה אין יסוד־המעלה. אין עקרון זענען פאַרהאַן אַזוינע, וועלכע בעקומען אַפילו צווייענדיגע חלוקה (פון צוויי כוללים). און אפילו אין פתח־תקוה ווייזט מען אָן אויף אייניגע בעלי־בתים, וועל־כע בעקומען נאָך עד היום גאַנץ פיינע אונגאַרער חלוקה.

פון אַלע קאָלאָניעס קאָן מען נור אויסטיילען עטליכע, וועמעס מצב עס איז אויפ'ן ערשטען בליק פעסטער. דאָס זענען: פתח־תקוה, ראשון, רחובות, זכרון און חדרה. זיי שטעלען פאָר (אויסער חדרה) גאַנץ גרויסע שטעדטלעך מיט פיעל שענע הייזער, אפטמאָל (אין ראשון) צוויי־גאָרנדיגע. אין אייניגע פון זיי בעמערקט איהר גלייך סמנים פון פערמעגליכקייט: איהר בעגעגענט דאָרט זאַטע קאָלאָניסטען און געזונטע, זאַטע קינדער; איהר טרעפט דאָרטען פרויען און אפילו מענער, וואָס טוען זיך אָן לויט דער לעצטער מאָדע: אין ראשון טרעפט איהר אין פיעל הייזער פיאַנאָס. די אַלע קאָלאָניעס זענען פעראייניגט מיט יפו אָדער מיט חיפו דורך א רעגעלמעסיגען דיליזשאַנס־פערקעהר. אין זיי זענען פאַרהאַן פּאָסטען. די ווירקונג פון די קאָלאָניע־וועדים אין אייניגע פון זיי איז זעהר א בעדייטענדע.

קוקט מען זיך אָבער טיעפער אריין, בעמערקט מען אויך אין די דאָזיגע קאָלאָניעס טיעפע וואונדען, וועלכע שעפּען אויס ביס־לעכווייז זייערע כחות, דערזעהט מען די וואַקעלדיגע זיילען. אויף וועלכע עס שטעהען די קאָלאָניעס און וועלכע זענען עלול מיט דער צייט איינצופאַלען און צו רואינירען דעם גאַנצען קאָלאָניאַלען ישוב.

מיר וועלען בעטראכטען יעדע פון די איינינע קאָלאָניעס בע־זונדער.

די גרעסטע און לעבעדיגסטע פון אלע קאָלאָניעס אין פּאַלעס־טינע איז לכל הדעות פּתח־תקוה. דאָס איז די איינציגע קאָלאָניע, וואו איהר דערשפּירט גלייך אַ לעבעדיגען שטראָם. די בעפעל־קערונג האַלט דאָרט אין איין פערגרעסערען זיך; די יוגענד צע־לויפט זיך ניט; די מקחים אויף ערד און דירות שטייגען פון טאָג צו טאָג. דער שטח פון פּלאַנצונגען פערגרעסערט זיך מיט יעדען יאָהר. דאָס דאָזיגע לעבען און וואַקסען איז אַ פּועל יוצא פון די פּריוואַטע קאַפּיטאַלען, וואָס זענען די לעצטע יאָהרען אריינגעטראָ־גען געוואָרען אין דער קאָלאָניע און האָבען מיט זיך געבראַכט זייער אונטערנעמערישען גייסט. צוגלייך האָבען זיי אָבער אויך אריינ־געטראָגען די ספּעקולאַציע, וועלכע האָט די גאַנצע ענטוויקלונג פון דער קאָלאָניע אוועקגעשטעלט אויף אַ געפעהרליכען וועג. 1) זעל־טען ווען איהר טרעפט אין פּתח־תקוה איינעם, וואָס זאָל פּלאַנצען פאַר זיך און זאָל לכתחילה די גאַנצע ארבייט אוועקשטעלען געזונד און פעסט. על פּי רוב פּלאַנצט דאָרט יעדער אויף צו פערקויפען, אויף מסחר, און די גאַנצע ארבייט ווערט דערפאַר אָבגעטאָן טאַנ־דעט. די דאָזיגע באַיאַרעס (אפעלסינעס־געַרטענער) וועלן באַלד אויפ־הערען צו טראָגען, און דאָס פיהרט צו אַ קריזיס. 2) דאָרט איז איצט אַ אמת'ע בהלה אויף באַיאַרעס פּלאַנצען; ווער עס קאָן און ווער עס קאָן ניט, וואַרפט זיך אויף דעם. און דאָס קאָן ברענגען צו דעם, עס זאָל זיך נאָך אַ מאָל איבערחזר'ן די אַמאָליגע טרויבען געשיכטע. 3) די גרויסע חובות, אָפט צו פיעל צעהנדליגער־טויזענד פראַנק, וואָס ליגען אויף יעדען קאָלאָניסט דאָרט, זענען עלול נאָך דערנעהענטערן דעם קריזיס און מאַכען איהם אונאויסמיידליך. צווישען די פּתח־תקוה'ר קאָלאָניסטען זענען נור פאַרהאַן גאַנץ וועניג וואָס זייערע נחלאות זענען אזוי גרויס, אז וואָס פאַר אַ פּראָצענט זיי זאָלען ניט טראָגען, וועלען זיי האָבען אויף צו לעבען. צו זיי דאַרף מען צורעכענען איינינע געוועזענע אַנגעשטעלטע ביים באַראָן, וועלכע האָבען ביים אָבטרעטען בעקומען אַ שענע דאָמיניטע (בע־פרידיגונג ביים אָבטרעטען פון שטעל), איינינע געוועזענע באַראָנס־קאָלאָניסטען און די, וועלכע האָבען גענוג גרויסע איילבערט־געַרט־נער, וואָס עס איז דער זיכערסטער פערמעגען. די לאַגע פון דעם גאַנצען איבעריגען ברייטען קאָלאָניסטען־עולם אין פּתח־תקוה, און מיט דעם אויך פון דער גאַנצער קאָלאָניע, איז ווייט ניט פעסט.

אין ראשון איז דער גאַנצער גלאַנץ מיט די שען־אויסגעברו־קירטע גאַסען, מיט די צווייגאָרנדיגע הייזער און מיט די פּאַלמעס נור אַן אויסוויינינגסטע. ווען די ראשונ'ער זענען נאָך געזעסען אויף דעם באַראָנס רייכע קעסט, זענען אויפגעבויט געוואָרען זייי־ערע הייזער און עס זענען אריינגעשטעלט געוואָרען אַהין די פּיאַנאָס. איצט אָבער דערנעהרען זיך די ראשונער פון קעלער. און זעלטען

ווען א ראשון׳ער קאָלאָניסט בעקומט פאַר זיינע טרויבען במזומנים: ביי יעדען צאָהלען ברענגען די ראשון׳ער און יפו׳ער קרעמער זייערע חשבונות אויף די קאָלאָניסטען אין קעלער אריין. און ערשט, ווען מען רעכענט זיך אויס, און עס בלייבט א רעשט, בעקומט עס דער קאָלאָניסט. דאָס טרעפט אָבער זעהר זעלטען. און דער ראשון׳ער האָט דערפאַר זעלטען א מזומנ׳ע מטבע ביי זיך. נאָר וואָס עס איז פיעל ערגער — די הויפּט־הכנסה פון די ראשון׳ער זענען די וויינ־גערטנער. פון 6541 דונ. פּלאַנצונגען, וואָס אין ראשון, זענען 4600 דונ. כרמים. און דער וויינשטאָק האָט א טבע, אַז ער ווערט גיך אַלט און הערט ביסלעכווייז אויף צו טראָגען. די לעצטע יאָהרען האָט זיך אין ראשון דערפאַר זעהר שאַרף געשטעלט די ברענענדיגע פראַגע פון בעמיסטיגונג. אָבער מיסט איז אויך ניט מעהר ווי א פּאַליאטיוו. די איינציגע ראדיקאַלע תרופה איז — ביסלעכווייז איבערפּלאַנצען פּערבייטען די אַלע שטעקער אויף נייע. דאָס זענען אָבער די ראשון׳ער, וועלכע האָבען קוים מיט וואָס דאָס יאָהר דורכ־צולעבען, אליין ניט ביכולת. און אין דער צוקונפט זעהט פאַר זיך ראשון דערפאַר אדער א נייע גראַנדיעזע תמיכה, אָדער פיעל ערגערס —פּעראַרימונג און אונטערגאַנג.

ר ח ו ב ו ת איז אַ קאָלאָניע, וואָס האָט זיך געבויט אויף פּריוואַטע מיטלען. די פּערשיעדענע מינים תמיכה האָבען זיי ווענינער ווי אַלע אַנגעריהרט. זי האָט נור בעקומען פון יק״א בהלואה געלד אויף געוויסע פּראָצענטען. נאָר די לאַגע איז דאָרט אויך ניט קיין גלענצענדע. געצעהלטע קאָלאָניסטען לעבען דאָרט נור פון זייערע איינענע נחלאות. אַלע איבעריגע בעקומען ניט פון זייערע נחלאות גענוג אויף דורכצולעבען זיך. מעהר נישט, יעדער רחובות־ער קאָלאָניסט האָט נאָך ארבייט און פּערדיענט ביי דעם אָדער יע־נעם פון די רחובות׳ער בעלי נחלאות, וועלכע וואוינען ניט אין קאָלאָניע. אַזוינע זענען פּאַרהאַן זעהר פיעל. אין רחובות גופא וואוינען 71 קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען צוזאַמען 5811 דונאָם באָדען; און אויסער זיי זענען נאָך דאָרטען פּאַרהאַן 78 בעלי־נחלאות, וועלכע האָבען צוזאַמען 7921 דונ. באָדען, נאָר זיי וואוינען אין אויסלאַנד. אויסערדעם, איז נאָך אין רחובות פּאַרהאַן 2883 דונ. בור (פון דעם גאַנצען באָדען 14193 דונ.) און עס זענען נאָך פּאַרהאַן בעלנים, וואָס לעגען אַריין זייערע קאַפּיטאַלען אין רחובות און פּלאַנצען. און פון די אויסלענ־דער און די נייע בעל־נחלאות — לעבט רחובות. ווען דער בור־באָ־דען וועט זיך אָבער אויסלאָזען (און דער זאַפּאַס איז שוין זעהר א קליינער), אָדער די אויסלענדער וועט דערעסען אַריינצולעגען געלד און גאָרנישט אָדער כמעט גאָרנישט ניט אַרויסנעמען, וועט די לאַגע פון די רחובות׳ער קאָלאָניסטען מוזען ווערען אַ קריטישע.

ז כ ר ו ן איז די איינציגע קאָלאָניע, וואו דער באַראָן האָט באמת „אינסטאַלירט“, פּעסט איינגעאָרדענט די קאָלאָניסטען. ביים

אינסטאַלירען האָט די אדמיניסטראציע איבערגעלאָזען נור א העלפֿט פֿון די קאָלאָניסטען אין זכרון, די איבעריגע האָט זי צעשיקט אין אַנדערע קאָלאָניעס אָדער געגעבען זיי דאָמיניטע און משלח געווען. און יעדער זכרונ'ער קאָלאָניסט האָט בעקומען א 30 דונ. פּלאַנצונ־גען, על פּי רוב וויינגערטנער, און ביז 300 דונ. גוטען באָדען. די לאַגע פֿון די זכרונ'ער קאָלאָניסטען איז דערפֿאַר לפּי ערך א פֿעסטע. פֿון זכרון צופֿאָהרען זיך דערפֿאר ניט אלע בחורים; א געוויסער טייל פֿון זיי, געוועהנליך איינער פֿון דער פֿאמיליע, בלייבט איבער. ער העלפֿט דעם פֿאָטער אין דער אַרבייט און וועט שפּעטער זיין דער יורש. פֿאַר אַלע איבעריגע זיהן איז אָבער אויך ניטאָ וואָס צו טון, און זיי צופֿאָהרען זיך. אמת, די דאָזיגע פֿעסטקייט פֿון די זכרונ'ער האָט אָבגעקאָסט דעם באַראָן 15—18 מיליאָן פֿראַנק, וואָס עס מאכט אויס צו 185.000—225.000 פֿר. אויף אַ קאָלאָניסטישער פֿאַמיליע. אַ סומע ניט קיין קליינע. נאָר די דאָזיגע אומפּראָפּאָר־ציאָנאַליטעט ווייזט זיך ארויס ניט נור אין זכרון. מיר וועלען זי שפּעטער בעגעגענען אויך בנוגע צו דער גאַנצער פּאַלעסטינער קאָ־לאָניזאַציע.

ח ד ר ה איז דערווייל נאָך א קליינע קאָלאָניע. דער גרעס־טער טייל פֿון די חדרה'ר קאָלאָניסטען זענען ווייט ניט פֿערמעגליכע. נאָר דאָך איז די לאַגע איינע פֿון די פֿעסטסטע, און לויט מיין מיינונג, איז חדרה אפֿילו די איינציגע קאָלאָניע, וואָס האָט א זיכערע צוקונפֿט. איצט בעארבייט יעדער חדרה'ר קאָלאָניסט, אויסער זיין אייגענעם באָדען, נאָך 2—5 הונדערט דונ. באָדען פֿון יענע בעלי־נחלאות, וועלכע וואוינען ניט אין חדרה. אַרענדע צאָה־לען די קאָלאָניסטען נור צו ½—1 פֿראַנק פֿון דונ. און דאָס אויך געהט אריין נור אין ועד און געהט אַוועק אויסשליסליך אויף קאָלאָ־ניע הוצאות. ביי דעם איצטיגען צושטאַנד איז דאָס דער הויפּט מקור פֿון חדרה'ר פֿעסטסקייט. נאָר אויך ווייטער האָט די קאָלאָניע די מעגליכקייט צו ענטוויקלען זיך, (ווען די מאַלאַריע וועט נור ווע־רען שוואַכער), ווייל 1) איהר ערד־זאַפּאַס איז זעהר א גרויסער, און 2) דער באָדען איז דאָרט בעסער און פֿרוכטבאַרער, ווי ערגעץ אַנדערש וואו אין פּאלעסטינע, ווייל איבער זיין זומפּיגקייט און פֿיבעריגקייט האָט מען איהם אודאי אין משך פֿון טויזענדער יאָהרען ניט בעארבייט. חוץ דעם, איז נאָך חדרה זעהר נאָהענט צום ים און צו א בוכטע וואו עס קאָנען זיך אָבשטעלען קלענערע שיפֿלעך.

מיר זעהען, אַלזאָ, אַז פֿון די אַלע פֿינף קאָלאָניעס זענען נור צוויי פֿעסטער איינגעאָרדענט, און נור איינע פֿון זיי האָט פֿאַר זיך א זיכערע צוקונפֿט. די איבעריגע דריי זענען ווייט ניט פֿעסט און טראָגען אין זיך שוין דעם זוימער פֿון א קריזיס. די פֿערשיעדענע בעאָבאַכטער און טוריסטען אָבער, וועלכע קומען אין פּאַלעסטינע על פּי רוב אויף א זעהר קורצער צייט און האָבען ניט גענוג צייט און ווילען און צום מיינסט אויך ניט גענוג ספּעציעלע ידיעות, וועלכע

זענען נויטיג, אום טיעפער זיך מיט דער זאַך צו בעקענען, ווערען פון די דאָזיגע קאָלאָניעס בעצויבערט און פערשפּרייטען דערנאָך איבער דער וועלט ידיעות וועגען דעם גלענצענדען מצב פון די קאָלאָניעס און קאָלאָניסטען. איך וואָלט געקאָנט ברענגען א גאַנצע ריהע ביי־שפּיעלען. וועלכע כאַראַקטעריזירען די „ידיעות" פון אַזוינע טוריס־טען־פאַרשער. נאָר איך וועל זיך בעגרענצען מיט איינעם.

אין סעדזשערע וואוינט אַ קאָלאָניסט ר—קי, אַליין פון באַקו, אַ רימער, אַ הייסער ציוניסט. איז ער ניט איינגעזעסען אין באַקו און געקומען איז פּאַלעסטינע אַרבייטען די ערד. אין חיפה האָט ער חתונה געהאט און איז געוואָרען א קאָלאָניסט אין סעדזשערע. ער איז א גרויסער קבצן און האָט אָפּט קיין ברויט ניט אין שטוב. ווען ניט די רימערין, וואָס דורך איהר פערדיענט ער עטליכע פראַנק ביי דער יק"א'ישער פערמע אין סעדזשערע, וואָלט זיין לאַגע געוועזען גאָר א האָפנונגסלאָזע, כאָטש אזא איז זי כמעט איצט אויך. פאַר צוויי יאָהרען איז דאָרט דורכגעפאָהרען דער פּאָרזיצענדער פון באַקו'ער ציוניסטישער אגודה, אינזשענער פּ—ן. ס'פערשטעהט זיך, אז ער איז אויך אריינגעגאַנגען צו זיין לאַנדסמאַן. ר—קי'ס פרוי האָט מסתמא אויסגעפּוצט און צוגעקליבען די שטוב, אז עס האָט גע־לויכטען. אויף פּ—ן'ס פראַגע, וויפיעל ערד ער האָט און ווי לעבט זיך איהם, האָט ר—קי געענטפערט, אז ער האָט 250 דונ. באַדען און לעבט זיך נישקשה. אין באַקו האָט ר—סקי נאָך א שוועסטער, וועלכע געהט אין גימנאַזיע און האָט ניט מיט וואָס צו ענדיגען. זי האָט געפּרובט בעטען שטיצע ביי איהר ברודער אין פּאַלעסטינע, נאָר יענער האָט איהר געשריבען, אז ער האָט ניט. נאָר אין עטליכע וואָ־כען אַרום נאָך פּ—ן'ס אַוועקפאָר בעקומט ר—סקי ווידער א בריעף פון זיין שוועסטער, אז זי זאָגט זיך אָב פון קרובה'שאַפט. ווייל, ווי פּ—ן האָט איבערגעגעבען, לעבט ער דאָרט, ווי א גביר, און איהר וויל ער ניט אויסהעלפען אפילו מיט א קלייניגקייט.

אַזוי „ווייס" מען ביי אונז אין גלות וועגען דעם צושטאַנד פון דער יודישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע.

נאָך קאָנקרעטער ווייזט אָן אויף דער אומזיכערקייט און אונ־ערפאָלג פון דער ביזאַהעריגער פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע דער פאַקט, וואָס די אַלע אינסטיטוטען, וועלכע פערנעמען זיך דאָרט איצט מיט דער יודישער קאָלאָניזאַציע, ווי די יק"א, די חובבי־ציון, די פּ. ל. ד. ק. (די ציוניסטישע „געזעלשאַפט אויף צו ענטוויקלען דאָס לאַנד"), האָבען זיך נאָך ביז איצט קיין בעשטימטען מעטאָד פון קאָלאָניזאַציע ניט אויסגעאַרבייט. די ביזאיצטיגע קאָלאָני־זאַציע האָט נאָך ניט אָנגעצייכענט קיין וועג, האָט נאָך ניט אויס־געאַרבייט קיין קאָלאָניזאַציאָנס־טראַדיציע, קיין בעשטימטע מעהר פעסטע פאָרמען פון איינאָרדענען זיך, וועלכע מען זאָל קאָנען רעק־קאָמענדירען די, וואָס בעזעצען זיך דאָרט איצט. דערפאַר האַלטען די אַלע אָנגעוויזענע קאָלאָניזאַציאָנס־אינסטיטוטען נאָך ביז איצט

אין איין זוכען, דערפאר בייטען זיך אזוי אפט די פארמעס פון זייער קאלאניזאציע און זיי מאכען אלץ נייע פרובען. מיט א יאהר 10 צוריק, איבערנעהמענדיג די אנפיהרונג פון דעם באראנס קאלאניעס, האט די יק"א געהאלטען פאר דער ריכטיגסטער פארם פון דער יודישער קאלאניזאציע אין פאלעסטינע די ריינע פעלד־ווירטשאפט, און איצט האלט זי שוין פון א געמישטער ווירטשאפט און פלאנירט צו מאכען פלאנצונגען אין איינינגע קאלאניעס. מיט איינינגע יאהרען צוריק האט זי נאך געגעבען ביים איינארדענען נייע קאלאניסטען, אויסער ערד און געביידעס, אויך די נויטיגע סומע געלד; איצט גיט זי נור אומבעוועגליכע גיטער און פאדערט פון די קאלאניסטען, זיי זאלען אליין די נויטיגע געלד־מיטלען האבען. איין צייט האט זי געפרובט קאלאניזירען גרים, דערנאך קאווקאזער יודען. די לעצטע צייט האט זי אבגעגעבען צו בעארבייטען א טייל פון איהר באדען אין סעדזשערע א קאאפעראטיווער גרופע. די חו"צ האבען די לעצטע צייט געגרינדעט צוויי ארבייטער קאלאניעס: עין־גנים און באר־יעקב און ביידע אויף אנדערע יסודות. דער נאציאנאל־פאנד און די פ. ל. ד. ק. האבען צוערשט געוועזען געגרינדעט פערמעס, וועלכע ווערען פערוואלטעט דורך אדמיניסטראטארס, און די לעצטע צייט פרובען זיי אבגעבען באדען אויף צו בעארבייטען ארבייטער־גרופעס. אין מרחביה האבען זיי געגרינדעט א קאאפעראציע גאר פון אן אנדער אויסזעהן.

ווי מיר זעהען, קאן נאך דער איצטיגער ישוב, עד היום ניט שטעהן אויף די אייגענע פיס און נאך ווענינגער האט ער כחות אויף צו ענטוויקלען זיך; און א טייל פון איהם ווייזט אפילו ארויס קלארע סימנים פון ענטארטונג.

וואו זענען די סבות דערפון?

פארהאן אזוינע, וואס זוכען דעם מקור פון דעם גאנצען אונערפאלג נור אין ערגיץ א י י ן פאקטאר. אזוי זעהען פיעל פון די יק"א־אדמיניסטראטארען די שולד פון דער ארימקייט פון די קאלאניסטען אין זייער פוילען זיך. „ווען די קאלאניסטען, זאגען זיי, וואלטען פלייסיג געארבייט, וואלטען זיי געלעבט בהרחבה; נאר זיי ווארפען די גאנצע ארבייט ארויף אויף די געדונגענע אראבער, און דעריבער קאנען זיי ניט האבען גענוג צום לעבען". די קאלאניסטען ווידער בעשולדיגען די אדמיניסטראציע; זי גיט קיינמאל ניט אזוי פיעל, וויפיעל עס איז נויטיג פעסט איינצוארדענען א קאלאניסט. און ווען זי גיט שוין — איז דאס געוועהנליך שוין צו שפעט. די ציוניסטען בעשולדיגען די רעגירונג, וועלכע רייסט פון קאלאניסט צופיעל שטייערן און בעשיצט איהם ניט פון גנבה. יעדער פון זיי זעהט נור איין פאקטאר, וועלכער פערשטעלט פאר זיי אלע איבעריגע, און זיי זעהען דערפאר געוועהנליך זעהר ניט קלאר די אמת'ע לאגע און די אמת'ע סבות.

אין דער אמת'ן זענען אַזוינע סבות, אָדער פּאַקטאָרען, וואָס האָבען געווירקט אויף דעם רעזולטאַט פון דער יודישער קאָלאָניזאַציאָנס־ארבייט אין פּאַלעסטינע און וואָס פון זיי וועט אויך אָבהענגען דער ווייטערדיגער וואוקס פון דעם דאָרטיגען ישוב, פּאַרהאַן זעהר פיעל. אייניגע פון זיי ליעגען אויסער דעם יודישען קאָלאָניזאַציאָנס־עלעמענט און די קאָלאָניזאַציאָנס־חברות, וואָס האָבען די ארבייט אָנגעפיהרט. מיר וועלען זיי אָנרופען א ו י ס־ו ו י י נ י ג ס ט ע פאקטאָרען. די אנדערע ליעגען אין דעם יודישען קאָלאָניזאַציאָנס־עלעמענט גופא און אין די אָנגעווענדעטע קאָלאָניזאַציאָנס־מעטאָדען. מיר וועלען זיי אָנרופען א י נ ע ו ו י י־נ י ג ס ט ע פאַקטאָרען. די אויסווייניגסטע פאקטאָרען דאַרף מען נאָך איינטיילען אין נ א ט י ר ל י כ ע, ווי דער באָדען, קלימאַט, וואַסער, און כדומה, און ג ע ז ע ל ש א פ ט ל י כ ע, ווי בעפעלקערונג, רעגירונג, א. א. וו.

מיר וועלען יעדען פאקטאָר בעטראַכטען בעזונדער און זעהן, אויף וויפיעל ער האָט מיטגעהאָלפען, אָדער פערקעהרט, געשטערט דעם ערפאָלג פון דער ביזאיצטיגער יודישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע; און אגב וועלען מיר שוין אויך בעטראַכטען, אויף וויפיעל יעדער פּאַקטאָר איז גינסטיג אָדער, פערקעהרט, אומגינסטיג פאַר דער ווייטערדיגער קאָלאָניזאַציע.

---

2.

## די אויסווייניגסטע פּאַקטאָרען.

### א. ד י נ א ט ו ר ב ע ד י נ ג ו נ ג ע ן פ ו ן פּ א ל ע ס ט י נ ע.

#### א) שטח, באָדען, ערד־מקתים.

עס איז זעהר שווער צו זאָגען אויף געוויס, ווי גרויס עס איז פּאַלעסטינע, ווייל אַלע געלעהרטע גיבען געוועהנליך אָן איהר גרויס צוזאַמען מיט סיריען. מיר דוכט, אַז צום מיינסט קרוב לאמת איז די צאָהל 2,7 מיליאָן העקטאַר, וואס ה' טריטש גיט אָן אין זיין ווענ־ווייזער איבער פּאַלעסטינע. בעלקינד'ס (סאָווּרעמעננאַיאַ פּאַ־לעסטינאַ, זז. 240—241) צאָהל: 40 מיליאָן דינאַם — 3,6 מיליאָן העקטאַר איז נישט בעגרינדעט. ער בעקומט זי כפל'ענדיג די צאָהל דונאַמען, וואָס איז אָנגעגעבען געוואָרען אין דער אָפּיציעלער טערקישער סטאַטיסטיק, אויף ד ר י י לויט דער השערה, „אַז מען מיינט דאָרט דעם „נייעם" דונאַם, וועלכער דאַרף זיין גלייך אַ העקטאַר, נאַר איז על פּי רוב גלייך א ½ העקטאַר, אָדער איין דריטעל העקטאַר און נאָך אָפּטער א פיערטעל העקטאַר".

פון דעם דאָזיגען שטח זענען איין דריטעל בערג און בערגיגע ערטער, און נאַר איין פיערט ־ חלק טאָלען, וואָס די גרעסטע פון

זיי זענען שרון, די שפלה, דעם עמק יזרעאל און דער עמק־הירדן. פון די בערג בעשטעהען די יהודה'ער און די אפריב'ער ס'רוב פון ווייכערע קאלך־שטיין־מינים. מען בעגעגענט נאך איצט דארט ער־טערווייז קולטיווירטע און ווילדע אליוועז, באקסער־בוימער, און איניגע מינים וואלד־בוימער. דאס בעווייזט, אז מען וועט זיי מיט דער צייט קאנען אויסנוצען אויף פערשיעדענע פלאנצונגען, איבער־הויפט אויף אליוועז. די בערג פון דעם אונטערשטען גליל בעשטעהען פון באזאלט. אויף זיי טרעפען זיך אויך ווילדע בוימער, און נאך די רעגענס ווערען זיי בעדעקט מיט געדיכטע גראז. אין דער צייט קאנען זיי דיענען פאר א גוטען פיטער־ארט פאר שאף (קיה גליט־שען זיך אויף די משופע'דיגע בערג אפט אויס, פאלען אראב און ווערען דער'הרג'ט). די בערג פון דעם אויבערשטען גליל בעשטעהען ס'רוב פון הארטע קריסטאלישע קאלכשטיין־מינים. זיי זענען כמעט אינגאנצען הויל און ווילד, און נור וואו ניט וואו מיט מאך בעדעקט אדער מיט א מאסע גרעסערע און קלענערע שטיינער בעשאטען.

גאר אמאל זענען אויף די אלע בערג מסתמא געווען פיעל טע־ראסעס, וועלכע האבען אבגעהאלטען די שטראמיגקייט פון די וואַ־סערען, און האבען פערהאלטען די אויסלופטערונגס־פראדוקטען פון די בערג. אין מישך פון די לעצטע פאר טויזענד יאהר אבער, ווען קיינער האט וועגען זיי ניט געזארגט, זענען די טעראסעס אין גאנ־צען צושטערט געווארען און די פרייע וואסער־שטראמען, וועלכע בעגעגענען אויפ'ן וועג קיין שטערונג ניט, האבען אראב־געשווינקט אפט ביז א סימן די אויסלופטערונגס־פראדוק־טען פון די פריהערדיגע יאהר־טויזענדער, אזוי אז די בערג זענען געבליבען אין גאנצען הויל. און נור וואו ניט וואו קאנט איהר נאך א רעגען אין א פערטיפונג פון א שטיין, וואו עס האט זיך א ביסעל ערד פערהאלטען, טרעפען א בלי־מעל אדער א ווילדע ציבעלע. עס איז זעהר שווער צו זאגען, צי וועט מען בכלל און אויף וואס וועט מען אין די נאהענטע צעהנד־ליגער יאהרען קאנען די דאזיגע בערג אויסנוצען.

אויף פעלד־ארבייט, אויף פלאנצונגען, וואס פאדערן בעגיסונג, ווי באיארעס, און אפילו אויף טרויבען און מאנדלען טויגען נור די טאלען און א קליינער טייל פון די בערג — די גלייכע ערטער (ביז דער לעצטער צייט האבען זיך טרויבען און מאנדלען, איבערהויפט די לעצטע, אויף די בערג ניט איינגעגעבען). כמעט דער גאנצער שטח אבער, וואס טויג אויף פעלד־ארבייט און אזוינע פלאנצונגען ווערט שוין איצט אין פאלעסטינע בעארבייט. דורכגעהענדיג פון קאסטינע ביז יפו, פון יפו ביז ירושלים, דעם גאנצען עמק־יזרעאל אין דעם גאנצען גליל ביז מעטולע, בעגעגענט איהר ניט קיין איין שטיקעל באדען, וואו עס זאל מעגליך זיין צו אקערן, און עס זאל דארט ניט גרינען קיין נייע תבואה, אדער די רעשטען פון אראב־גענומענע תבואות זאלען ניט עדות זאגען, אז מען האט דארט גע־ארבייט פאריגען יאהר.

פון דעם פאַלעסטינער באָדען געהערט נור א קליינער טייל דער מלוכה און הקדש. דער איבעריגער באָדען געהערט די אַראַבישע דאָרפישע קהלות אָדער די עפענדים (אַראַבישע פריצים). אַראַבישע דערפער זענען פאַרהאַן אין פאַלעסטינע נור אין דריי סאַנדזשאַקען: ירושלים'ער, שכם'ער, און עכו'ער — 870 *), און אין גאַנץ פאַלעסטינע (5 סאַנדזשאַקען) איז פאַרהאַן מעהר ווי טויזענד אַזוינע דערפער. די אַראַבער בעאַרבייטען, אויסער דעם אייגענעם, אויך דעם באָדען פון די עפענדים, וואָס זיי אַרענדירען אָדער בעאַרבייטען אויף איין פינפטעל. עס טרעפט, אז אַן אראבישער דאָרף פערקויפט אַ טייל פון זיין באָדען, כדי פאַר די בעקומענע געלד בעסער איינצואָרדענען דעם איבערגעבליבענעם טייל. געוועהנליך אבער האָבען די אראבער אליין ניט גענוג באָדען פאר זיך.

און ווייל פרייער באָדען, וואָס זאָל טויגען פאר פעלד־אַרבייט, איז אין פאַלעסטינע פאַרהאַן זעהר ווענוג און ווערט פון יאָהר צו יאָהר אַלץ ווענינער, זענען דאָרט די מקחים אויף ערד זעהר הויכע און ווערען מיט יעדען טאָג העכער. ביים קויפען פתח־תקוה מיט 30 יאָהר צוריק האָט מען דאָרט געצאָהלט צו 7 פראַנק פאר אַ דונ. 31,5 רובל א דעסיאטין, אַנ'ערך 10 דאָל. אַן אַקער. איצט קאָן מען אַרום דער קאָלאָניע ניט קריגען צו קויפען קיין ערד אפילו צו 70 פר. א דונאַם. אין וואַדי־חנין האָט מען מיט 20 יאָהר צוריק געקויפט באָדען צו 10—11 פר. א דונ. , און איצט קאָן מען דאָרט קויפען נור צו 80 פר. אין הגניה האָט מען מיט 6 יאָהר צוריק געצאָהלט צו 20 פר. אַ דונ., און איצט פאַר דער צווייטער העלפט וויל מען שוין צו 60 פר. ביליגער איידער צו 30—60 פר. אַ דונ. 90—120 רובל א דעסיאטין, — אן ערך 40 דאָל. אן אקער — קאָן מען איצט אין פאַלעסטינע ניט קויפען קיין באָדען, וואָס זאָל טויגען נור אפילו פאַר אַזאַ מיסתפק־במועט'דיגע פלאַנצונג, ווי מאַנדלען. נאָר חוץ דעם געוועהנליכען פרייז פון באָדען, פאַלען נאָך גרויסע הוצאות ביים אָבמעסטען דעם באָדען (מאפרוז) און ביים בעקומען די קושאַנעם (דעם שטר מכירה). די רעגירונג מאַכט נאָך ביז דער לעצטער צייט גרויסע שוועריגקייטען ביים פערקויפען באָדען יודען, און עס קומט יעדעס מאָל אויס אָנצו־ווענדען באַקשיש. די דאָזיגע הוצאות מאַכען אַן אַנדערש מאָל אוים נאָך אַמאָל אַזוי פיעל. וויפיעל מען האָט פריהער בעצאָהלט פאַר'ן באָדען. אזוי האָט מען פאַר מרחביה געצאָהלט צו 30 פר. א דונ., און איצט מיט אַלע הוצאות מאַכט דאָרט דער באָדען שוין אוים צו 60 פר. דער דונאַם.

דאָס פעהלען פון פרייעם באָדען און די הויכע מקחים מאכען אומגעהויער שווער צו קויפען ערד אין פאַלעסטינע, און דאָס רופט זיך ניט צום גוטען אָב סיי אויף די עקזיסטירענדע קאָלאָניעס, סיי אויף דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון דעם יודישען ישוב אין פאַ־

*) זעה בעלקינד'ס סאָווריעמ־פאַלעסט, ז. 234, 240, 361.

לעסטינע. אזוי, צ. ב., נויטיגען זיך קאָסטינע, משמר און אנדערע קאָלאָניעס די גאַנצע צייט אין װאַסערע עטליכע הונדערט העקטאַר באָדען, אום פעסטער צו מאַכען זייער װאַקעלדיגען מעמד; און דאָך האָט זיך עס זיי ניט איינגעגעבען צו קויפען ביז איצט. יעדע נייע קליינע קניה פון באָדען אין פּאַלעסטינע װערט דערפאַר דאָרט פערדעכענט פאַר אַ װיכטיגער געשעהעניש, און די ציוניסטישע צייטונגען צופּויקען דאָס שוין צופיעל. מען דאַרף ניט פערגעסען, אז די אַלע קניות װערען אַנגעגעבען אין דונאַמען (איין צוועלפטעל דעסיאַטין) אדער איין פיערטעל אַקער,—אז װען מען זאָל זיי איבערגעבען אויף אַנזערע מאָסען, פערלירען זיי זעהר פיעל פון זייער אויסזעהן. די 5000 דונ. פון דזשעמאַמאַ, צ. ב., װאָס װעגען זיי האָט מען אזוי פיעל געדערדט די לעצטע פאַר יאָהר, מאַכען אויס אינגאַנצען אַ 417 דעסיאַטין, אָדער 1250 אַקער. אינגאַנצען האָט ביז דעם יאָהר תרע"ב געהערט אין פּאַלעסטינע באָדען די יודען שוין צוזאַמען מיט די 56 טויזענד דונ. אין חרון אַ 389,000 דונ. — אַ 32,415 דעסיאַטין, 98,245 אַקער, אַן ערך 0,013 פון דעם גאַנצען פּאַלעסטינער באָדען. די הויכע מקחים אויף ערד שטערען אויך זעהר פיעל ביים איינאָרדענען זיך זעלבסטשטענדיג — אָהן דער הילף פון אַן אָרגאַניזאַציע, װי די יק"א צ. ב. װי מיר װעלען װייטער זעהן, דאַרף מען אויף איינאָרדענען אַ פעלד־װירטשאַפט 180—250 דונ. באָדען, װאָס עס דאַרף אַליין קאָסטען צום װעניגסטען 6300—8750 פר. (2362,50—3281,75 רובל); צו דעם דאַרף מען נאָך (אויף אַ הויז, לעבעדיגען און טויטען אינווענטאַר, זריעה וכדומה) האָבען מעהר װי נאָך אַמאָל אַזוי פיעל. ביי אַ יודען, װאָס איז גרייט אַליין צו אַרבייטען, איז אָבער אַזאַ סומע שװער צו טרעפען. און ביים אַרבייטען מיט געדונגענע הענד קאָן אַזאַ װי. טשאַפּט, װי מיר זעהען אויפ'ן ביישפּיעל פון דער גרויסער מעהרהייט פון די יודישע קאָלאָניסטען פעלד־אַרבייטער אין פּאַלעסטינע, קוים דערנעהרען איהר בעל־הבית. קאָלאָניסטען, װאָס זאָלען זיך האָבען זעלבשטענדיג איינגעאָרדענט ביי פעלד־װירטשאַפט, זענען דערפאַר אין פּאַלעסטינע פאַרהאַן נור געצעהלטע. אַלע אַנדערע האָבען זיך קאָלאָניזירט מיט דעם הילף פון װעלכער עס איז קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט אויף די אָדער יענע בעדינגונגען; זיי זענען דערביי אָבער געוואָרען אָבהענגיג פון זייערע שטיצער. װאָס פאַר אַ רעזולטאַטען די דאָזיגע אָבהענגיגקייט האָט געהאַט, װעגען דעם װייטער.

ב) פרוכטבארקייט פון באָדען.

דער באָדען אין פּאַלעסטינע איז זעהר פערשיעדענאַרטיג און בייט זיך אָפט יעדע עטליכע טריט. ביים ברעג פון ים ציהען זיך אויף אַ פּאָר מייל דיונעס און װייטער—זאַמדיגער באָדען, װאָס טויג מעהר פאַר פּלאַנצונגען, איידער פאַר פעלד־אַרבייט. נעהענטער צו די בערג װערט דער באָדען אַלץ שװערער. אין דעם אונטערשטען

גליל איז אין פיעל ערטער איז די אָנגעטראָגענע שיכט זעהר דיק— בזי 2 מעטער און מעהר. אין מלחמיה און ימה האָט מען שוין עטליכע מאָל געמוזט איבערבויען די הייזער, ווייל מען האָט זיך דאָרט ביים בויען זיי ניט געקאָנט דערגראָבען ביז דער גרונד־שיכט, און זיי האָבען זיך דערפאַר אין א ביסעל צייט אָרום צעשפּאַלטען. ביי די ווענינע אַנאַליזען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען פון די פּאַ־לעסטינער באָדענס (דורך דעם אינזש. וויניק אין ראשון לציון), האָט זיך אַרויסגעוויזען, אז זיי זענען אַלע רייך מיט קאַלכשטאָף, אָבער זעהר אָרים מיט קאַלי און פאָספאָר. די סבה פון דער אָרימקייט ליעגט דערין, וואָס די אראבער האָבען אין משך פון טויזענדער יאָה־רען געזויגען דעם באָדען און האָבען גאָרנישט ניט אומגע־קעהרט צוריק. זיי האָבען זייער באָדען קיינמאָל ניט געמיסטיגט און האָבען איהם דורכדעם זעהר אויסגעמאָגערט.

לויט די ידיעות, וואָס איך האָב בעקומען כמעט אין אַלע יודי־שע קאָלאָניעס, איז די גערעטעניש פון די פערשפּרייטעסטע זייה־מינים דאָרט זעהר פערשיעדען און באַלאַנסירט אין די פאָלגענדע גרעניצען: 1) ווייץ: דער מינימום פון 2 (משמר, סעדזשערע, מע־טולע.א. א.) ביז 5 (זכרון, מלחמיה, ימה, קאַסטינא); דער מאַקסימום פון 6 (מעטולע) ביז 10 (ימה, זכרון, ראש־פנה). אויסער דעם דער־געהט ער נאָך אין מלחמיה ביז 12 און אין חדרה, וואו דער זומפּיגער באָדען, וואָס איז ערשט ניט לאַנג אויסגעטריקענט געוואָרען, איז קיינמאָל ניט בעארבייט געוואָרען, דערגעהט דער מאַקסימום ביז 25. דער מיטעלער איינטראָג איז פון 5 (מעטולע, משמר) ביז 8 (ימה, זכרון), נאָר געוועהנליך 6—7 מאָל. 2) גערשטען: מינימום — 7—8 מאָל; מאַקסימום — 10—25; דער מיטעלער — 6—11 מאָל. 3) באָב: מינימום 2—4; מאַקסימום פון 3 (בית גן ביז 6; מיטעלער — 4 מאָל. 4) אַרבעס: מינימום — 3—4; מאַקס. — 6—10; דער מיטעלער איינטראָג — 5—6 מאָל. חוץ די אָנגעוויזענע מינים, זייהט מען נאָך אין פּאַלעסטינע אין א קליי־נער מאָס האָבער, לינזען, חילבא (חלבונה) און כרשינא, און אין א גאַנץ בעדייטענדער צאָהל דורע (סאָרגאָ) און שומשום (סעזאַם). דער איינטראָג פון די לעצטע צוויי, אויסגעדריקט און „מאָלען", זאָגט גאָרנישט, ווייל מען זייהט זיי זעהר ווענינ אויס אויף א העק־טאַר. און אפילו וועגען די איבעריגע מינים זאָגט די צאָהל מאָל פון'ם איינטראָג ניט פיעל, ווייל ניט אין אַלע ערטער זייהט מען גלייך אויס אויף א העקטאַר (אין בית־גן צ. ב., איינס און א פיער־טעל כלי, אין מלחמיה 1½, אין זכרון 2). מיר ווילען דערפאַר די אָנגעוויזענע ציפער פון דעם איינטראָג איבערגעבען אין דער צאָהל פודען פון א דעסיאַטין. דאָס וועט אונז שפּעטער אויך לייכ־טער מאַכען צו פערגלייכען די הוצאות פון בעארבייטען דעם באָדען מיט דעם איינטראָג פון איהם:

| עס טראָגען אריין:*) | מינימום. | מאקסימום. | מיטעל. |
|---|---|---|---|
| ווייץ — | 12—35 פוד. | 36—80 פוד. | 35—49 פוד. |
| גערשטען — | 23,5—47 פוד. | 58,3—145,7 פוד | 42—77 פוד. |
| באָב — | 20—30 פוד. | 30—60 פוד. | 40 פוד. |
| אַרבעס — | 18—24 פוד. | 36—54 פוד. | 33 פוד. |
| דורע — | 12 פוד. | 36 פוד. | 24 פוד. |
| שומשום — | 9 פוד. | 33 פוד. | 18 פוד. |
| לינזען, חלבא, כרשינא | 16,5 | 33 פוד. | 20 פ. |

אויף צו פערגלייכען וועלען מיר ברענגען פאָלגענדע טאַבעלען:

ווייץ פאַר 1905 — 1909 פון א דעסיאַטין

| | מינימום. | מאַקסימום. | מיטעל. |
|---|---|---|---|
| רוסלאַנד — — | 47 פוד. | 64 פוד. | 53 פוד. |
| עסטרייך — — | 86 פוד. | 101 פוד. | 94 פוד. |
| ענגלאַנד — — | 125 פוד. | 141 פוד. | 132 פוד. |
| דייטשלאַנד — — | 119 פוד. | 142 פוד. | 132 פוד. |
| פראַנקרייך — — | 66 פוד. | 97 פוד. | 82 פוד. |
| פער. שטאַטען — | 85 פוד. | 102 פוד. | 95 פוד. |
| אַרגענטינע — — | 35 פוד. | 67 פוד. | 51 פוד. |

גערשטען פאַר 1905 — 1909 פון א דעסיאַטין

| | מינימום. | מאקסימום. | מיטעל. |
|---|---|---|---|
| רוסלאַנד — | 36 פוד. | 54 פוד. | 43 פוד. |
| עסטרייך — — | 81 פוד. | 94 פוד. | 89 פוד. |
| ענגלאַנד — — | 151 פוד. | 159 פוד. | 156 פוד. |
| דייטשלאַנד — — | 128 פוד. | 137 פוד. | 133 פוד. |
| פראַנקרייך — — | 87 פוד. | 104 פוד. | 95 פוד. |
| פער. שטאַט. פון אמער. | 63 פוד. | 72 פוד. | 67 פוד. |
| ארגענטינע — — | 43 פוד. | 61 פוד. | 52 פוד. |

פון די דאָזיגע טאַבעלעס זעהען מיר, אז לויט דעם איינטראָג פון ווייץ, וואָס איז דער הויפּט־זייה־מין אין פּאַלעסטינע, קאָן מען די יודישע קאָלאָניעס פערגלייכען נור מיט רוסלאַנד, און לויט דעם איינטראָג פון גערשטען נור — מיט רוסלאַנד און ארגענטינע (וואו די ווירטשאַפט איז א העכסט עקסטענסיווע). אין אלע איבעריגע אייראָפּעאישע לענדער און אין אמעריקע איז דער איינטראָג ניט אין אן ערך העכער. נעהמט מען אין אכט, אז די בעדערפעניששען

*) איך האָב בעקומען די ידיעות אין דער צאָהל כלי'ס פון א העקטאר. א כלי ווייץ וועגט א ביסעל מעהר פון 4 פוד. 1 כלי ווייץ = 52 טערקישע אָקי'ס; 1 טערקישע אָקי — 3,08 פונט; 1 העקט. — 9 צעהנטעל פון א דעסיאַטין. לויט די דאָזיגע צאָהלען גיב איך איבער דעם איינטראַג אין פודען פון א דעסיאַטין.

פון דעם יודישען קאָלאָניסט זענען ניט אין אַן ערך גרעסער, איידער פון דעם רוסישען פויער, און אז די הוצאות ביים בעארבייטען זענען אין פּאַלעסטינע, ווי מיר וועלען זעהן, פיעל העכער, איידער אין רוסלאַנד, — ווערט קלאָר איינע פון די הויפּט־סבות, פאר וואָס די קאָלאָניסטען זענען אזוי אָרים.

צי אז דאָרט מעגליך דעם איינטראָג פונ׳ם באָדען צו העכערן? אין פערגלייך מיט דעם פריהערדיגען איינטראָג ביי די אַראַבער(4—5) האָט זיך די יודישע קאָלאָניסטען איינגעגעבען אויפצוהויבען איהם אין פיעל ערטער אויף זעהר פיעל. נאָר זיי האָבען דאָס דערגרייכט ס׳רוב נור אַדאַנק זייער רויבערישער אַרבייט. די אַראַבער צעקראַצען נור געוועהנליך דעם באָדען מיט זייערע אקערס און עקספּלואַטירען אויף אַזאַ אופן נור די סאַמע אויבערשטע שיכטען. דאָס האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט אַזוי לאַנג צו שעפּען פון איהם פיעל וועניג אויך אָהן יעדער בעמיסטיגונג. די יודען האָבען אבער אין איניגע ערטער איינגעפיהרט דעם אייראָפּעאישען פלוג און אָנגעהויבען צו עקספּלואַטירען אויך די טיעפערע שיכטען. דורכדעם איז דער איינטראָג מיט אַמאָל פיעל העכער געוואָרען. אָבער ניט אומקערענדיג דעם באָדען גאָרנישט צוריק, מאָגערן די יודען איהם ניט אין אַן ערך מעהר אויס, איידער פריהער די אַראַבער און גרייטען זיך דערמיט צו א קאטאסטראָפע.

העכערן דעם איינטראָג, ניט שאָדענדיג דעם באָדען, וואָלט מען געקאָנט נור דורך בעמיסטיגונג. אין פּאַלעסטינע איז אָבער די מיסט־פראַגע איינע פון די שווערסטע. דער רוב יודישע קאָלאָניעס בעמיסטיגען גאָרניט זייערע פעלדער, און נור איניגע: קאסטינע, עקרון און די פּלאַנצונגס־קאָלאָניעס: פּתח־תקוה, ראשון, רחובות בעמיסטיגען זייערע פעלדער און פּלאַנצונגען. אין די ערשטע צוויי קאָלאָניעס פלעגען די קאָלאָניסטען בעקומען מיסט אין די אראבישע דערפער ארום. דאָרט האָט זיך אין משך פון הונדערטער יאָהרען אָנגעקליבען גאנצע בערגלעך אבוואָרף־מיסט. די יודען האָבען דאָס דאָרט אויסגענוצט. איצט האָבען זיך די אראבער אין די דערפער אליין אויסגעלערנט צו בעמיסטיגען, און עס איז אין די קאָלאָניעס געוואָרען א מיסט־פראגע. נאָך שארפער איז די פראגע אין די פּלאנצונגס־קאָלאָניעס. אין פּתח־תקוה צאָהלט מען צו 5—10 קאָפּ. א קוישעל שלעכטע מיסט, און עס איז ניטאָ, וואו צו בעקומען. אין פּתח־תקוה און ראשון פיהרט מען די לעצטע יאָהרען אריין א געוויסע צאָהל כעמישע מיסט. נאָר פאַר די פעלדווירטשאַפט־קאָלאָניעס קאָן דער היזיגער סאָרט מיסט ניט האָבען קיין ווערדע, ערשטענס דערפאַר, וואָס ביי דעם גרויסען שטח פונדעם באָדען, וואָס ווערט בעאַרבייט, איז זעהר שווער צו מאַכען פּרובען און אַנאַליזען פונ׳ם באָדען (און אָהן דעם הייסט דאָס נור די כעמישע מיסט ארויסוואַרפען אומזיסט), צווייטענס, קאָן ביי די איצטיגע פערקעהרס־מיטלען אין פּאַלעסטינע קיין רייד נישט זיין וועגען איבער־

פיהרען אַזוינע שווערע זאַכען, ווי מיסט, אין ערטער, וואָס ליעגען ווייט פון אַ האָפענשטאַדט. די בעסטע סאָרט מיסט איז אין אַלע פּרטים די געוועהנליכע, און די דאָזיגע מיסט האָבען די קאָלאָ־ניסטען ניט און קאָנען ניט האָבען, ווייל דערצו דאַרף מען האָבען גענוג פיה און אין פּאַלעסטינע איז פּאַר פיה־צוכט, ווי מיר וועלען באַלד זעהן, זעהר שלעכטע בעדינגונגען. די קאָלאָניסטען האָבען געוועהנליך נור זעהר אַ קליינע צאָהל פיה, און אין משך פון דעם גאַנצען יאָהר פיטערט זיך די פיה אונטער׳ן פרייען הימעל. עס בלייבט אפילו אויף איין גאַנצען טאָג ניט אין שטאַל. און מען פיטערט די פיה געוועהנליך אויך ניט אויף דעם אייגענעם באָדען, נאָר וואו מעגליך אויף די בערג, אָפּט אויף פרעמדען באָדען (אין פּאַלעסטינע איז דאָס ערלויבט), אַזוי אַז די צופעליגע מיסט געהט אויף לאָבוד פאַר די אייגענע פעלדער. די מיסט־פראַגע איז איינע פון די וויכטיגסטע, וואָס פון איהר העננט פיעל אָפּ דער גורל פון די קאָלאָניסטען אין פּאַלעסטינע. נאָר די דאָזיגע פראַגע איז, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, ענג צוזאַמענגעבונדען מיט דער פראַגע וועגען פיהצוכט אין פּאַלעסטינע.

## ג) פיהצוכט.

פון די הויז־בהמות ברענגען אריין אין פּאַלעסטינע דעם פערד און דעם קעמיל די בעדואינער, וועלכע פיטערן זיי אין די ווייטע סטעפּעס. די פּרדה (דעם מויל־אייזעל) ברענגט מען פון סיריען. אין פּאַלעסטינע גופא האָדעוועט מען זיי כמעט גאָרניט. דעם קע־מיל בענוצט מען אויף איבערפיהרען משאות, און אין די יודישעווירטשאַפטען (אויסער ארטוף) איז ער גאָר ניטאָ. דאָס פערד און די פּרדה זענען, צוזאַמען מיט די אָקסען, די וויכטיגסטע אַרבייטס־בהמות אין דער יודישער ווירטשאַפט. אַ פּאָר געוועהנליכע פערד צום אַרבייטען קאָסטען 500—600 פראַנק, און אַ פּאָר פּרדות 600—750 פראַנק. שטאַרקער און מעהר אויסגעהאַלטען אין דער אַר־בייט איז די פּרדה. אויף די פערד קומען אָפּט קרענק, און זעהר אָפּט טרעפּט, אַז עס פאַלט אַוועק ביי אַ קאָלאָניסט איין פערד, אַמאָל ביידע. דאַן פער׳חוב׳עט זיך דער קאָלאָניסט, און דאָס איז שוין אַן אָנהויב פון זיין חורבן. ניט זעלטען טרעפט, אַז ביי איהם פאַלען אַוועק אַרבייטס־בהמות אַ פּאָר יאָהר נאָכאַנאַנד, דאַן קאָן זיך דער קאָלאָניסט צוריק שטעלען אויף די פיס נור מיט דער הילף פון יק״א, וועלכע לייהט איהם אויס אויף אַרבייטס־בהמות. די פּרדה ליידט ניט אַזוי פיעל פון מגפות, אָבער עס טרעפּט אויך, אַז עס פאַלען פּרדות. חוץ דעם, זענען זיי זעהר ווילד, און עס טרעפט אָפּט ביים אַרבייטען מיט זיי שלעכטע צופאַלען.

דער אייזעל פערנעמט אין דער יודישער ווירטשאַפט אַן אומ־בעדייטענדען אָרט. די הויפּט געגענשטאַנדען פון פיהצוכט זענען אָקסען, קיה, שעפּסען און ציגען. אָקסען בענוצט מען אויף אַרבייט

קיה אויף מילך. די פּראָדוקטען פון פיהצוכט זענען אין פּאַלעסטינע זעהר טייער. א גוטער אָקס קאָסט ביז 200 פראַנק און העכער. א קוה אַביסעל וועניגער. פלייש קאָסט אין די קאָלאָניעס, וואו דאָס איז נור פאַרהאַן, 18—32 קאָפּ. אַ פונט; מילך 2—6 קאָפּ. א גלאָז; פּוטער 50—80 קאָפּ אַ פונט און טייערער. דאָך האָבען די קאָלאָניסטען זעהר ווענינ פיה. יעדער האָט נור צו 3—6 שטיק, צווישען זיי נור 2—3 מעלקעדיגע קיה, געוועהנליך. ווי א זעלבּשטענדיגע פּרנסה גילט פיהצוכט גאַרניט צווישען די קאָלאָניסטען (אויסער ביי די ה"ה שאַפּירא און העלמאַן אין פּתח־תקוה, וועלכע האָבען: דער ערשטער 120, דער אַנדערער 80 שטיק). שעפּסען און ציגען זענען אינ'ם רוב קאָלאָניעס גאָר ניטאָ. אין אַ ביסעל אַ גרעסערער צאָהל זענען זיי פאַרהאַן נור אין שפיה, (ביז צו 30 ביי יעדען קאָלאָניסט), אין משמר (ביז צו 20 ביי יעדען), אין מלחמיה און מעטולע.

צווישען די סבות, וואָס לאָזען ניט ענטוויקלען זיך אין פּאַלעסטינע די פיהצוכט, זענען די וויכטיגסטע צוויי. ערשטענס, דער דוחק אין פּאַשע, גוטע פּאַשע איז פאַרהאַן נור אַ צוויי דריי חדשים (אָדר, ניסן און טיילען פון שבט און איר, ערגערע פּאַשע אָדער האַלבע פּאַשע אויך אַזוי פיעל (שבט, איר, סיון, און ווען־עס־איז — אויך טבת), אין תמוז ווערט אַלין אויף די פעלדער אויסגעברענט פון היץ, און דאַן הויבען אָן די קיה צו הונגערן, ביז די נייע גראָז אין טבת. די שאָף, קריגען נאָך יאָ אַביסעל וואָס צו הריזשען, אָדער מען טרייבט זיי אויף די העכערע ערטער אויף די בערג. אין דער צייט פון גוטער פּאַשע גיבען די קיה מילך צו 1½—3 קוואַרט אַ טאָג. אָנהויבענדיג אבער פון מיטען זומער, איז אין די קאָלאָניעס כמעט ניט מעגליך אַ גלאָז מילך צו בעקומען. די קיה ווערען אין דער צייט מאָגער, הויט און ביינער. אין דערהיים וואָס צו געבען זיי עסען, האָט דער קאָלאָניסט גאָרנישט. די גאַנצע שטרוי געהט ביי איהם אוועק אויף צום עסען די פערד און די אַרבייטס־אָקסען. אָפּט פעהלט נאָך פאַר זיי אויך אויס שטרוי, און דעם קאָלאָניסט קומט אויס צו קויפען פון דער זייט. פון קיין היי וויים מען כמעט ערגיץ ניט אין פּאַלעסטינע. נור אין בית־גן און אין סעדזשערע האָט א פּאָר מאָל געטראָפען, אַז די גראָז איז אויסגעוואַקסען אַזוי הויך, אַז מען האָט עס געקאָנט שניידען אויף היי. אין אַלע איבעריגע ערטער קאָן מען דאָס ניט. קיין נאַטירליכע לאָנקעס זענען בכלל אין פּאַלעסטינע אין די קאָלאָניעס ניטאָ. איינפיהרען לאָנקעס מיט קינסטליכער בעוואָסערונג, אַזוי אַז מען זאָל פון זיי קאָנען שניידען דאָס גאַנצע יאָהר, איז אין פּאַלעסטינע כמעט אין ערגיץ ניט מעגליך, ווייל עס פעהלט דאָרט, ווי מיר וועלען ווייטער זעהן, אינ'ם רוב ערטער וואַסער אפילו אויף נויטיגערע זאַכען, ווי אויף אַ גרינס־גאָרטען צ. ב. צי לוינט דאָרט צו זייהען גראָזען אָדער תבואות צו שניידען גרינערהייט אָהן בעוואָסערונג, איז נאָך דערווייל ניט בעוואוסט. מען האָט געפּרובט

זייהען קלענווער (אין סעדזשערע), האָט מען איהם געהאַט צייט צו שניידען געוועהנליך נור איינמאָל, זעלטען צוויי. זומער ווערט ער ווי אַלץ, אויסגעברענט. עס קאָן זיין, אז אַהרנסאָנ'ס פּרוב־סטאַנ־ציע וועט מיט דער צייט אָנווייזען געוויסע סאָרטען גראָזען, וואָס וועלען זיך איינגעבען גוט אויך אָהן בּעוואַסערונג: נאָר דאָס וועט שוין די צוקונפט בעווייזען.

איצט קומט אוים די פּיה אין פּאַלעסטינע אין משך פון עט־ליכע חדשים בפּועל ממש צו הונגערן. עס טרעפט, אז עס פּערשפּע־טיגט דער ערשטער רעגען, און עס פּערשפּעטיגט אויך די נייע גראָז, פּאַלען די קיה הונדערטערווייז. נאָך ערגער איז, ווען דער ווינטער איז א קעלטערער. דאַן פּאַלען די קיה פון הונגער און קעלט און פּגר'ן מאַסענווייז. אַזוינס האָט געטראָפען, למשל פאר צוויי יאָהרען ווען דער ווינטער איז געווען א קאַלטער און ערטערווייז איז אפילו געוועזען שניי.

די צווייטע סיבה איז — די אָפטע מגפות. כמעט פּעריאָדיש, יעדע 7 יאָהר, קומט דער אַדלאַן (דבר) און מאַכט א תל פון גאַנצע כשערעדעס. נאָר אויך אין די געוועהנליכע יאָהרען פאַלען אוועק פון פערשיעדענע קריינק זעהר פיעל רינדער און שאָף, צ. ב. אין מעטולע ביי ה' מ״ד איז אוועקגעפאַלען פאר דאָס יאָהר תרע״א אויף 660 פּר. (1 פערד, 1 אָקס, א לאָשיק און שאָף אויף 200 פּר.) אין מלחמיה איז ביי איינעם פון 28 ציגען געבליבען 8; ביי דעם אַד־מיניסטראַטאָר אין סעדזשערע איז מיט עטליכע יאָהר צוריק גע־ווען ביז 300 שעפּסען, און איצט איז פון זיי געבליבען נור א 60 שטיק. אין קאַסטינע זענען אמאָל געווען שעפּסען כמעט ביי אַלע קאָלאָניסטען, און איצט איז געבליבען נור ביי צווייען. און אַזוי אין אַלע קאָלאָניעס. דעם לעצטען יאָהר האָבען די קאָלאָניסטען אין גליל איינגעפיהרט וועטערינאַרע הילף און געגענזייטיגע פער־זיכערונג. דאָס וועט אפשר מיט דער צייט לינדער מאַכען די שרעקליכע הזיקות, וואָס די מגפות מאַכען אָן.

ביי די אָנגעוויזענע בעדינגונגען איז א בעדייטענדע פיהצוכט אין פּאַלעסטינע אוממעגליך. קיין מילכווירטשאַפט איז ביי די קאָלאָניסטען ניטאָ. נור ווייניג חדשים האָבען זיי פאר זיך אליין מילך. בכלל גיבען די פּאַלעסטינער קיה זעהר ווייניג מילך. אויף א מילך־ווירטשאַפט ברענגט מען אין פּאַלעסטינע קיה פון דמשק. זיי דאַרף מען אָבער דאָס גאַנצע יאָהר געבען עסען אין שטאַל. נעבען א גרויסער שטאָדט, צ. ב., נעבען יפו אָדער ירושלים, וואו מען קאָן אַלע מאָל פערקויפען די מילך צו א הויכען פּרייז, וואָלט אַזוינע קיה געלוינט צו האַלטען. אין ערטער, וואו די אידישע קאָ־לאָניעס זענען נאָהענט צו דער אייזענבאַהן, וועלען דערפאר אַזוינע מילכיגערייען זיך אפשר מיט דער צייט אויסבילדען. פאר'ן איינגענעם געברויך אָבער האַלטען אַזוינע קיה לוינט פאר קיין פאַל ניט.

פון עופות זענען אין אַ גרעסערער צאָהל פאַרהאַן אין די קאָ־לאָניעס נור היהנער. אין איינִיגע — נאָך טייבעלעך און אין סע־רושערע — געננז. וואו ניט וואו בעגעגענט מען נאָך עטליכע ענט־לעך און ענדיקעס. פאַר ענטלעך און געננז בעהלט אין די קאָ־לאָניעס וואסער. די געננז ברענגען נאָך אָפט פיעל שאַדען, און מען דאַרף פאַר זיי האָבען אַ בעזונדער היטער. און דאָס לוינט שוין ניט. אין סעדזשערע האָבען געננז על פי רוב די גריס, וואָס פוי־לען זיך ניט צו שיקען זייערע אייגענע קינדער פאַשען די געננז. אויף ענדיקעס און היהנער טרעפען דאָרט אָפט מגפות (די היהנערשע כאָלערע). אויסערדעם טוען אָן די שאַקאַלען זעהר גרויס שאָדען די עופות. די קאָלאָניסטען האָבען דערפאַר עופות און אייער פאַר זיך גענוג נור אין אַ פּאָר קאָלאָניעס. אין די איבעריגע קויפט מען צו ביי די אַראַבער און מען צאָהלט זעהר טייער: אייער 15—25 קאָפּ. אַ צעהנדליג, אַ היהנדרעלע — 15—20 קאָפּ., אַ הוהן 40 — 60 קאָפּ. א. אז. וו. די לעצטע פאַר יאָהר האָט מען אין אַ פּאָר קאָ־לאָניעס (איבערהויפּט אין גדרה) איינגעפיהרט די מאַשינעס אויף אויסצוזיצען היהנער. די אויף אַזאַ אופן אויסגעזעסענע היהנער זענען פיעל שוואַכער, איידער די נאַטירליך אויסגעזעסענע, און ליי־דען פיעל מעהר פון פערשידענע קרענק. נאָר עס קאָן זיין, אַז אין איינִיגע קאָלאָניעס וועט דאָס מיט דער צייט ווערען אַ געשעפט.

דאָס, וואָס די קאָלאָניסטען האָבען ניט גענוג פאַר זיך אויפ'ן יאָהר אייגענע מילכיגס, עופות, אייער און, ווי מיר וועלען ווייטער זעהן, אויך גרינס, איז אויך איינע פון די וויכטיגסטע סיבות פון דער קאָלאָניסטישער אָרימקייט. אין די קאָלאָניעס זאָגט מען, אַז פון די מענער טאָר מען אין שטוב מעהר גאָרנישט פאָדערן, ווי ברויט, ד. ה. מען האַלט פאַר גוט, ווען פון די אַראָבגענומענע תבואה איז גע־נוג פאַרהאַן אויף אָבצוצאָהלען די רעגירונגס־שטייערן, דעם חוב דער אדמיניסטראציע, הוצאות המושבה, דעם ארבייטער פאַר דער אַרבייט, און עס בלייבט נאָך איבער פאַר די ארבייטס־בהמות צום עסען, תבואה אויף זריעה און פאַר זיך נור ווייץ אויף ברויט אויפ'ן גאַנצען יאָהר. מילך, פלייש, גרינס, אייער — דאַרף צושטעלען די פרוי פון דער הויז־ווירטשאַפט. אין פּאַלעסטינע איז אָבער די הויז־ווירטשאַפט שוואַך ענטוויקעלט: טיילווייז זענען דערין שול־דיג די קאָלאָניסטען און זייערע ווייבער, ס'רוב אָבער די אָרומיגע נאַטירליכע בעדינגונגען. יעדע קליינינקייט אין הויז קומט דער־פאַר אויס אין מיטך פון דעם גרעסטען טייל יאָהר צו קויפען. ביי אַזאַ לאַגע קאָן אַ בעל־ווירטשאַפט ניט דערנעהרען איהר בעל־הבית, און די קאָלאָניסטען קומט אויס פון צייט צו צייט אונטערצוהונגערן.

ד) בעוואַסערונג און קלימאַט.

וואַסער אויף צו טרינקען נעמען איינִיגע קאָלאָניעס (כנרת, דגניה) פון ירדן, ס'רוב אָבער פון געגראָבענע ברונימער (אין

יהודה) און פון נאַטירליכע קוועלען (אין גליל). אין אַ פּאָר ערטער: אין מצפה, פוריה, משמר זענען פאַרהאַן בורות פאַר רעגען־וואַסער. בענוצען זיך אויף צו טרינקען פון די וועניגע דורכ'ן יאָהר פליסענדיגע טייכלעך, איז ס'רוב אוממעגליך, ווייל זייער וואַסער איז שעדליך צום טרינקען און מאַכט דעם מענשען, וואָס בענוצט עס, גענויט צו קרענקען אויף מאַלאַריע. אין משמר, וואָס ליגט האַרט ביים ירדן, האָט מען דערפאַר געמאַכט בורות פאַר רעגען־וואַסער. ברונימער זענען פאַרהאַן נור אין די נידעריגערע ערטער, אין די טאָלען. זייער טיעפקייט: פון 7 — 10 מעטער אין וואַדי־חניז, ביז 47 מעטער אין גדרה. אין איינינע ערטער נאָך טיעפער (אין חולדה 92 מעטער). אַזאַ ברונים קאָסט אַ 10—15 טויזענד פראַנק און העכער. און אַ מאָטאָר צו איהם אויף ציהען די וואַסער נאָך אַ 7 טויז. פראַנק. אַזאַ גוטער ברונים קאָן געבען וואַסער פאַר דער גאַנצער קאָלאָניע צום טרינקען.

אויף צו בעוועסערן איז מעגליך צו בענוצען די וואַסער פון די שטענדיגע טייכלעך און אין די טאָלען—ברונימער. די לעצטע גראָבט מען נור אין באַיאַרעס. אויף בעוועסערן גרינסען לוינט ניט צו גראָבען קיין ברונים. אין אַלע קאָלאָניעס, וואָס נעהמען וואַסער פון אַ ברונים, איז דערפאַר ניטאָ קיין גרינס: די וואַסער פון זיי איז גענוג אויף צו טרינקען, אָבער עס איז ניט גענוג אויף בעוועסערונג, און נאָך איינעם גראָבען לוינט ניט. די קאָלאָניעס, וועלכע נעהמען וואַסער פון קוואַלען, האָבען אויך גענוג נור ווינטער, אין דער צייט פון די רעגענס. זומער איז פון די קוואַלען על פּי רוב קאַרג אפילו אויף אָנצוטרינקען די פּיה. וועגען זומערדיגע גרינסען איז דערפאַר ביי די קאָלאָניסטען כמעט אומעטום גאָר ניט מעגליך צו קלערען. נור אין עקרון האָבען די קאָלאָניסטען אַ ביסעל אַזוינע גרינסען, און אין מעטולע איז פאַרהאַן איין גרינסגאַרטען. געוועהנליך האָבען די קאָלאָניסטען נור אַ ביסעל אייגענע קאַרטאָפעל, ציבעלעס און קנאָבעל — ווינטער־גרינסען; און אפילו אַזוינע גרינסען קאָנען זיך די קאָלאָניסטען ניט אָנגרייטען אויף אַ לענגערער צייט, ווייל מחמת דעם, וואָס די מיטעלע טעמפּעראַטור פון יאָהר איז דאָרט זעהר אַ הויכע, איז אין פּאַלעסטינע אוממעגליך צו בענוצען געוועהנליכע קעלערס: אַלץ ווערט אין זיי באַלד אויסגעטריקענט און צעוויאַנעט. דעם גרעסטען טייל יאָהר קומט דערפאַר אויס די קאָלאָניסטען צו קויפען גרינס ביי די אַראַבער, וועלכע פוילען זיך ניט צו ברייננען וואַסער פון פאַר מיילען ווייט, און קאַרטאָפעל קויפט מען רוסלענדישע. וואָס פאַר אַ ווירקונג דאָס פעלען פון אייגענע גרינס האָט אויף דער קאָלאָניסטישער ווירטשאַפט, האָביר מיר שוין געזעהן.

לויט דעם קלימאַט קאָנען אין פּאַלעסטינע וואַקסען די פערשיידענסטע געוויקסען, אָנגעהויבען פון דער מיטעלמעסיגער זאָנע ביז דער טראָפּישער. מעהר נישט אין דעם גרעסטען טייל לאַנד

שטעדט דערצו דער דוחק אין וואסער. אין פּאַלעסטינע פאַלט אפילו אַרוים ניט ווענינ רעגען, מעהר ווי אין איינינע אייראָפּעאישע לענ־דער, צ. ב., מעהר ווי אין דייטשלאַנד. נאָר די רעגענס געהען אין משך פון א קורצער צייט און זענען זעהר שטאַרק. נור אַ קליינער טייל זייערער בעוויזט דערפאַר איינצוזעהמען זיך אין באָדען, דער גרעסטער טייל שטראָמט איבער די וואָדים מיט גרויס געוויש אין ים אריין. דער סכום וואסער, וואָס דער פּאַלעסטינער באָדען בע־קומט, איז, בכן, אַ גאַנץ קליינער.

די פערטיילונג פון די רעגענס אין דער צייט פון ווינטער האָט אויף אַ גרויסע ווירקונג אויף דער גאַנצער פעלדאַרבייט אין פּאַ־לעסטינע. אז מען פערזייהט דאָרט נאָכ'ן ערשטען רעגען, און דער אַנדערער האָט זיך פערשפּעטיגט, טרעפט אָפּט, אז די זריעה געהט ניט אויף, און עס קומט אויס איבערצוזייהען נאָכאַמאָל. פער־קעהרט, אז מען האָט דעם ערשטען רעגען ניט געגלויבט און אַבגע־לעגט דעם זייהען, און דער צווייטער רעגען האָט זיך פערצוינען (אַמאָל גיסט ער וואָכענלאַנג נאָכאַנאַנד), קומט שוין דאַן אויס בכלל צו שפּעט דער זייהען, וואָס עס ווירקט זעהר שלעכט אויף דעם קומענדיגען איינטראָג. עס קומט בכן אויס צו לאַווירען צווישען די רעגענס. טרעפט מען צו — איז גוט, ניט — איז דער גאַנצער איינטראָג פונ'ם קומענדיגען יאָהר אונטער אַ פראַגע־צייכען.

דער קלימאַט פון פּאַלעסטינע איז בערך אַ גלייכער און אַ גע־זונטער. די בעפעלקערונג ווייס דאָרט דערפאַר זעהר ווענינ פון לונגען־ און האַלז־קראַנקהייטען. נור צוויי קרענק זענען דאָרט זעהר פערשפּרייט און זענען אַן אמת'ע פּלאָג פאַר פּאַלעסטינע. דאָס איז די טראַכאָמע און די מאַלאַריע. די ערשטע איז ס'רוב פערשפּרייט צווישען קינדער און פרויען. פאַרהאַן קאָלאָניעס, ווי ראש פּנה, וואו כמעט אַלע קינדער ליידען פון טראַכאָמע. אין איינינע קאָלאָ־ניעס קומען טעגליך צום פעלדשער מיט די אויגען פיעל צעהנדלי־גער קינדער. אזוינע קאָלאָניעס, וואו די טראַכאָמע זאָל גאַרניט זיין, איז ניטאָ. זומער־צייט, אז מען נעהמט דרעשען די תבואות, הויבט זיך אויף אַ געדיכטער שטויב און פּילט אָן די גאַנצע לופט. די אויגען ווערען ענטצינדעט און געגוויגט אַנצונעהמען זיך מיט טראַ־כאָמע. די מאַלאַריע איז ניט ווענינער פערשפּרייט, ווי די טראַ־כאָמע. נור מעטולע, סעדזשערע, און טיילווייז ראש־פּנה און גדרה ליידען ניט פון איהר. אין אַלע איבעריגע געפינט איהר ניט בפועל ממש קיין איינעם, וואָס זאָל ניט האָבען געקרענקט אויף מאַלאַריע. אום צו געבען אַ בעגריף וועגען דער פערשפּרייטקייט פון דער קרענק, וועל איך ברענגען איינינע ציפער וועגען דעם סכום חינין, וואָס געהט אַוועק אין די קאָלאָניעס. אין חדרה, אטליט, כנרת, מגדל און אַנדערע ערטער נעהמט יעדער איינער טעגליך אַ פּיל חינין. אין משמר (90 נפשות) געהט אַוועק פאַר'ן יאָהר 2½ — 3 קילאָגראַם חינין, ד. ה. 27 — 30 גראַם (426—521 גראַן) אויף אַ נפש. אין

יסוד (170 נפשות) געהט אַוועק 6 קילאָגראַם חינין אַ יאָהר, ד. ה. צו 35 גראַם—553 גראַן אויף אַ נפש. דאָסזעלבע, אָדער אפשר אַ ביסעל וועניגער אין אנדערע קאָלאָניעס. אין די קאָלאָניעס: חדרה, אטליט, משמר, יסוד טרעפט זיך נאָך אָפט דער געלער פי־בער, וועלכער גיט זעהר אַ גרויסען פּראָצענט טויטען.

פון די ראָזיגע עפּידעמיעס, איבערהויפּט פון דער מאַלאַריע, ליידט אָפט פיעל די ווירטשאַפט. אַז זי טרעפט דעם קאָלאָניסט אין דער צייט פון פערזייהען, שטעלט זי אין קאָן די מערכה פון דעם גאַנצען קומענדיגען יאָהר. ניט זעלטען טרעפט, אַז עטליכע מיטגלידער פון דער פאַמיליע זענען צוגלייך קראַנק. צ. ב., ווען איך בין געווען אין יסוד ביי דעם גר דובראָווין, ביי וועלכען עס איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געשטאָרבען אַ זוהן פון געלען פיבער, איז ער אַליין געלעגען קראַנק, און זיין ווייב און זיין עלטערער זוהן זענען ערשט אויפגעשטאַנען פון קרענק און זענען אַוועקגעפאָהרען אי־בערבייטען די לופט אין מעטולע. אין שטוב ביי דער ארבייט זענען געבליבען נור זיינע אַ מיידעל און צוויי שניר. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלען, ווי עס ליידט ביי אַזאַ פאַל די גאַנצע פירטשאַפט.

דאָס זענען די נאַטירליכע בעדינגונגען, אין וועלכע עס קומט אויס צו ארבייטען דעם יודישען קאָלאָניסט אין פּאַלעסטינע. איז די נאַטור צו איהם פריינדליך דעם גאַנצען יאָהר, און ער האָט פער־זייהט צו דער צייט, און די רעגענס זענען געגאַנגען צו דער צייט, און ער און די פאַמיליע האָבען ניט געקרענקט, און קיין ארבייטס־בהמות זענען ביי איהם ניט געפאַלען, — דעמאָלט איז (ביי אַן אויפמערקזאַמער בעציהונג צו דער ארבייט מצד דעם קאָלאָניסט, און אויב עס האָט ניט געטראָפען קיין אומגליק פון אַן אַנדער זייט (צ. ב. מצד די אַראַבער), דער איינטראָג גענוג אויף דורכצו־לעבען דאָס יאָהר. האָט אבער געפעהלט איינע פון די בעדינגונגען, איז דער קאָלאָניסט שוין ניט זיכער מיט ברויט אויפ'ן יאָהר. און טרעפט דער אָדער יענער שלעכטער צופאַל אַ פּאָר יאָהר נאָכאַנאַנד, קאָן שוין דער קאָלאָניסט אינגאַנצען צו זיך ניט קומען. אויסער־דעם צייכענט זיך אויס די פּאַלעסטינער ווירטשאַפט, וועלכע גיט אפילו ביי אַלע גינסטיגע בעדינגונגען אין די גוטע יאָהרען נור צום לעבען, דערמיט, וואָס אפילו אינ'ם בעסטען יאָהר איז כמעט אוממעג־ליך עטוואָס אָבצושפּאָרען אויף אַ שלעכט יאָהר. און אין אַ שלעכ־טען יאָהר קומט דערפאַר דעם קאָלאָניסט אויס אַריינפאַלען אין חובות, וועלכע איהם איז כמעט אוממעגליך אויסצוצאָהלען, און דאָס ברענגט ביסלעכווייז זיין ווירטשאַפט צום גרונד.

### ב. די געזעלשאַפטליכע פאַקטאָרען.

#### א) די בעפעלקערונג.

קיין גענויע סטאַטיסטיק פון דער פּאַלעסטינער בעפעלקערונג איז ניטאָ. מען רעכענט, אַז דאָרט איז פאַרהאַן מעהר פון 800

טויזענד נפשות, וואָס עס מאַכט צו 29 מענשען אויף אַ קוואַדראַט־קילאָמעטער. פון זיי זענען ביז הונדערט טויזענד יודען, וואָס עס מאַכט אויס 12%—13 פון דער גאַנצער בעפעלקערונג. חוץ דעם, זענען דאָרט אין אַ קלענער צאָהל פאַרהאַן טשערקעסען, אַרמענער, דייטשען, מוהרעבער (פון צפון אַפריקע געקומענע), און די איבע־ריגע 650 טויזענד און אפשר נאָך מעהר — זענען אַראַבער. די לעצ־טע וואוינען טיילווייז אין די שטעדט, טיילווייז אין די דערפער (פּאַלאַכען). חוץ דעם, זענען נאָך פאַרהאַן בעדואינער, וואָס גע־הען אַרום מיט זייערע טשערעדעס פון אָרט צו אָרט אַרום און אין פּאַלעסטינע. פון די אַראַבער איז דער גרעסטער רוב מוסולמענער, אַ געוויסער טייל אַרום ירושלים און גליל — קריסטען.

די אַראַבער זענען אַ קלוג און דורכגעטריבען פאָלק און שאַ־צען שטאַרק דרייסטקייט און כח. זייער אויסוויינינגסטע בעצי־הונג צו יודען בייט זיך דערפאַר, אַבהענגיג פון דער יודישער בעדיי־טונג אין דעם אָרט. אין פּתח־תקוה, ראשון, רחובות, וואו די יו־דען האָבען אַ מאַכט, ווייזען די אַראַבער ניט אַרויס קיין אַגרעסי־ווע פיינדשאַפט, און די אַראַבער, וואָס אַרבייטען ביי יודען, זענען נאָך שטאַרק אונטערטעניג. פערקעהרט, די יודען ווייזען אין אַזוי־נע ערטער אויף זעהר אַ קאָנקרעטען אופן אַרויס זייער הערשאַפט און בעגעהען זיך אָפט מיט זייערע אַראַבישע אַרבייטער, ווי מיט קנעכט. אין גליל, וואו די אידען זענען אין אַ קלענערער צאָהל, און די קאָלאָניעס זענען צוואוארפענער, איז די בעציהונג מצד די אַראַ־בער אָפען אַ פיעל פיינדליכערע, די פערשיעדענאַרטיגע בעצי־הונג צו די יודען מצד די אַראַבער אין פערשיעדענע ערטער העננט אַב נאָך פון איין בעדינגונג. דאָרט, וואו די יודען האָבען אָבגע־קויפט דעם באָדען ביי די אַראַבישע דערפער, וואו די אַראַבער, הייסט עס, האָבען מיט'ן גוטען ווילען פאַר אַ געוויסער סומע אָב־געטראָטען זייער פּלאַץ, איז זייער בעציהונג אַ בעסערע; פער־קעהרט, וואו מען האָט אָבגעקויפט דעם באָדען ביי עפענדים און דערביי, פערשטעהט זיך, אַראָבגעטריבען די אַראַבער אַרענדאַטאָרס, ווי דאָס איז געווען אין פיעל ערטער אין גליל, איז די בעציהונג פון די אַראַבער אַן ערגערע.

נאָר אפילו ביי די גוטע בעציהונגען קומען פאָר טאָג טעגליך גנבות, גזלות און רציחות. איך וואָלט געקאָנט ברענגען פיעל זיי־טען מיט ביישפּיעלען פון אַזוינע צופאַלען, וואָס זענען פאָרגעקומען פאַר דער צייט, בשעת איך בין דאָרט געווען. דער פאַקט איז שוין אָבער אַ צו בעוואוסטער, מען זאָל וועגען איהם דאַרפען רעדען. די וועגען אין פּאַלעסטינע זענען ניט זיכער אפילו ביימאָג, און אין אָבענד ווערען זיי אינגאַנצען פוסט; אפילו די צוגען שטרעבען צו קומען צו דער לעצטער סטאַנציע פאַר'ן זון־פערגעהן. וואו נור עס ליעגט עפּעס ניט גוט, גנב'ען די אַראַבער צו. זיי טרייבען אָפט אַוועק בהמות פון דער טשערעדע; ווען די יודישע תבואות געהען

אויף, פּאַשען זיי זיי אָפּט אָב מיט זייערע פּיה; ווען די תבואה ווערט צייטיג, שניידען זיי זי אָפּט אָב: כדי עס זאָל וועניגער ניכר זיין און וועניגער וואַרפען זיך אין די אויגען, קנייפּען זיי נור אָפּ די זאַנגען. אין אייניגע ערטער (אין עין זיתים, ראש־פּנה) האָבען זיי פּערזאָקערט יודישען באָדען; זענענדיג אין כעס פאר עפּעס, האָבען די אַראַבער אין אייניגע ערטער (מעסחא, ראש־פּנה) אונטערגע־צונדען די יודישע באַיאַדעס (שייערס).

אַזאַ בעציהונג מצד די אַראַבער ברענגט דער קאָלאָניסטי־שער ווירטשאַפט דעם גרעסטען שאָדען. די געוועהנליכע גנבות, איבערהויפּט די גנבות פון די פעלדער און פון שייער, מאַכען אָפּט אויס זעהר פיעל. חוץ דעם רופט אַרויס אַזאַ בעציהונג פון די אַראַבער צום אייגענס פון די יודען אומגעהייערע הוצאות אויף שמירה: דאָס איז איינער פון די גרעסטע הוצאות־אַרטיקלען אין אַלע קאָלאָניעס. עס פאָדערן זיך ספּעציעלע שומרים פון קאָלאָ־ניע, שומרים פון די פעלדער, שומרים אין די גערטנער, שומרים פון באַיאַדער א. אַז. וו. ווי אַ ביישפּיעל וועל איך ברענגען פאָלגענדע ציפערן: הוצאות אויף שמירה אין רחובות, וואו מען האָט גענו־מען יודישע שומרים, אויפ׳ן יאָהר תרע׳ב, שוין אין קאָלאָניע צו־זאַמען מיט די כרמים, איז 18000 פראנק, און די גאַנצע הכנסה פון אַלע רחובות׳ער ווירטשאַפטען פאַר׳ן יאָהר תרע׳ב איז געוועזען אַן ערך 170,000 פר. די שמירה טראָגט דאָרט אַלזאָ אויס מעהר ווי 10% פון דער גאַנצער הכנסה! אין חדרה (אויך יודישע שומרים) זענען אַלע הוצאות פון דער קאָלאָניע אין יאָהר תרע״ב געוועזען 30,000 פר., פון זיי אויף שמירה 11,700 ד. ה. 39% פון אַלע הוצאות. אין זכרון — אַלע הוצאות 11,360 פר., אויף שמירה (אַראַבישע) 4020 פר., ד. ה. כמעט 36% פון אַלע הוצאות. און דאָס אייגענע אין אַנדערע קאָלאָניעס.

די ווירקונג פון דער אַראַבישער בעפעלקערונג אויף דער יודי־שער קאָלאָניזאַציע דריקט זיך אויס נאָך אויף איין אופן. די אַראַ־בער האָבען נאָך ביז איצט די קלענסטע בעדערפעגישען, און מען קאָן דערפאַר בענוצען זייער אַרבייטסקראַפט פאַר דעם קלענסטען לוין. דאָס ווירקט דעמאָראַליזירענדיג אויף די קאָלאָניסטען. מען קאָן דעם אַראַבער קריגען פאַר 30 קאָפּ. אַ טאָג. זיין אייגענע אַר־בייט וויל אָבער דער קאָלאָניסט ניט אָבשאַצען אַזוי נידעריג. מאַכט ער זיך אַ רעכענונג, אַז איהם לוינט בעסער צו דינגען אַן אַראַבער אויף אַקערן, און אַליין וועט ער די 30 קאָפּ. מיט אַ מותרות פער־דיענען, ווען ער וועט אַרבייטען עטוואָס אויפ׳ן הויף. צוערשט מאַכט דער קאָלאָניסט אַזאַ חשבון, האָבענדיג אין דער אמת׳ן איבעריגע אַרבייט, שפּעטער נעהמט ער שוין אַ מאַנאַטליכען אַראַבער (דאָס טראָגט אויס ביליגער, איידער אַ טעגליכען), און דאַן, ווען עס פעהלט ווען אַ טאָג אויס אַרבייט פאַר ביידען, בלייבט אָהן אַר־בייט, פערשטעהט זיך, דער בעל־הבית. מיט דער צייט ווערט דער

צושטאַנד פון „אָהן ארבייט" ביים קאָלאָניסט דער געוועהנליכער. ער דינגט שוין צוויי אַראַבער ארבייטער, און אַליין גיט ער אויף זיי אכטונג, און ווייטער מיט אַ חשבון, אַז מען טאָר די אַראַבער ניט לאָזען אַרבייטען אָהן השגחה, ווייל זיי וועלען פעלשען אין דער ארבייט. אַזוי ווערט דער קאָלאָניסט ביסלעכווייז, אָפּט אומבע־מערקט פאַר זיך אַליין, אַ דאַנק דער וואָלוועלער ארבייטס־קראַפט פון די אַראַבער, אַ פּוילענצער, אַ „בועז", וואָס געוועהנט זיך אָב פון יעדער אַרבייט און ווייזט אַרוים זיין בעל־הבת'ישע קראַפט נור אין אונטערטרייבען די אַראַבישע אַרבייטער. אויף וויפיעל דאָס רופט זיך אָב אויף דער קאָלאָניסטישער ווירטשאַפט, קאָן מען זעהן דערפון, וואָס אין די פּאַלעסטינער קאָלאָניעס רעכענט מען דעם ווערט פון דער אַרבייט דורכשניטליך פאַר איין פינפטעל פון דעם גאַנצען איינטראָג. אַז מען גיט אָב דעם אַראַבער איינגאַנצען צו בעאַרבייטען דעם באָדען, נעמט ער איין פינפטעל פון דעם גאַנצען איינטראַג און נאָך קליינינקייטען. דער דאָזיגער גרויסער טייל געהט אַוועק צו די אַראַבישע אַרבייטער פון דער קאָלאָניסטישער ווירטשאַפט. אמת, ווען דער קאָלאָניסט וואָלט אַליין אפילו שטענ־דיג געאַרבייט, וואָלט ער זיך צייטענווייז, למשל, ביים יעטען, ביים פּיהרען, ביים דרעשען, ביים אַראָבנעמען שומשום און דורע וכדומה, אויך גענויטיגט אין אַ טייל געדונגענער אַרבייט. אָבער דאָך וואָלט דאָן דער חלק, וואָס געהט אַוועק אויף די אַרבייטער, געווען פיעל קלענער, איידער אַ פינפטעל. אין אַ זול, —זאָגט מען ביי אונז, — עסט דער אָרימאַן אויף זיינע עטליכע גילדען. איז דעם פאַל ווייזט זיך די ריכטיגקייט פון דעם גלייכווערטיל אַרוים איינגאַנצען.

פאַרהאַן נאָך אַ דריטע ווירקונג פון דער אַראַבישער בעפעל־קערונג אויף דעם יודישען ישוב, אַ ווירקונג, וואָס פון איהר העננט אָב די גאַנצע ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון'ם ישוב. די אַראַבער שטעלען פאַר אַ בעסערן עקספּלואַטאַציאָנס־מאַטעריאַל, איידער די יודישע אַרבייטער, וועלכע האָבען גרעסערע בעדערפעניסשען, פאַ־דערן בעסערע בעהאַנדלונג א. אז. וו. (גענוי וועגען דעם זעה ווייי־טער דעם אַרטיקעל „די ארבייטער־פראַגע אין פּאַלעסטינע"). דער יודישער פּלאַנטאַטאָר, ווי אויף דער יודישער קאָלאָניסט, נעהמען דערפאַר אויף דער ארבייט ניט קיין יודישע אַרבייטער, נאָר אַראַבער. אין אָנהויב תרע"ב האָבען אין די יודישע קאָלאָניעס געאַרבייט 7 —8 טויזענד אַרבייטער, און פון זיי נור 5—6 הונדערט יודישע. ביי אַזוינע בעדינגונגען זענען די אַראַבער ניט נור אַרום, נאָר אפילו אין דער קאָלאָניע אָפּט אַ מעהרהייט. די צוקונפט פון אַזאַ ישוב. וואו די גאַנצע אַרבייט כמעט ליגט אין פרעמדע הענד, איז ווייט ניט זיכער פאַר די יודען. נאָך וויכטיגער אָבער איז דאָס, וואָס ביי אַזוינע בעדינגונגען איז אוממעגליך צו שאַפען אַן ענטוויק־לונגס־פעהיגען ישוב אין פּאַלעסטינע, ווייל עס איז דאָך שווער זיך פאַרצושטעלען, אַז עס וועלען זיך צווישען יודען פיעל געפינען אַזוי־

נע, וואָס האָבען עטליכע טויזענד רובל (אַ סומע, וועלכע איז נויטיג אויף איינאָרדענען זיך ביי אַ פעלדווירטשאַפט אין פּאַלעסטינע) און זאָלען איינשטימען אַליין צו אַרבייטען און בעגנוגען זיך נור מיט דורכצולעבען זיך פון דער ווירטשאַפט ווי עס איז. רעדט מען וועגען יודען קאָלאָניזאַטאָרס, דאַרף מען האָבען אין זינען, פון איין זייט, מענשען מיט קאַפּיטאַלען, וואָס וועלען זייער געלד וועלען אריינלעגען אין ערד־אַרבייט, ווי אין אַן אַנדער געשעפט, און בעקומען אויף איהם אַ געהעריגען פּראָצענט, אָדער יודען, וואָס האָבען אין גלות געאַרבייט און מוזען איצט עמיגרירען, ווייל זיי האָבען זייער אַרבייט פערלוירען, און וואָס ווילען אויף דעם נייעם אָרט ווייטער ארבייטען און שטעלען זיך נור אלס אידעאַל פאַר אַ זעלבשטענדיגע ווירטשאַפט. ביים ערשטען פאַל, ווען יודישע קאַפּיטאַליסטען זאָלען אפילו קומען אין פּאַלעסטינע (אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך, וועלען מיר ווייטער רעדען), וועט די אַרבייטסקראַפט ביי זיי ניט זיין קיין יודישע, און דאַן איז די גאַנצע יודישקייט פון'ם ישוב אָבגעפרעגט, ווי עס איז אָבגעפרעגט, למשל, דער בעלגישער כאַראַקטער פון דער אינדוסטריע אין דרום־רוסלאַנד, כאָטש דער קאַפּיטאַל, וואָס ליעגט אין איהר, איז אין אַ גרויסער מאָס אַ בעלגישער. דער צווייטער פאַל איז כמעט אינגאַנצען אויסגעשלאָסען. ווייל אויף איינצואָרדענען זיך ביי אַ לאַנדווירטשאַפט מוז מען האָבען אַ געוויסען קאַפּיטאַל (אפילו ביים איינאָרדענען זיך מיט דער הילף פון אַן אָרגאַניזאַציע). און אַזוינס איז פאַר דעם אַרבייטער מעגליך צו האָבען נור דאַן, ווען ער קאָן עטוואָס אָבשפּאָרען פון זיין פערדיענסט. אין פּאַלעסטינע, אַז אַ יודישער אַרבייטער שלאָגט זיך שוין ווי עס איז צו צו דער אַרבייט, אָדער אַ תימנ'ער יוד בעקומט אַרבייט, איז זייער לוין, מחמת דער קאָנקורענץ פון די אראַבער, אַזוי קליין, אַז וועגען אָבשפּאָרען קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין. דאָסזעלבע איז אויך מיט די קאָלאָניסטישע זיהן. קאָלאָניזירען זיך נעבען די עלטערן איז זיי אוממעגליך, ווייל די ווירטשאַפט דערנעהרט קוים איין פאַמיליע; אָבשפּאָרען געלד צו קאָלאָניזירען זיי האָבען די עלטערן קיין מעגליכקייט ניט, און זיי אַליין דורך זייער ארבייט אָנקלייבען געלד, אויף קאָלאָניזירען זיך, זענען אויך ניט אין שטאַנד. מוזען זיי פערלאָזען דאָס לאַנד, ווען זיי וואַקסען אונטער. פיעל פון די קאָלאָניסטישע זיהן, וויסענדיג פאָראויס, אַז זיי וועט אויסקומען אַוועקצופאָהרען, אינטערעסירען זיך אפילו ניט אויסצולערנען זיך די אַרבייט. יעדער קאָלאָניסט, וועלכען מען בעזעצט אין פּאַלעסטינע, איז אויף אַזאַ אופן נור אַן איינס פאַר זיך, אבער ניט קיין קערנדעל, וואָס זאָל קאָנען זיך ענטוויקלען און פון זיך אַליין וואַקסען. ביי די איצטיגע בעדינגונגען וועט מען אין פּאַלעסטינע שטענדיג דאַרפען אָרגאַניזירט, געזעלשאַפטליך קאָלאָניזירען, ד. ה. וועגען יעדען נייעם קאָלאָניסט וועט אויסקומען בעזונדער צו קלערען, יעדען איינעם צו

שטיצען: זי וועט זיך אָבער ניט קאָנען נאַטירליך אַליין קאָלאָניזי־
רען, דורך מענשען, וועלכע זוכען נור דורך זייער ארבייט זיך צו
דערנעהרען און זיך אַ צוקונפט צו שאַפען.

און ווען מען זאָל זיך פאָרשטעלען — אין וואָס וועניגע ארביי־
טער אין פּאַלעסטינע גלויבען, — אַז אויפוועקענדיג מעהר דעם
נאַציאָנאַלען זעלבסטבעוואוסטזיין פון די יודישע קאָלאָניסטען און
ווירקענדיג אויף די ציוניסטישע אינסטיטוציעס, וועט מעגליך ווע־
רען פערנעהמען מיט יודען דעם אָרט פון די אַראַבער ביי דער אַר־
בייט, וועט דאָן די פיינדליכע בעציהונג מצד די לעצטע, וועלכע
עקזיסטירט שוין איצט, פיעל שארפער ווערען, ווייטערדיגע קניות
פון באָדען וועלען כמעט אוממעגליך ווערען און די האָפענונגען אויף
ווייטערדיגער קאָלאָניזאציע וועלען אויף פיעל פערקלענערט ווערען.

ב) די רעגירונג.

די בעציהונג פון דער טערקישער רעגירונג צו דער יודישער
קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע איז ניט שטענדיג געווען איינע און
דיזעלביגע; נאָר ס׳רוב איז זי געווען אַ פיינדליכע. דאָס געזעץ,
וואָס פערבאָט יודען ניט־טערקישע אונטערטאַנען צו קויפען באָדען
אין פּאַלעסטינע, האָט יעדע קניה פיעל שווערער געמאכט, איידער
זי האָט געקאָנט זיין. אמת, ווען עס איז פאַרהאַן, וואו צו קויפען,
שטעלט זיך די זאַך ניט אָב איבער דעם נאָמען, אויף וועלכען צו
קויפען. נאָר דאָך איז שווערער צו בעקומען די קושאַנעס, עס מוז
קאָסטען באַקשיש, און אָפט זעהר פיעל. דער רויטער צעטיל האָט
אויך זיין ווירקונג און פערשאַפט אָפט אונאַנגענעהמליכקייטען.

אַ גרעסערע בעדייטונג האָט דאָס, וואָס די אָרטיגע אַדמיניס־
טראַציע איז שוואַך און האָט ס׳רוב קיין מעגליכקייט ניט צו בע־
שטראָפען די אַראַבער, וואָס זענען בעגאַנגען אַ גנבה אָדער אַ רציחה,
די אַראַבער ווייסען, אַז זיי וועלען געוועהנליך בלייבען אומבע־
שטראָפט. דאָס גיט זיי צו מעהר חשק צו בעגעהן פערברעכענס.

נאָר די גרעסטע שטערונג מצד דער רעגירונג פאַר דער ענט־
וויקלונג פון דער ערדאַרבייט אין פּאַלעסטינא בכלל און פון דער
יודישער קאָלאָניזאַציע בפרט זענען די גרויסע שטייערן, וואָס זי
נעמט פון דער ערד און פון די פּראָדוקטען פון ערדאַרבייט. אַזוי
צאָהלט זיך פון דער ערד שטייער 4 פּראָמיל פון איהר ווערט —
„ווערקא“, און פון די תבואות און כמעט אַלע פּרוכטען 12½ פּראָ־
צענט — „עשור“. און אין איניגע קאָלאָניעס דערגרייכט דער
עשור, איבער די קאַפּריזען פון די חוכרים פון דעם עשור, טיילמאָלס
ביז 13 און אפילו 14 פּראָצענט פון דעם גאַנצען שייער.

עס פערשטעהט זיך, אַז די אדמיניסטראַציע, די אָרדנונג און
אפילו די רעגירונג איז ניט קיין אייביגע זאַך. עס איז אפילו ניט
אוממעגליך, פּאַלעסטינע זאָל פון טערקישע הענד אַריבער אין

אנדערע הענד. און דאַן וועלען די ספּעציעלע בעגרענצונגען פאַר יודען מסתמא בטל ווערען, און אפשר וועלען אויך פערקלענערט ווערען די שטייערן. נאָר ביי אַ רעכטער רעגירונג און ביי אַ נאָר־מאַלער ענטוויקלונג פון דעם לאַנד, און איבערהויפּט דאַן, ווען פּאַ־לעסטינע וועט בעקומען אויטאָנאָמיע, וועט זיך די דאָרטיגע אַראַבי־שע בעפעלקערונג עקאָנאָמיש פערפעסטיגען. שוין איצט האָבען די אַראַבער פון פיעל דערפער, און אויך פיעל עפענדים, צ. ב., ביי וואַדי חנין, וועלכע האָבען פריהער נעהאַלטען ביי פערקויפען זייער באָדען, זיך אליין פערפלאַנצט באַיאַרעס און גערטנער און קלערען שוין מעהר ניט וועגען פערקויפען זייערע גיטער. פיעל אַראַבער, וועלכע זענען געוועזען אויסגעוואַנדערט אין אַמעריקע, האָבען דאָרט אָנגעקליבען געלד, האָבען זיך צוריקגעקעהרט און האָבען איצט איינגעאָרדענט גוטאַוועקגעשטעלטע ווירטשאַפטען. אַזוינע זענען אין דעם אויבערשטען גליל פאַרהאַן שוין איצט פיעל. ביי אַ רע־גירונג, וואָס וועט זאָרגען פאַר'ן וואוילשטאַנד פון דער אָרטיגער בעפעלקערונג, וועט די פערפעסטיגונג פון די אַראַבער געהן געשווינ־דער, און די שאַנסען פון דער יודישער קאָלאָניזאַציע וועלען דורכ־דעם מוזען פאַלען.

עס איז דערפאַר זעהר שווער צו זאָגען, ביי וואָסערע בעדינ־גונגען — ביי דער איצטיגער טערקישער הערשאַפט אָדער אין אַ פרייער אויטאָנאָמער פּאַלעסטינע — וועלען די שטערונגען פאַר דער יודישער קאָלאָניזאַציע זיין קלענער...

---

3.

## די אינעווייניגסטע פאַקטאָרען.

די אויסווייניגסטע סיבות, אויף וועלכע מיר האָבען אָנ־געוויזען, האָבען געווירקט, אַז אין פּאַלעסטינע זאָל זיך ניט אויס־בילדען קיין געזונטער און ענטוויקלונגס־פעהיגער יודישער ישוב. זיי אליין וואָלטען נאָך אָבער געווים ניט געקלעקט אויף צו ברענגען דעם ישוב צו אַזאַ שלעכטען מצב, נאָכדעם ווי עס זענען אויף איהם אויסגעגעבען געוואָרען אַזוינע גוואַלדיגע מיטלען. ווייל היינטיגע צייטען איז מעגליך אפילו פון האַרטען פעלז אין מיטען ים אַ בלי־הענדיגען גאָרטען צו מאַכען, ווען מען קאַרגט נאָר ניט קיין געלד. און ווען אפילו ניט קיין ענטוויקלונגס־פעהיגען צענטער, וואָס זאָל האָבען כוחות צו וואַקסען ווייטער פון זיך אליין, אָהן הילף פון דער זייט, וואָלט מען מיט'ן געלד, וואָס מען האָט פערטאָן אויף דער יו־דישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, געקאָנט וועניגסטענס שאַ־

פעז אַ בעדייטענדע צאָהל פּעסט איינגעאָרדענטע קאָלאָניסטען, וואָס זאָלען קיין מורא ניט האָבען פאַר'ן מאָרגענדיגען טאָג.

ווי גענויטע מענשען אין פּאַלעסטינע מאַכען דעם חשבון*), האָט דער באַראָן אַליין אריינגעלעגט אין דער פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע ניט ווייניגער, ווי 70—75 מיליאָן פראַנק, און צוזאַמען מיט די געלדער, וואָס די יק"א, די חובבי־ציון און אַנדערע חברות האָבען פערטאָן אויפ'ן ישוב, און וואָס פּריוואַטע לייט האָבען אריינגעבראַכט, האָט די יודישע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע אָבגעקאָסט ביז איצט ביז 80—85 מיליאָן פראַנק. טיילט מען די דאָזיגע סומע אויף די 1000 יודישע קאָלאָניסטען אין פּאַלעסטינע (גענויע 980, חוץ אַן ערך 400, וועלכע האָבען נאָר ערד אין פּאַלעסטינע און וואוינען דאָרט ניט און לעגען כמעט אַלע יעדעס יאָהר נאָר אריין ניי געלד אין זייערע ווירטשאַפטען און נעמען פון זיי דערווייל גאָרנישט אָדער כמעט גאָרנישט ניט אַרויס), מאַכט אויס אויף

*) ווענען אַ גענויעם חשבון פון דעם געלד, וואָס איז אריינגעלעגט געוואָרען אין דער פּאַלעסטינישער קאָלאָניזאַציע, קאָן קיין רייד ניט זיין. ניט נאָר די קלענערע פּריוואַטע סומעס, נאָר אויך די געלדער, וואָס דער באַראָן און די יק"א האָבען אריינגעלעגט אין דער קאָלאָניזאַציע, לאָזען זיך ניט גענוי אויסרעכענען. ווייל דער באַראָן, ווי אַ פּריוואַטע פּערזאָן, איז קיינמאָל ניט מחויב געווען אָבצונעבען ווען עס איז אַ רעכענונג, און די יק"א האַלט אויך ניט פון גענויע עפענטליכע חשבונות, ביים אויסרעכענען דעם סכום, וואָס די יודישע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע האָט אָבגעקאָסט, קומט דערפאַר אויס צו בענוגענען זיך מיט די חשבונות, וואָס גענויטע מענשען אין פּאַלעסטינע מאַכען. אחד העם האָט אין יאָהר תר"ס געבראַכט די ציפער 40 מיליאָן פראַנק, וואָס דער באַראָן אַליין האָט אריינגעלעגט אין דער קאָלאָניזאַציע. די דאָזיגע ציפער איז — ווי מען מאַכט דעם רעכענונג אין פּאַלעסטינע — ניט געווען אַ גוזמא. פון דאַן אָן האָט מען נאָך אויפ'ן באַראָנס חשבון ערשטענס איינגעאָרדענט—אָפּט פון דאָסניי— די קאָלאָניסטען פון די אַלע פריהערדיגע קאָלאָניעס: זכרון, ראשון, עקרון, פּתח־תקוה, ראש־פּנה, יסוד, מעטולע — און געגרינדעט זעקס נייע קאָלאָניעס אינ'ם אונטערשטען גליל: מלחמיה, מעסחא, ימה, בית־גן, כנרת, מצפּה און אַטליט ביי חיפה. די יק"א האָט אויפ'ן אייגענעם חשבון געגרינדעט די קאָלאָניעס משמר אין סעדזשערע. די חובבי־ציון פון פּערשיעדענע לענדער און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָבען געגרינדעט אָדער געשטיצט: גדרה, קאַסטינע, עין־גנים, באר־יעקב, חדרה, וואַדי־חנין, ארטוף, לוד, חולדה, כנרת דגניה, מרחביה. פּריוואַטע געלדער זענען אריינגעלעגט געוואָרען דערהויפּט אין רחובות, און אויך אין פּתח־תקוה, אין חדרה, אין עין זיתים, אַ ביסעל אויך אין ראשון און גדרה און די לעצטע צייט אין די פערמעס מגדל און פוריה.

יעדער קאָלאָניסטישער פאַמיליע ביז 85 טויזענד פראַנק, אַ סומע, וואָס מען וואָלט געקאָנט, רענטירענדיג זי נאָר צו 4 פּראָצענט, אויסהאַלטען אויף איהר אין פּאַלעסטינע ניט אין אַן ערך בעסער, איידער איצט, גאַנצע דריי פאַמיליעס, וועלכע וואָלטען אָהן יעדער אַרבייט רוהיג געגאָסען פון דער רענטע. און ווען מיר וועלען די גאַנצע סומע צוטיילען ניט אויף דער צאָהל קאָלאָניסטען, נאָר אויף די גאַנצע 7500 נפשות, וואָס זענען פאַרהאַן אין די יודישע קאָלאָ־ניעס און פערמעס (צוזאַמען מיט די בעלי־מלאכות, קרעמער, לעה־רער, ארבייטער א. אז. וו.) וועט אויך אויסמאכען אויף יעדען נפש העכער 11 טויזענד און אויף יעדער פאַמיליע — 5 נפשות — העכער 55 טויזענד פראַנק, וואָס דערפאַר וואָלט מען אויך געקאָנט פערזיכערן דורך רענטע גאַנצע צוויי פאַמיליעס*).

נאָך דייטליכער בעווייזט, אַז די אויסוויינינגסטע סיבות אַליין זענען ניט גענוג געווען צו ברענגען דעם ישוב צו זיין איצ־טיגען מצב, דער פערגלייך פון דער פערטונענער סומע מיט דעם גאַנצען איצטיגען ווערט פון דעם יודישען קאָלאָניזאַציאָנס־אייגענטום אין פּאַלעסטינע, אויף וויפיעל דער לעצטער לאָזט זיך אויסרעכענען. מיר בעקומען דאַן פאָלגענדע ציפער:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 1) | באַיאַרעס | א 7.230** | דונאַם צו 1000 פר. אַ דונאַם | — 7.230.000 פר. |
| 2) | מאַנדלען | א 16.140 | דונאַם צו 175 פר. אַ דונאַם | — 2.824.500 פר. |
| 3) | אַליוועז | א 649,0 | דונאַם צו 175 פר. אַ דונאַם | — 1.135.750 פר. |
| 4) | וויינגערטנער | א 14.370 | דונאַם צו 175 פר. אַ דונאַם | — 2.514.750 פר. |
| 5) | אנד. פרוכט־בוימער | א 2.920 | דונאַם צו 200 פר. א דונאַם | — 584.000 פר. |
| 6) | עווקאַליפּטוס | א 3.600 | דונאַם צו 150 פר. אַ דונאַם | — 540.000 פר. |
| 7) | בוי פּלעצער | א 17.000 | דונאַם צו 120 פר. אַ דונאַם | — 2.040.000 פר. |
| 8) | זריעה באַדען | א 157.300 | דונאַם צו 50 פר. אַ דונאַם | — 7865.000 פר. |

*) ווען מען דערמאָנט זיך, אַז דער ישוב אין פּאַלעסטינע האָט ניט קיין כח אליין צו ענטוויקלען זיך, און יעדע קאָלאָניסטישע פאמיליע האָט ניט קיין גרעסערע בעדייטונג, ווי פשוט פון נאָך אַ פאמיליע אין פּאַלעסטינע, און אַז ארום פאַמיליעס, וואָס לעבען פון רענטע, קאָנען אויך ציהען חיונה נאָך בעלי־מלאכות, קרעמערס, לעהרערס א. אז. וו., בעקומט אָפּטמאָל אַזאַ רענטע־חשבון אַ בעדיי־טונג ניט נאָר ווי אַ פערגלייך, און עס ענטשטעהט אַ פראַגע, צי עס לוינט טאַקע פאַר די, וואָס ווילען נור בעזעצען פּאַלעסטינע מיט יודען, איין קאָלאָניסט בעסער איידער דריי רענטיע? בפרט נאָך, אַז די פּאַלעסטינישע קאָלאָניסטען קענען ניט דיענען פאַר אַ געצוייען בעווייז, אַז עס איז מעגליך אַ נאַטירליכע (אָהן צדקה) יודישע קאָלאָניזאַציע, ווייל כמעט אַלץ, וואָס עס איז געשאַפען געוואָרען אין פּאַלעסטינע, איז געשאַפען געוואָרען דורך צדקה..

**) די צאָהל דונאַמען פון די פונקטען 1־8 זענען כמעט פּינקטליכע, אויס־גערעכענט לויט די צאָהלען, וואָס איך האָב בעקומען אין יעדער קאָלאָניע בע־זונדער. וואו די צאָהל איז געווען ניט קיין קיילעכדיגע, האָב איך זי פערגרע־סערט.

9 בור, שטיינער, א. ד. ג. א 165.000 דונאם צו 30 פר. דונאם—7.865.000 פר.
310) הויפען הייזער א 1,500 דונאם צו 6000 פר. א דונאם—9.000.000 פר.
11) ברונימער, וואַסערלייטונגען, בורות אין די קאָלאָניעס —1.000.000 פר.
12) אינוועטאר א 1.000 ווירטשאַפטען צו 6.000 פר. —6.000.000 פר.
13) וויינקעלערס — — — — — — — — — — — — — —3.500.000 פר.
14) וועגען א. ד. ג. — — — — — — — — — — — —1.000.000 פר.

ס"ה 50.184.000 פר.

די דאָזיגע ציפער איז די מאַקסימאַלע, ווייל 1) איז דער אָנגעגעבענער פּרייז פער דונאם פון די קאַטעגאָריעס 1—6 כמעט דער מאַקסימאַלער און פאר שוין גרייטע, ד. ה. וואָס גיבען שוין איינטראָג, און אין די אָנגעגעבענע צאָהלען דונאַמען געהען אויך אריין די באַיאַרעס, מאַנדלען א. ד. ג., וועלכע מען האָט ערשט פערפלאַנצט (ביז תרע"ב) און וואָס טראָגען נאָך גאָרנישט, און 2) איז דער ווערט פון אַ קאָלאָניסטישער הויז מיט שטאַלען, געוועהנליך, נאָר 4—5 טויזענד פראנק און דער אינוועטאר אויך נאָר 4500—5000 פראַנק. די מיטעלע, מעהר קרוב לאמת'דיגע סומע וועט זיך דערפאַר בעקומען, ווען מיר ווענען די 50 מיליאָן פערקלענערען וועניגסטענס אויף איין זעקסטעל, אַלזאָ אַ 42 מיליאָן פראַנק, ד. ה. אַן ערך אַ העלפט פון דעם, וואָס דער ישוב האָט אָבגעקאָסט. און די דאָזיגע סומע בעקומט זיך 1) נאָך אַ דרייסיג־יעהריגער ארבייט און 2) בעת דער ווערט פון'ם באָדען אליין איז אויסגעוואקסען פאר דער צייט 4 מאָל אַזויפיעל, ווי פריהער, און העכער.

די דאָזיגע ציפער בעווייזען, אז ניט נאָר די אויסערוויינינגסטע בעדינגונגען זענען שולדיג דערין, וואָס די פּאַלעסטינער יודישע קאָלאָניזאַציע איז אַזוי אָרים. עס זענען דערין געוויס שולדיג אויך פיעל אינערווייניגסטע סיבות, וואָס האָבען ניט געלאָזט די אריינגעלעגטע געלדער צו דערגרייכען אפילו דעם מינימום פון ערפאָלג, וואָס מען האָט געקאָנט ערוואַרטען אפילו ביי די שווערע אויסערווייניגסטע בעדינגונגען. צו די דאָזיגע אינערווייניגסטע סיבות געהען מיר איצט איבער.

## א. דער קאָלאָניזאַציאָנס־עלעמענט

דער ערפאָלג פון יעדער קאָלאָניזאַציע העגנט זעהר פיעל אָב פון דעם קאָלאָניזאַציאָנס־עלעמענט; בעזונדערס אָבער איז פון איהם אָבהענגיג דער ערפאָלג, ווען אויף איהם פאַלט דער גורל צו זיין אַ פּיאָנער, ווען איהם קומט אויס צו געהן אין נאָך וויסטע און ווילדע ערטער, כדי זיי מיט זיין אַרבייט אויפצובויען און אנטוויקלען. צי זענען די פּיאָנערען פון דער פּאַלעסטינישער קאָלאָניזאַציע געווען דער פּאַסינגער עלעמענט? אז מען בעקאָנט

זיך מיט איהם נעהענטער, ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז ניט געווען דער פּאַסיגסטער.

1) צווישען די קאָלאָניסטען, וואָס זענען אין אָנהויב פון די 80־ער יאָהרען געקומען קיין פּאַלעסטינע, זענען נאָר די עקרונ׳ער — פריהערדיגע קאָלאָניסטען אין רוסלאַנד — געווען בעקאַנט מיט דער ערד־אַרבייט. אַלע איבעריגע האָבען וועגען איהר אפילו קיין שום השגה ניט געהאַט. זיי האָבען ניט געוואוסט, וואו, וואָס און ווי צו זייהען, זיי האָבען קיין בעגריף ניט געהאַט, ווי צו נעמען זיך פאַר דער אַרבייט, ווי אַרומצוגעהן אַרום בהמות וכדומה. אין די קאָלאָניסטישע גרופּעס, וואָס זענען געקומען קיין פּתח־תקוה, ראשון, ראש־פּנה און זכרון, איז ניט געווען אפילו קיין איינער, וואָס זאָל קאָנען לערנען די איבעריגע אַרבייטען. זייערע לעהרער האָבען דערפאַר געמוזט ווערען די אַראַבער. און די קאָלאָניסטען האָבען ווי געטרייע תלמידים נאָכגעטאָן זייערע לעה־רער. (אין הלכות פלאַנצונגען האָבען די קאָלאָניסטען שפּעטער געהאַט אַנדערע לעהרער, על פּי רוב אַגראָנאָמען פון פראַנקרייך. די דאָזיגע לעהרער זענען אפילו געווען שלעכטע פּעדאַגאָגען און אָפּטמאָל אויך שלעכטע אַגראָנאָמען: אָנשטאָט צו ענטוויקלען די אַרבייטס־פעהיגקייט און די זעלבסטשטענדיגקייט פונ׳ם תלמיד, האָ־בען זיי אויף איהם געקוקט, ווי אויף אַ שנאָרער און געטויט אין איהם יעדע איניציאַטיוו; און אָנשטאָט אויסצושטודירען די אָרטיגע בעדינגונגען דורך קליינע, אָבער זיכערע פּרובען, און דער־נאָך ערשט אַרבייטען אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב, האָבען זיי גלייך איבערגעטראָגען אין פּאַלעסטינע די פראַנצויזישע אַרבייטס־פאָר־מען, ניט רעכענענדיג זיך מיט דעם, צי זיי פּאַסען אָהער צי ניט. דאָך זענען די קאָלאָניסטען אין הלכות פלאַנצונגען דערגאַנגען צו אַ גאַנץ הויכער מדרגה. אין דער פעלדווירטשאַפט אָבער זענען זיי נאָך עד־היום געבליבען ביי דער פּרימיטיווער אַראַבישער אַר־בייטס־סיסטעם). אין העכער 60 פּראָצ. פון אַלע קאָלאָניסטישע פעלד־ווירטשאַפטען אַקערט מען נאָך איצט נור מיט׳ן אַראַבישען אַקער־אייזען און מען דרעשט מיט דער אַראַבישער ברעט און אין גאַנץ פּאַלעסטינע האַלט מען זיך נאָך ביי דער אַראַבישער פעלד־טיילונג. די פּרימיטיווע אַרבייטס־פאָרמען ביי וועלכע זיי האַלטען זיך נאָך איצט. האָט געוויס אַ גרויסען חלק אין זייער אָרימקייט.

2) די קאָלאָניסטען פון די 80ער יאָהרען זענען בעשטאַנען פון קרעמער, הענדלער, מיליאנערן אויך פון „אינטעליגענטען“, — אַלץ מענשען, וואָס זענען ניט געוועהנט געווען צו פיזישער אַר־בייט. די ערדאַרבייט איז פאַר זיי שוין פון אָנהויב אָן געווען זעהר שווער. און די אַראַבער, וועלכע די קאָלאָניסטען האָבען זיך פריהער גענומען פאַר לעהרער, זענען דערפאַר באַלד געוואָרען ביי זיי שטענדיגע אַרבייטער. און די קאָלאָניסטען אַליין זענען באַלד פון ערדאַרבייטער געוואָרען נאָר ערדבעזיצער. שפּעטער

האט די אדמיניסטראציע נאך מעהר אויסגעלערנט די קאלאניסטען ארויפצו־ווארפען די גאנצע ארבייט אויף די אראבער. פון צייט צו צייט פלעגט זי אפילו אנהויבען צו פאדערן, אז די קאלאניסטען זאלען אליין אויך ארבייטען; באלד אבער פלעגט זי מבטל מאכען איהר „גזרה" און מאכען די קאלאניסטען נור פאר אויפפאסער איבער די אראבישע ארבייטער. דער סוף איז, אז פון די אמאליגע קאלאניסטען זענען נאר געבליבען יחידי סגולה, וועלכע ארבייטען אמאל אליין אויך. דער גרעסטער טייל פון זיי געהט נאר נאך די געדונגענע אראבער און טרייבט זיי אונטער. אין ראש־פנה קאנט איהר צו יעדער צייט טרעפען גרופעס קאלאניסטען זיצען ערגייץ אויף א גאניק און פיהרען א שמועס צווישען זיך. אין ראשון וויצעלט מען זיך אויף די דארטיגע קאלאניסטען, אז פיעל פון זיי ווייסען ניט דעם וועג צו זייערע וויינגערטנער. און אפילו אין נדרה, אין דער קאלאניע פון די בילוי'צעס, ווען איהר געהט אהין אריין נאכמיטאג־צייט ווינטער, ווען די ארבייט ברענט, בעגעגענט איהר ניט אין משך פון א פאר שעה קיין איין קאלאניסט אויפ'ן גאס: דאס רוהען זיי זיך אב נאך מיטאג. און שפעטער וועלען זיי ארויס אויפ'ן פעלד און קוקען, ווי זייערע אראבער ארבייטען, און אונטערטרייבען זיי. כמעט אין דעם גאנצען אויבערשטען גליל און טיילוויז אויך אין מעסחע און אין זכרון בעארבייטען די קאלאניסטען איצט גאר אליין ניט זייער באדען, נאר זיי גיבען איהם אב אינגאנצען צו בעארבייטען אראבער פאר א פינפט־חלק פון דעם איינטראג. „פוילענצער" — דאס איז אין פאלעסטינע געווארען א שם־דבר פאר די קאלאניסטען. נאר אויב צו געבען דאס דאזיגע צונעמעניש אלע קאלאניסטען וואלט געווען די גרעסטע עבירה, ווייל פון די נייע קאלאניסטען אינ'ם אונטערשטען גליל און אויך פון קאסטינע זענען פארהאן פיעל פלייסיגע מענשען, וועלכע ארבייטען אליין, — איז בנוגע צום רוב קאלאניסטען דער עפיטעט א ריכטיגער. עס פערשטעהט זיך, אז דאס פ ו י ל ע ן ז י ך האט אלע מאל געווירקט און ווירקט אויך איצט זעהר שלעכט אויפ'ן מאטעריעלען צושטאנד פון די קאלאניסטען.

שלעכט רופט זיך אב אויף דער ווירטשאפט אויך דאס, וואס די איבעריגע מיטגלידער פון דער פאמיליע, אויסער דעם קאלאניסט אליין, ארבייטען אויך זעהר וועניג אדער גארניט. די קינדער לערנען אין שולע ביז 14 יאהר און זענען פערנומען טעגליך פון 8 אין דער פריה ביז 4 פארנאכט. פריי פון די לימודים זענען זיי נאר די לעצטע פאר זומער־חדשים, ווען קיין ארבייט אויפ'ן פעלד איז כמעט ווי ניטא. א גאנץ יאהר העלפען זיי די עלטערן מיט גארנישט, אויסער וואס אין איניגע קאלאניעס טרייבען זיי אין דער פריה ארויס די בהמות אין פעלד און אוונד־צייט, ווען די טשערעדע קעהרט זיך צוריק, פערטרייבען זיי זיי צוריק אויפ'ן הויף. די קינדער לערנען זיך דערפאר ניט אויס די ארבייט און — וואס

עס איז פיעל וויכטיגער — זיי געוועהנען זיך ניט פון קינדרווייז אויף צו פיזישער ארבייט. און אז זיי ענדיגען די שולע, פאָהרען די בחורים על פי רוב באַלד אוועק. קאָלאָניסטישע בחורים, וואָס ארבייטען, זענען פאַרהאַן נאָר אין זכרון און טיילווייז אין פתח־תקוה. די פרויען פערנעהמען זיך נאָר מיט הויז־ווירטשאַפט, ווייל די הויף־ווירטשאַפט איז געוועהנליך זעהר אַ קליינע: קיין גרינס, קיין מילכיגס, קיין עופות איז כמעט ווי ניטאָ. די טעכטער העל־פען דער מוטער אַביסעל אין דער שטוב־אַרבייט, געהען וועו עס איז העלפען רייסען דורע אין שמשום און נייהען אויף דער פאַמי־ליע. צום מיינסט אָבער — ווייל עס איז ניטאָ וואָס צו טון — נייהען זיי אויס, לייענען ראָמאַנען, נודיען זיך און וואַרטען אויף חתנים. קאָלאָניסטישע טעכטער, וואָס אַרבייטען אין פעלד, און אין גאַנץ פאַלעסטינע פאַרהאַן — דריי! די מיידלעך פערענט־פערן זיך דערמיט, וואָס עס איז פאַר זיי געפעהרליך צו פאָהרען ארבייטען אין פעלד מיט די אַראַבער צוזאַמען. עס קאָן זיין, אז דער תירוץ איז ניט קיין פאַלשער. נאָר נאָך ריכטיגער איז, אַז די גאַנ־צע סביבה, וואו די גרויסע ארבייטען ניט, איז ניט מסוגל צוצוגע־וועהנען די יונגערע צו דער ארבייט. און די קאָלאָניסטישע ווירט־שאַפט, וועלכע נויטיגט זיך אין אַזוי פיעל ארבייט אין פיעל צוויי־גען — אין פעלד, אין הויף, אין הויז — בלייבט נור ביים „אויפ־פאַסען" פון דעם קאָלאָניסט אליין און ביי דער קליינליכער הילפס־אַרבייט פון דער פרוי און קינדער. אַזאַ ווירטשאַפט קאָן ניט דער־נעהרען איהר בעל הבית, און דער קאָלאָניסט מוז זיין אָרים.

עס איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז דאָרט, וואו די קאָ־לאָניסטען זענען געווען מעהר אידעאַליסטיש געשטימט, צ. ב. אין גדרה, האָבען זיי אויך לענגער, איידער אַנדערע, געאַרבייט אליין: דער אידעאַליזם, ווייזט זיך אַרויס, שטעהט אָפט ביי דאָרט, וואו עס פעהלען אַנדערע גינציגע בעדינגונגען. ביי די קאָלאָניסטען פון ראש־פנה, זכרון און אַנדערע איז דער אידעאַליזם געווען פיעל שוואכער. צווישען זיי זענען אויך געווען פיעל, וואָס זענען געקומען קיין פאַלעסטינע גאָר ניט צוליעב אַן אידעאַל, נאָר ווייל זיי האָבען געמוזט אנטלויפען פון דער אַלטער היים: באַנקראָטירטע סוחרים, אנטלאָפענע סאָלדאַטען. דאָרטען האָט די אַראַבישע אַר־בייט פריהער פערביטען איינגאַנצען די יודישע. שפּעטער, אַז דער באַראָן האָט גענומען די קאָלאָניעס אונטער זיין שוץ, האָבען זיך פיעל אוועקגעלאָזען קיין פאַלעסטינע, ווייל זיי האָבען געהערט, אַז דער באַראָן קאָלאָניזירט אויף זיין רעכענונג און גיט אַלץ גרייט. דער דאָזיגער עלעמענט איז שוין גאָר ווייט געווען פון אידעאַ־ליזם, און ביי איהם האָט זיך שוין גאָרניט געשטעלט אפילו די פראַגע וועגען ארבייטען דוקא אליין. נאָר מיט דער צייט האָט די סביבה געווירקט אויך אויף די אידעאַליסטען. און די ביל״ויצעס פוילען זיך איצט ניט וועניגער, איידער אַנדערע קאָלאָניסטען.

3) די קאָלאָניסטען, וואָס זענען געקומען אין די 80־ער יאָהרען, האָבען ניט געהאַט גענוג מיטלען אויף איינצואָרדענען זיך זעלבשטענדיג. אין איניגע מאָנאַטען ארום, נאָכדעם ווי די קאָלאָניסטען פון ראש־פּנה און זכרון זענען געקומען אין לאַנד, האָבען זיי שוין ניט געהאַט צום לעבען. זיי זענען, אַלזאָ, לכתחילה געפאָהרען נאָר מיט דער האָפנונג, אז דער „קאָמיטעט“ אָדער כלל־ישראל וועט זיי קומען צו הילף. זיי האָבען זיך לכתחילה צוגעוועהנט צום געדאנק פון בעקומען תמיכה — אויב ניט פון פּריוואַטע לייט, איז פון פאָלק, — און דערפאַר האָבען זיי באַלד, ווי זיי זענען געקומען אין פּאַלעסטינע, אָנגעהויבען צו שרייען אויף גאָר דער יודישער וועלט, מאָהנענדיג הילף. דאָס האָט געבראַכט צו דער סיסטעם פון אַפּוטרופּסות און תמיכה, וועלכע האָט מיט דער צייט געמאַכט דעם קאָלאָניסט פאַר אַ שנאָרער און האָט אפשר מעהר, ווי פיעל אַנדערע סיבות, געשטערט דער בעפעסטיגונג פון דעם ישוב.

די קאָלאָניסטען פון דעם אונטערשטען גליל און מעטולע בעשטעהען על פּי רוב פון זיהן פון די אַלטע קאָלאָניסטען און פון ארבייטער פון דעם באַראָנס צייטען. דער דאָזיגער עלעמענט, וועלכער האָט זיך אויך אויפגעצויגען אין דער לופט פון אַפּיטרופּסות און תמיכה און האָט נאָך דערצו ניט געהאַט דעם אידעאַליזם פון זיינע עלטערן, שיידט זיך וועניג אונטער פון די קאָלאָניסטען פון די ערשטע קאָלאָניעס. נאָר די לעצטע יאָהרען האָט אָנגעהויבען צו קומען קיין פּאַלעסטינע אַן אַנדער עלעמענט. פון איין זייט מענשען רייכע, וועלכע קאָנען זיך איינאָרדנען אָהן פרעמדער הילף; זיי בעזעצען זיך על פּי רוב אין פּתח־תקוה, טיילווייז אין רחובות און פערנעהמען זיך מיט פלאַנצונגען (אַזוינע, וואָס זאָלען זיך האָבען בעזעצט מיט איגענע מיטלען ביי פעלדווירטשאַפט, זענען אין גאַנץ פּאַלעסטינע פאַרהאַן נור דריי: ה. נ—ב—ימה; ד"ר ל—ע — אם־אל־גמל און דער גר ד—ן אין יסוד). די דאָזיגע קאָלאָניסטען אַרבייטען אפילו מיט די איגענע הענד געוועהנליך ניט — אויסער דעם גר ד—ן—נאָר זיי אינטערעסירען זיך מיט זייער ווירטשאַפט; זיי לעזען וועגען ערד־ארבייט, פיהרען איין איניגע נייסען און אויסבעסערונגען אין דער ארבייט און טראָגען אויף אַזאַ אופן אריין א געוויסען לעבען און בעוועגונג אין די קאָלאָניעס*). און פון דער

*) דער גרעסטער טייל פון אזוינע קאָלאָניסטען איז ביז יעצט געקומען אין פּאַלעסטינע ניט לשם פּרנסה, נאָר מיט אידעאַליסטישע כונות. זיי לעגען דערפאַר אריין פיעל געלד, ניט פרעגענדיג, צי וועט די ווירטשאַפט דערנאָך אומקערען א גענוגען פּראָצענט. די אויבענאויפיגע בעקאַנטשאַפט מיט אזוינע ווירטשאַפטען קאָן דערפאַר זעהר לייכט אריינברענגען אין א טעות. ביי א גענויעם חשבון ווייזט זיך ארויס, אז דער קאַפּיטאַל, וואָס זיי האָבען אריינגעלעגט אין זייערע ווירטשאַפטען, טראָגט זעהר וועניג. איך וועל דאָ ברענגען פערקירצט

אַנדער זייט זענען געקומען יונגע לייט אידעאַליסטען מיט אַ גרויסען חשק צו אַרבייט. דער דאָזיגער עלעמענט וואָלט אפשר מעהר ווי אַנדערע געפּאַסט צו קאָלאָניזירען; נאָר געבליבען אין לאַנד איז פון איהם נאָר זעהר אַ קליינער טייל. ווייל קיין אייגענע מיטלען אויף איינאָרדענען זיך האָבען אַזוינע יונגע לייט ניט געהאַט, און די יק״א אָרדענט איין די לעצטע צייט זעהר ווייניג נייע קאָלאָניסטען.

## ב. די קאָלאָניזאַציאָנס־חברות.

ביים בעזעצען אַ ניי לאַנד זענען פאַרהאַן אַרבייטען, וואָס איינצעלנע פערזאָנען־קאָלאָניסטען אָדער אפילו גאַנצע גרופּעס זייערע קאָנען מיט די אייגענע כוחות און מיטלען ניט אויספיהרען, צ. ב. דורכפיהרען וועגען. אַזוינע אַרבייטען נעהמען אויף זיך געוועהנליך די מלוכה אָדער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפטען. די לעצטע קומען נאָך אָפט צו הילף די קאָלאָניסטען, געבענדיג זיי אַ מעגליכקייט ביליגער איינצוקויפען מאַשינעס, אויף בעסערע בעדינגונגען אָבצוזעצען זייערע פּראָדוקטען, אָדער קרעדיטירענדיג די קאָלאָניסטען אויף צוגענגליכע בעדינגונגען. אין פּאַלעסטינע, וואו די נאַטירליכע בעדינגונגען פאַר קאָלאָניזאַציע זענען שווערע, איז נאָך נויטיגער, ווי אַנדערשוואו, געווען, אַז אַ קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט זאָל קומען צו הילף די קאָלאָניסטען, בפרט נאָך אַז די יודישע קאָלאָניסטען זענען אַן ערגערער קאָלאָניזאַציאָנס־עלעמענט, איידער קאָלאָניסטען פון אַנדערע פעלקער. נאָר אַנשטאָט צו העלפען די קאָלאָניסטען זעלבשטענדיג צו אַרביימען און צו בעפעסטיגען זיך אין לאַנד, האָבען די קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפטען, וואָס האָבען זיך פערנומען מיט קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, איינגעפיהרט די סיסטעם פון אַפּיטראָפּסות און תמיכה, וועלכע האָט אַרויפגעלעגט אַ בעזונדער צדקה־ און קנעכטשאַפטס־שטעמפּעל אויף דער גאַנצער קאָלאָניזאַציע, אָבגענומען ביי איהר יעדע נאַטירליכקייט, אַזוי אַז לויט דער פּאַלעסטינישער קאָלאָניזאַציע איז אָפטמאָל שווער צו אורטיילען אפילו, ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, וועגען דער מעגליכקייט בכלל פון אַ נאַטירליכער יודישער קאָלאָניזאַציע. די ווירקונג פון דער אַפּיטראָפּסות־ און תמיכה־סיסטעם איז געווען אַזוי גדוים און קענטיג, אַז איבער איהר האָבען איינינגע אפילו ניט בע־

דעם באַלאַנס פון דעם ה. נ—א'ס ווירטשאַפט אין ימה: די ווירטשאַפט — ערד, בנינים, אינווענטאַר, דאָס לעבען דאָס ערשטע יאָהר א. א. וו. — האָט איהם אָבגעקאָסט ביז 35 טויזענד פראַנק. אין תרע״א האָט זיין באַיאָדער אַנגעטראָפען 3990 פר. איז געבליבען 1441 פר. אָדער 4,1 פּראָצ. פון דעם אַריינגעלעגטען קאַפּיטאַל. דער באַלאַנס פון דעם ה. ל־ע'ס ווירטשאַפט אין אם־אל־גמול ווייזט נאָך אַ קלענערען פּראָצענט.

מערקט די שטענדיגע אויסוויינינגסטע שטערונגען, וועלכע בלייבען ביי יעדער קאלאניזאציאנס־סיסטעם.

די ערשטע, וועלכע האבען געשיקט קאלאניסטען אין פאלעסטינע אדער צוגערעדט זיי אהין צו פאהרען, זענען געוועזען די חובבי־ציון פון רומעניען און רוסלאנד. נאר באלד נאכ'ן אבשיקען די קאלאניסטען (אין ראש־פנה, זכרון, ראשון), האבען די חובבי־ציון זיי אויפגעהערט צו שטיצען, ווי זיי האבען זיי געהאט צוגעזאגט. און די קאלאניסטען האבען זיך דאן אנגעהויבען צו ווענדען נאך הילף צו כל תפוצות־ישראל. ווי אן ענטפער אויף זייער ווענדונג, איז געקומען אין פאלעסטינע דעם באראנס אדמיניסטראציע.

די ווירקונג פון דעם באראנס אדמיניסטראציע אויף דעם באלאנס פונ'ם ישוב איז געוועזען א צווייענדיגע: אן אומדירעקטע — אויף די קאלאניסטען, און א דירעקטע אויף די קאלאניעס גופא.

דער באראן האט געקוקט אויף די פאלעסטינישע קאלאניעס ־י אויף זיינער א קליינער מלוכה'לע און אויף די קאלאניסטען — ־י אויף זיינע אונטערטאנען*). ער איז געוועזען אן אליינהערשער, נאר ער האט געוואלט זיין א מלך של חסד, א פאטער פאר זיינע קאלאניסטען. ניט העלפען זיי אליין איינארדנען זיך, נאר גוטס טון זיי, מאכען זיי גליקליך האט ער געוואלט. די ערשטע בעדינגונג, וואס ער האט דערפאר געשטעלט די קאלאניסטען, איז געוועזען — זיי זאלען זיך אבזאגען פון זייער זעלבשטענדיגקייט און איבערשרייבען אויף זיין נאמען אלע אומבעוועגליכע גיטער, וואס זיי האבען געהאט: זיי, די קינדער־קאלאניסטען, פערשטעהען דאך ניט, ווי און וואס צו ארבייטען, און וואלטען נאך געקאנט שטערען דער ארבייט, וועלכע זיין אדמיניסטראציע רעכענט צו אונטערנעהמען צוליעב זייער גליק. מען האט ביי זיי געדארפט אבנעמען די פרייהייט, כדי וואס גיכער צו קאנען זיי גליקליך מאכען. די קאלאניסטען האבען אויף אזא אופן אנגעווארען זייער זעלבשטענדיגקייט. אויף דעם באדען, וואס זיי האבען געקויפט, אויף דעם הויף, וואו זיי האבען געוואוינט, האבען זיי אהן דער ערלויבניש פון דער אדמיניסטראציע ניט געטארט אריינשלאגען א פלעקעל: פאר זיי האבען געטראכט און געקלערט אנדערע. האט ווער פון די קאלאניסטען געפאדערט, מען זאל איהם בעסער לאזען זעלבשטענדיג איינארדנען זיך (אזוינע פאלען זענען געווען אין ראש־פנה), האט מען איהם דערין אבגעזאגט און געסטראשעט משלח צו זיין, אויב ער וועט ניט

*) די קאלאניסטען האבען דעם באראן געמאכט „הנותן תשועה" גלייך מיט'ן סולטאן. אין פתח־תקוה'ר שול הענגט נאך איצט אזא „הנותן תשועה„ אויף דער וואנט.

אַבזאָגען זיך פון זיין פּאָדערונג; און ער האָט זיך געמוזט אונ־טערגעבען. און אין משך פון יאָהרען האָבען זיך די קאָלאָניסטען צוגעוועהנט צו אַזאַ פּערזאָרגעריי מצד אנדערע, פּערלאָרען יעדע איניציאַטיוו און געבליבען עד היום מענשען אָהן אונטערנעמערישען גייסט. וואָס מען האָט זיי געגעבען ביים לעצטען איינאָרדנען, דאָס האָבען נאָך פּיעל פון זיי, קיין נייעם האָבען זיי ניט איינגע־פיהרט, קיין זאַך כמעט ניט געביטען.

און האָט מען אָבגענומען ביי די קאָלאָניסטען זייער זעלבסט־שטענדיגקייט און גענומען אויף זיך צו זאָרגען וועגען זיי, האָט מען זיי פריהער פאַר אַלץ געדאַרפט בעזאָרגען מיט מיטלען צום לעבען. און עס איז בעשאַפען געוואָרען אַ נייער מין חלוקה. מען האָט אָנגעהויבען צו געבען די קאָלאָניסטען מאָנאַטליכע: 10—15 פראַנק אויף אַ נפש. בעזונדער האָט מען געגעבען קליידער; אויף ימים־טובים האָט מען געגעבען העכערע „שכירות“. פון צייט צו צייט פלעגט מען צושיקען פון פּאַריז „מתנות“ פאַר די קאָלאָניס־טען: וועש, קליידער פאַר די פרויען וכדומה. די קאָלאָניסטען האָ־בען זיך ביסלעכווייז אויסגעלערנט אָנצונעמען די מתנות און זע־נען מיט דער צייט געוואָרען אמת'ע מקבלים. און נאָך איצט, אַכט יאָהר נאָכדעם, ווי די אָפיציעלע תמיכה האָט אויפגעהערט, לעבט ביי פּיעל פון די קאָלאָניסטען די איבערצייגונג, אַז אין פּאַלעסטי־נע קאָן מען אָהן צדקה ניט אויסקומען, און איהר הערט זייערע כסדר'דיגע טענות, אַז מען האָט קענען זיי ניט יוצא געווען, און אַז אַלע בעגנעהען קענען זיי עולות: די ציוניסטען — וואָס זיי שאַ־פען ניט פאַר זיי קיין אָהנפּראָצענטיגע הלואות; די יק"א — וואָס זי מאָנט ביי זיי — זיי זאָלען שליסען אַ קאָנטראַקט און אויסצאָה־לען זייערע חובות; די גאַנצע יודישע וועלט, — וואָס זי שטיצט זיי ניט. די קאָלאָניסטען האָבען זיך צוגעוועהנט צו קוקען אויף זיך, ווי אויף קדושים, און רעכענען, אַז דאָס יודישע פּאָלק דאַרף זיי דאנקבאַר זיין, וואָס זיי זענען קאָלאָניסטען אין פּאַלעסטינע, און זיי דער־פאַר עהרליך בעצאָהלען.

אַזוי ווי דער באַראָן אַליין איז אין פּאַלעסטינע ניט געווען, האָט דאָרטען געוועלטיגט זיין אַדמיניסטראַציע. אין איהר האַנד איז געלעגען די גאַנצע מאַכט: אי די געזעצגעבערישע, אי די אויס־פיהרענדיגע, אי די גערייכטליכע. מיט דער מיינונג פון די קאָלאָניס־טען האָט מען זיך ניט גערעכענט, קיינער האָט ביי זיי קיין דעה ניט געפרעגט. כדי אונטערצוהאַלטען דעם פּרעסטיזש פון דער מאַכט, פלעגט מען ביי יעדען סכסוך פון אַ קאָלאָניסט מיט דעם קלענסטען פון די בעדיענטע פון דער אדמיניסטראַציע בעשטראָפען דעם קאָלאָניסט, ווען ער איז אפילו דורכאויס גערעכט געווען. דאָס וואָס אַ פּאַר ארבייטער האָבען אָנגעריהרט דעם כבוד פון דעם גערטנער ביי די טאַבאַק־פּלאַנצונגען, איז געווען די ערשטע סיבה, וואָס דער גאַנצער עסק פון טאַבאַק איז בטל געוואָרען. כדי לייכטער

צו הערשען איבער די קאָלאָניסטען, האָט די אַדמיניסטראַציע זיי
צעטיילט אויף מקורבים און ניט־מקורבים, פּאָלגער און ניט־פאָל־
גער; האָט געשטיצט די ערשטע און גע׳רודפ׳ט די צווייטע. זי
האָט איינגעפיהרט א גאַנצע סיסטעם פון שפּיאָנעריי, וואָס האָט
געפיהרט צו רכילות און מסירות. דאָס האָט צעשטערט די אחדות
צווישען די קאָלאָניסטען און איינגעפלאַנצט א שנאה פון איין טייל
קאָלאָניסטען צום אַנדערן. נאָך איצט הערשט אזא שנאה אין פיעל
קאָלאָניעס און שטערט זייער ענטוויקלונג. אין מסחא, למשל, האָ־
בען אין תרע״א עטליכע קאָלאָניסטען ניט געהאט קיין מיטלען
צו נעמען זיך פאר דער ארבייט. די אדמיניסטראַציע האָט זיי
געוואָלט אויסלייהען בתנאי, דער ועד זאָל גאַראַנטירען. דער ועד
האָט אָבער ניט געוואָלט — כאָטש ער איז געווען זיכער מיט׳ן חוב
— און די קאָלאָניסטען האָבען געמוזט אַוועקגעהן פון קאָלאָניע.
זייער באָדען האָבען דערנאָך אָבגעדונגען... די ועד׳ניקעס.

אזוי האָט די אדמיניסטראַציע דערנידעריגט די קאָלאָניסטען,
אָבגערויבט ביי זיי די איניציאַטיוו, געמאַכט זיי פאר פוילערס און
שנאָרערס און דערמיט געווירקט אויך אויפ׳ן שפּעטערדיגען גורל
פון דער קאָלאָניסטישער ווירטשאַפט. נאָר חוץ דעם האָט זי גע־
ווירקט אויף דעם באַלאַנס פון׳ם ישוב דירעקט. זי האָט זיך
מעהר גערעכענט מיט די אייגענע קאַפּריזען, איידער מיט דעם
אמת׳ען נוצען פון דער אַרבייט. זי האָט צו נישט געמאַכט די פעלד־
אַרבייט, ביי וועלכער די קאָלאָניסטען וואָלטען געקאָנט נאָך זיין
מעהר אָדער ווייניגער זעלבסטשטענדיג, און גענומען זיך צום פלאַנ־
צען. נור זי האָט ניט געמאַכט פריהער קיין פּרובען, וועלכע זאָלען
ווייזען, צי מען קאָן דערוואַרטען פון די פלאַנצונגען דעם געהעריגען
איינטראַג. עס איז געקומען אַן אַגראָנאָם פון פּאַריז און געזאָגט,
אַז מען קאָן פלאַנצען, האָט מען גלייך געפלאַנצט הונדערטער און
טויזענדער דונאַמען. אַז מען מאַכט א פעהלער ביי פעלד־ארבייט,
איז דאָס אַ גרייז אויף אַ יאָהר. דעם אַנדער יאָהר קאָן מען איהם
אויסבעסערען, און די פערלאָרענע הוצאות זענען ניט קיין גרויסע.
ביי פלאַנצונגען איז אָבער יעדע אַרבייט — אַן ארבייט אויף יאָה־
רען, און יעדער פעהלער — אַ פעהלער אויף יאָהרען, און די פער־
לאָרענגעגאַנגענע הוצאות זענען דערביי זעהר גרויסע. און די
גאַנצע אַרבייט פון דער אַדמיניסטראַציע האָט זיך טאַקע צום סוף
אַרויסגעוויזען זעהר ניט פּראָדוקטיוו. די כרמים אין ראש־פּנה
און זכרון האָט אויסגעגעסען די פילאָקסערא. די אַמעריקאַנער
שטעקער, וועלכע מען האָט שפּעטער געפלאַנצט, און וועלכע האָבען
אָבגעקאָסט זעהר פיעל, האָבען געטראָגען זעהר ווייניג און געגעבען
גאַנץ געוועהנליכען וויין. פון דער באַיאַרע אין עקרון איז קיין זכר
ניט געבליבען, און אין יסוד שטעהען נור איינזאַמע טרוקענע מאַ־
ראַנצען־בוימער — א זכר לחורבן. די שולע פון אַליווען אין ראש־
פּנה איז חרוב געוואָרען; די מאַנדלען אין זכרון זענען חרוב גע־

וואַרען; די אַבריקאָסען האָט דאָרטען אַראָבגעשוועגקט דער רע־גען; די מאַנדלען אין עקרון טראָגען כמעט גאָרנישט. די באַיאַרע אין נעזלי — די גרעסטע באַיאַרע אין פּאַלעסטינע — טראָגט קוים אַריין, וואָס איהר אַרבייט קאָסט.

און ווי מיט די פּלאַנצונגען, אַזוי איז אויך געווען מיט די אי־בעריגע אונטערנעהמונגען פון דער אַדמיניסטראַציע. פריהער האָט מען ניט אויסגערעכנט, שפּעטער האָט מען דאָס געשעפט שלעכט געפיהרט און גע'גנב'עט, וויפיעל ווער עס האָט געקאָנט, און דער סוף איז — אַלץ איז חרוב געוואָרען. אין ראש־פּנה און מעטולע האָט מען געפּלאַנצט טאַבאַק. האָט די אַדמיניסטראַציע ניט געוואָלט אָבגעבען דעם טאַבאַק אַ לאַנדאַנער סוחר, וועלכער האָט איהם גע־וואָלט נעהמען אויף גוטע בעדינגונגען, נור זי האָט געפיהרט דעם טאַבאַק קיין מצרים. אויפ'ן וועג אהין איז אָבער אַ גרויסער טייל פון'ם טאַבאַק „פערנעצט" געוואָרען... און די אַרבייטער האָבען גאָרנישט בעקומען. אַז די אַרבייטער האָבען פּראָטעסטירט, איז מען פון זיי גיך פּטור געוואָרען: דעם געגעבען דאָמיניטע, יענעם אַרויסגעטריבען, און דאָס טאַבאַק־פּלאַנצען איז בטל געוואָרען. אין יסוד האָט מען געפּלאַנצט בלומען און געבויט אַ פּאַרפום־פאַבריק; שטעהט איצט די פאַבריק ווי אַ פּוסטקע אָהן טירען און פענסטער, וועלכע די קאָלאָניסטען האָבען צענומען אויף הייצען. אין ראש־פּנה האָט מען געפּלאַנצט טוט־בוימער און געבויט אַ זיידענפאַבריק. האָט מען די טוט־בוימער שוין כמעט אויסגעהאַקט; און וואָס מען האָט ניט בעוויזען אויסצוהאַקען ביז איצט, האַקט מען נאָך איצט אויף האַלץ, ווייל די טוט־בוימער שטערען צו אַקערן. און די זייד־פאַבריק שטעהט מיט פערשלאָגענע טיר און פענסטער. אין טאַנטורע האָט דער באַראָן געבויט אַ הוטע, קאָסט איצט יעדען יאָהר עטליכע הונדערט פראַנק שומרים צו היטען, די אַראַבער זאָלען ניט צעשלעפּען זי אויף שטיינער. דערזעלבער סוף איז אויך געווען מיט די ראש־פּנה'ר ראָזינקעס און מיט אַלע אַנדערע אונטער־נעהמונגען. וואָס מען האָט נור אנגעהויבען צו טון, האָט זיך שפּע־טער אַרויסגעוויזען, אַז דאָס ברענגט קיין נוצען ניט, און מען האָט זיך דערפון אָבגעזאָגט. צי קאָנען בכלל אַזוינע אונטערנעמונגען זיך ניט איינגערען אין פּאַלעסטינע? ווער קאָן וויסען? קיין אַנ־דערע אונטערנעהמונגען פון דעמזעלבען מין, וועלכע מען זאָל קאָנען נעהמען פאַר אַ בעוויז פאַר אָדער קעגען זייער מעגליכקייט, זענען דערווייל ניטאָ. און די אונטערנעמונגען פון דער אַדמיניסטראַציע קאָנען אפילו פאַר אַ בעווייז ניט דיענען. עס קאָן זיין, אַז ביי אַנ־דערע — נ א ט י ר ל י כ ע ר ע בעדינגונגען זאָל זיך די אָדער יענע אונטערנעהמונג יאָ איינגעבען. עס איז איבעריג אָנצו־ווייזען, אַז אויף די אַלע אונטערנעהמונגען זענען אַוועקגעגאַנגען ניט איין מיליאָן.

יעדער אדמיניסטראַטאָר האָט שטענדיג געשטרעבט אַרויסצו־ווייזען וואָס מעהר טעטיגקייט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט בערעכ־טיגען זיין עקסיסטענץ. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָלען געבאַרען ווערען אַלץ נייע פּלענער און געשאַפען ווערען אַלץ נייע אונטערנעהמונגען. און אויב מען האָט ניט געקאָנט שאַפען קיין נייעס, האָט דער נייער אדמיניסטראַטאָר צעשטערט, וואָס דער פריהערדיגער האָט געבויט. אָבער צעשטערט ממש. אויסגעריסען, וואָס יענער האָט געפלאַנצט, צעוואָרפען, וואָס יענער האָט אויפגע־בויט.

די אדמיניסטראַציע האָט אין יעדער קאָלאָניע געהאַט איהר „הויף" מיט איהר שטאַט, מיט אַ גאַנצער מחנה משרתים, מיט פערד און רייטוועגען און האָט זיך אויפגעפיהרט זעהר רייך. אויף אויס־צוהאַלטען דעם גאַנצען הויף איז אַוועק ניט אַ קליינער טייל פון'ם ביודזשעט. און אויב דער בעשטימטער טייל פון'ם ביודזשעט איז געוועזען ווייניג, האָט מען פּשוט גע'גנב'עט. דער אדמיניסטראַטאָר פּלעגט, צ. ב. אָבנעהמען ביי אַ קאָלאָניסט אַ פערד און געבען איהם אַן אָקס און דאָס פערד אָבגעבען אַ צווייטען קאָלאָניסט און פער־שרייבען דערנאָך אַ נייע הוצאה פון אַן אָקס און אַ פערד. די קלענע־רע משרתים, וואָס פּלעגען פערצייכענען די צאָהל אַרבייטער, פלעגען אָנגעבען גרעסערע צאָהלען און טיילען דעם „פערדיענסט" מיט די קאָלאָניסטען. די קאָלאָניסטען פּלעגען אַליין אויך גנב'ען: איינער פּלעגט אַוועקשטעלען אַרבייטען, למשל, אַ צעהנדליג אַראַבער, און אַז דער אדמיניסטראַטאָר פּלעגט זיי פערצייכענען, פלעגט ער זיי אָבשיקען מיט הינטער־וועגען צו אַן אַנדער קאָלאָניסט, און ביי יע־נעם פּלעגט זיי דער אדמיניסטראַטאָר נאָך אַמאָל פערצייכענען.

דעם באַראָנס קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע זענען אויף אַזאַ אופן געוואָרען אַ לעבערדיגער זאַך. מען האָט געפיהרט אין די קאָלאָניעס גרויסע, פולע זעק מיט נאַפּאָלעאָנס (20־פראַנקעדיגע גאָלדענע מטבעות) און דאָרט פּלעגט נאָר אַ טייל פון זיי בלייבען אין די קאָלאָ־ניעס גופא. דאָס איבעריגע פּלעגט זיך צעשווימען איבער די קע־שענעס פון די אדמיניסטראַטאָרס און זייערע משרתים, צו די אַראַ־בער און אין די מאַגענס פון די קאָלאָניסטען. לסוף אָבער האָט זיך דער באַראָן אַליין, מיט זיין ברייטער קעשענע, אויך איינגעמאַטערט צו געבען און ער האָט בעשטימט איבערצוגעבען די הנהגה פון די קאָלאָניעס דער יק"א. ער האָט איהר געגעבען אַ גרויסע סומע געלד אויף איינצואָרדענען די קאָלאָניסטען דאָס לעצטע מאָל און איז אַליין אָבגעגאַנגען אָן אַ זייט פון'ם ישוב.

די יקא"א־אַדמיניסטראַציע האָט אַליין געשאַ־פען אין פּאַלעסטינע נור משמר און סעדזשערע. אַלעס איבעריגעס, וואָס זי פיהרט איצט אָן, איז די ירושה פון'ם באַראָן. זי איז אויך ניט ריין פון די „מעלות", וואָס יעדע אדמיניסטראַציע האָט און מוז האָבען. זי וויל אויך בעווייזען, אַז זי איז נויטיג, אַז זי „טוט".

איהר ארבייט איז דערפאַר אָפּט ניט אויסגערעכענט און ברענגט שאָדען. פאר דער העכערער אדמיניסטראציע וויל זי שטענדיג בעווייזען, אז אלץ געהט כשורה; מוז זי שילדערן די לאגע ניט ריכטיג. איך וועל נאָר ברענגען אַ פּאָר ביישפּיעלען. אין אָנהויב תרע״ב, ווען די מעטולער קאָלאָניסטען, וואָס מען האָט ביי זיי דעם גאנצען באַיאַדער ארייגגעשאָטען אין דעם שפּייכלער פון דער אדמיניסטראציע פאר׳ן חוב, האָבען ניט געהאט מיט וואָס ארויס צו דער ארבייט און אפילו וואָס צו עסען, איז דער אדמיניסטראַטאָר פונ׳ם אויבערשטען גליל געווען אין פּאַריז און האָט געשילדערט די לאגע פון די מעטולער קאָלאָניסטען ווי זעהר אַ גוטע. דערזעלבער אדמיניסטראטאָר האָט איין צייט געהאט אָן אידעע: פיקס צו קאָלאָניזירען גרים און גורדזשעס (קאווקאזער יודען); האָט ער אראָבגעבראַכט אין פּאַלעסטינע עטליכע משפּחות פון גרים און איינגערעדט צו קומען אהין אויך עטליכע משפּחות פון קאווקאז. פון די גר׳ישע משפּחות זענען עטליכע געבליבען זיצען אין פּאַלעסטינע. נאָר די בעדינגונגען, וועלכע ער האָט זיי געשטעלט, זענען ניט אלע מאָל גלייך צו די תנאים, וואָס ער נעהמט אויס מיט די יודישע קאָלאָניסטען, און דאָס רופט ביי זיי אַרויס אַ פערביטערונג און לאָזט זיי ניט פעסט איינאָרדענען זיך. און בנוגע צו די גורדזשעס, וואָס ער האָט בעזעצט אין מחנים, האָט ער ניט מקים געווען דאָס, וואָס ער האָט זיי צוגעזאָגט, ניט געגעבען זיי גענוג באָדען, און דער רעזולטאַט איז, אַז נאָך אַ סקאַנדאליעזער געשיכטע — וועלכע עס וואָלט כדאי געווען, מען זאָל זי גענויער אויספארשען און דערגעהן דעם אמת וועגען איהר — האָבען אלע גורדזשעס־קאָלאָניסטען, נאָכדעם, ווי זיי זענען שרעקליך רואינירט געוואָרען, פערלאָזען מחנים און פיעל פון זיי אויך דאָס לאַנד.

די קאָלאָניזאציאָנס־פּאָליטיק פון דער יק״א־אַדמיניסטראציע קאָן מען בדרך כלל כאראקטעריזירען ווי אַנ׳עקאָנאָמיזירענדע־ אָדער פערשפּאָרערישע. נאָר מיט איהר שפּאָרען און קארגען ברענגט די יק״א־אַדמיניסטראַציע אָפּט ניט וועניגער שאָדען, איידער דעם באראָנס אַדמיניסטראציע מיט איהר פּזרנות. סוף כל סוף ברענגט די קארגקייט צו פיעל גרעסערע הוצאות, נאָר ווי יעדען קארגען איז איהר שווער ארויסצולאָזען פון האנד די עטליכע פראנק. אָנשטאָט צו געבען ביים איינאָרדענען אַ קאָלאָניסט מיט אמאָל אַזוי פיעל, וויפיעל עס איז נויטיג צו איינאָרדענען זיך פעסט — אַ 4—5 טויזענד פראנק — גיט זי אלע מאָל געקאַרגט: 2500—3000 פראנק, אזוי אַז דעם קאָלאָניסט קומט אויס ניט נאָר צו שפּאָרען, נאָר פּשוט צו פערקירצען די נויטיגסטע הוצאות. אָנשטאָט צו קויפען אַ פּאָר פערד אָדער פּרדות פאר 6—7 הונדערט פראנק, קויפט ער אַ פּאָר אויסגעמאָגערטע פערדלעך פאר 4 הונדערט פר.; אָנשטאָט אַ נייעם וואָגען פאר 5 הונדערט פר., קויפט ער אַ געניצטען פאר אַ פּאָר הונדערט; נאָר צום סוף יאָהר

טרעפט, אז די פערדלעך אַרבייטען זיך אויס אָדער זיי פאַלען, און מען דאַרף האָבען נייע; און דער וואָגען צעברעכט זיך און פאָדערט רעפּאַראַטור אויף הונדערט פראנק. און דער באָדען איז נאָך דערצו שלעכט בעאַרבייט און טראָגט ווענינ אריין, אזוי אַז צום אָנהויב פון דעם צווייטען יאָהר האָט דער קאָלאָניסט ניט מיט וואָס אַרויסצוגעהן צו דער ארבייט. און דאַן — אָדער ער לאָזט אַלץ איבער און אַנטלויפט (אַזוי האָט געטראָפען אין אַטליט, אין כנרת, אין בית־גן און אין אַנדערע קאָלאָניעס), אָדער יק״א גיט איהם אַ נייעם קרעדיט און קאַרגט דערביי ווידער, אַזוי אז צום דריטען יאָהר קומט איהר ווייטער אויס צו געבען א. א. וו. אַזוי האָט זי, למשל, אין מצפה געגעבען יעדען קאָלאָניסט — אויסער ערד און געביידעס — 3000 פר. און 300 פר. אויף קיה. האָט זי דאָס צווייטע יאָהר ווידער געמוזט געבען צו 700 פר. און דאָס דריטע יאָהר האָט זי ווידער געמוזט געבען יעדען קאָלאָניסט צו 1000 פר. (דאָס צווייטע יאָהר איז געווען ניט קיין גוטעס) און צום פערטען יאָהר האָט זי ווידער געדאַרפט געבען; האָט זי דאָרט נעגרינדעט א מלוה און געגעבען 3700 פר. צו 500 פר. יעדען קאָלאָניסט (איינעם 900).

און אַז זי גיט שוין דאָס געלד ביים איינאָרדענען, גיט זי ניט מיט אַמאָל, און ניט גלייך אויפ'ן האַנד. זי האָט צום קאָלאָניסט קיין צוטרוי ניט. און דאָס פערשאַפט אויך איבעריגע הוצאות, אויסער פיעל אונאַנגענעמליכקייטען. דער קאָלאָניסט געהט צוערשט אָנזעהן אין ערגעץ בהמות אָדער אנדערע טיילען פונ'ם אינווענטאר. און דאַן ערשט, ווען ער האָט אָנגעזעהן, גיט מען איהם געלד, און ער געהט דאָס קויפען. ער פערלירט דערביי אָפט צייט און געלד.

זעהר ניט פּראַקטיש און ניט אויסגערעכענט איז אויך די פאָדערונג פון דער אדמיניסטראַציע, אַז די נייע קאָלאָניסטען אָדער מעטיע (אַרענדאַטאָרס), זאָלען אָנהויבען אויסצאָהלען זייער חוב שוין פונ'ם ערשטען באַיאַדער. געוועהנליך טראָגט דער באָדען די ערשטע פּאָר יאָהר זעהר ווענינ, און ערשט מיט דער צייט ווערט ער אויסגעאַרבייט בעסער. דער קאָלאָניסט בעקאָנט זיך מיט איהם מעהר און ווייס, וואו וואָס צו זייהען א. ד. ג. דאַן ערשט הויבט דער באָדען אָן מעהר צו טראָגען, און דער קאָלאָניסט קאָן, ניט שאָדענדיג דער ווירטשאַפט, אָנהויבען אויסצוצאָהלען זיינע חובות. די אַדמיניסטראַציע רעכענט זיך אָבער מיט דעם ניט. זי דאַרף בעווייזען מסתמא דאָרטען ערגיץ העכער, אַז די „קאָלאָניסטען צאָהלען". און זי מאָהנט אויף דעם חוב — דאָס ערשטע יאָהר א 250 פר., — כאָטש זי ווייס איהם באַלד, אָפט מיט א מותרות, מוזען אומקעהרען דעם קאָלאָניסט צוריק אונטער דעם נאָמען פון אַ נייעם קרעדיט. און אַזוי איז רעכט, אַז עס חזר'ט זיך איבער עטליכע יאָהר. דעם קאָלאָניסט קומט אויס יעדען יאָהר ווידער בעטען און קליאַנטשען א הוספה'לע אויפ'ן קרעדיט. דאָס דערנידעריגט איהם,

ענטוויקעלט אין איהם שנאַרעריי און שוואַכט אָב זיין אַרבייטספּע־
היגקייט.

אַ שלעכטע ווירקונג אויף די קאָלאָניסטען מאַכט אויך דאָס, וואָס די אַדמיניסטראַציע, ווען זי דאַרף פאַר זיך, נעהמט זי שטענדיג אַראַבישע אַרבייטער און ווייכט כמעט פון יודישע. „אויב איהר האָט אייערע מאַהאַמעדס, האָבען מיר אויך אונזערן אַ מאַהאַמעד“, אַזוי גיט מען איבער אין פּאַלעסטינע דעם תירוץ פון דער אַדמיני־
סטראַציע. מען קאָן אָבער ניט זאָגען, אַז דער תירוץ פּאַסט שטאַרק פאַר אַן׳אינסטיטוציע, וואָס „פיהרט אָן“ די קאָלאָניזאַציע און בע־
שולדיגט די קאָלאָניסטען אין פוילקייט, ווייל יענע בענוצען אַראַ־
בישע אַרבייטער.

די לעצטע צייט רעדט מען אין פּאַלעסטינא פיעל וועגען דעם קאָנטראַקט, וואָס די אַדמיניסטראַציע פאָדערט פון די אַלטע קאָלאָ־
ניסטען אונטערצושרייבען, אַ קאָנטראַקט, וואָס לויט איהם זענען זיי זיך מתחייב אין משך פון עטליכע יאָהרען אויסצוצאָהלען אַ געוויסען טייל פון זייער חוב. גאָר שווערע פּונקטען זיינען אין דעם קאָנטראַקט פאַרהאַן נאָר אַ פּאָר: דער פּונקט, אַז די אַדמיניסטראַציע מעג אָב־
נעהמען די ווירטשאַפט ביי דער אלמנה אָדער ביי די מינדעריעהר־
ריגע יורשים, ווען זיי צאָהלען איהר ניט פּינקטליך זייערע חובות, און דער פּונקט, אַז אַלע סכסוכים צווישען דער אַדמיניסטראַציע און די קאָלאָניסטען ווערען בעטראַכט ביים פּאַריזער רב; דער לעצטער פּונקט שמעקט מיט „לועג לרש“, ווייל דער קאָלאָניסט איז קיין מאָל ניט בכח צו פאָהרען אליין אין פּאַריז אָדער שיקען אהין זיינעם אַ מורשה אויסצו׳טענה׳ן זיך מיט דער אַדמיניסטראַציע. אין אַלע איבעריגע פּונקטען איז דער קאָנטראַקט אפילו גאַנץ גינס־
טיג פאַר די קאָלאָניסטען, דערהויפּט אין דעם, וואָס איז שייך צו די צאָהלונגען. דערפאַר איז אָבער דער גאַנצער טאָן פון׳ם קאָנ־
טראַקט אַזאַ, אַז ביי שלעכטע בעציהונגען מיט די קאָלאָניסטען קאָן די אַדמיניסטראַציע טייטשען דעם קאָנטראַקט און אויסנוצען איהם צו דריקען די קאָלאָניסטען. דער דאָזיגער קאָנטראַקט האָט גע־
שאַפען די לעצטע צייט אַ שטילען ברוגז צווישען דער אַדמיניס־
טראַציע און אייניגע קאָלאָניעס. די עקרון׳ער קאָלאָניסטען האָט די אַדמיניסטראַציע אפילו שוין כמעט אויפגעהערט צו געבען די געוועהנליכע שטיצע איהרע אויף הוצאות המושבה, רעכענדיג דער־
מיט צו ברעכען זייער עקשנות.

נאָר בכלל איז די אַרבייט פון דער יק״א־אַדמיניסטראַציע אין פּאַלעסטינא ניט אַזוי שרעקליך, ווי אַנדערע שטעלען זיך פאָר. אין אַנדערע ערטער, צ. ב., אין דעם אונטערשטען גליל, איז זי אפילו אַן׳עהרליכע און אַ מוסטערהאַפטע — אויף וויפיעל אַן׳אַרבייט פון אַן׳אַדמיניסטראַציע קאָן זיין אַ מוסטערהאַפטע. זי לאָזט די קאָ־
לאָניסטען פריי אַרבייטען, העלפט דורכפיהרען וואַסערלייטונגען,

עפּענט קאָאָפּעראַטיווע קראָמען און אין איניגע קאָלאָניעס האָט זי אפילו צוגעזאָגט העלפען פּלאַנצען גערטנער.

די חובבי־ציון האָבען על פּי רוב ניט געהאַט קיין איגענע אויסגעהאַלטענע קאָלאָניזאַציאָנס־פּאָליטיק. זיי האָבען זיך ביז דער לעצטער צייט געוועהנליך געהאַלטען אַן די זעלבע פּרינ־ציפּען, וואָס דעם באַראָנס אדמיניסטראַציע: אַן אַפּיטרופּסות און תמיכה. נאָר אין דער צייט, וואָס דער באַראָן האָט געשאָטען מיט געלד און האָט סוף כל סוף געשאַפען מעהר ווי אַ צעהנדליג מעהר אָדער וועניגער בעדייטענדע קאָלאָניעס, איז די תמיכה פון די חובבי־ציון בעשטאַנען „פון אַ ציג, אַן אייזעל און גערשטען פאַר די פערד", ווי מען דריקט זיך אויס אין פּאַלעסטינע. און דער רעזולטאַט פון זייער גאַנצער ארבייט איז אויך אַזאַ קליינליכער, ווי די תמיכה. פון די קאָלאָניעס, וואָס זיי האָבען געשאַפען, האָט נאָר אַ געוויסע בע־דייטונג גדרה. פּתח־תקוה איז אויפגעבויט געוואָרען מייסטענס דורכ'ן באַראָן, און הדרה איז געהאָלפען געוואָרען אויך דורך איהם. ווייל איידער ער האָט דאָרט אויסגעטריקענט דעם זומפּ, איז חדרה געוועזען ניט קיין קאָלאָניע, נאָר אַ בית־עלמין פון צעהנדליגע יונ־גע לייט, פרויען און קינדער, וואָס זענען דאָרט געשטאָרבען פון פיבער. אַלע איבעריגע פּונקטען, וועלכע זיי האָבען געשאַפען, זענען שוין גאָר אומבעדייטענדע. אין קאַסטינע איז אין תרע"ב גע־וועזען 19 פאַמיליעס, וואָס 10 פון זיי האָבען געהונגערט, און סוף תרע"ב האָבען כמעט אַ העלפט קאָלאָניסטען געגרייט זיך צו פער־לאָזען די קאָלאָניע. אין עין־גנים, וועלכע בעשטעהט פון 31 חלקים, זענען דאַן בעארבייט געוועזען נאָר 11. אין באר־יעקב איז איין טייל באָדען געוועזען בעארבייט דורך גורדזשעס, וואָס פיעל פון זיי וואָל־טען מיט'ן גרעסטען פערגעניגען פערקויפט זייערע חלקים, ווען עס וואָלט זיך נור געפונען אַ קונה. אין דעם אַנדערען טייל האָ־בען געארבייט יונגע לייט, וועלכע האָבען געוואוינט אין ברעטער־הייזלאַך 2½ מעטער די לענג און 2 מעטער די ברייט; און אינגאַנ־צען נפשות זענען דאָרטען געוועזען 43.

די לעצטע עטליכע יאָהר האָבען אָנגעהויבען צו ארבייטען אין פּאַלעסטינאַ די ציוניסטען. דער רעזולטאַט פון זייער אר־בייט ביז תרע"ב איז געוועזען אַ גאַנץ קליינער: אין לוד און הולדה האָט מען געפּלאַנצט דעם יער־הרצל און מען האָט אריינגעלעגט אַלץ נייע געלד. וואָס וועט טראָגען דער אריינגעלעגטער קאַפּיטאַל, וועט מען ערשט קאָנען זעהן אין פיעל יאָהרען ארום, ווען די בוימער וועלען אָנהויבען צו געבען איינטראָג. כנרת האָט געגעבען אַ דעפיציט פון 35 טויזענט מאַרק; מרחביה האָט זיך געהאַלטען אין אָרגאַ־ניזירען, און דגניה האָט געבראַכט 1528 פר. רוח, ½ פּראָצ. פון דעם ווערט פון דער ווירטשאַפט.

די ציוניסטען האָבען נאָך ניט דערווייל קיין בעשטימטע סיס־טעם פון ארבייט, זיי האַלטען אין זוכען. און לויט זייער ארבייט אור־

טיילען וועגן דער מעגליכקייט אָדער אונמעגליכקייט עטוואָס אויפ־צוטון דאָרט איז דערפאַר דערווייל ניט מעגליך.

ג. קאָלאָניזאַציאָנס־מעטאָדען

אין דער גאַנצער יודישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע וואַרפט זיך באַלד אין די אויגען דאָס פעהלען פון א וועלכען עס איז סדר. ווען די ערשטע גרופּעס קאָלאָניסטען זענען געקומען אין לאַנד, האָבען זיי ניט אויסגעפאָרשט אפילו דורך מבינים דעם באָ־דען, וואָס זיי האָבען געקויפט. מען האָט גענומען, וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנד. די ראשון׳ער האָבען דערפאַר איינגע־האַנדעלט א שטיק זאַמד, וואָס האָט ניט געטויגט אויף פעלד־אַר־בייט, די זכרון׳ער האָבען אָבגעקויפט ביים איטאַליענישען קאָנ־סול דעם באַרג סאַמאַרין, אַ שטיין, וועלכען מען האָט גאָרניט גע־קאָנט ארבייטען. און אין וועלכען נור דעם באַראָנס מיליאָנען האָבען בכח געהאַט אריינצובלאָזען לעבען.

יעדען שטיקעל באָדען האָט מען געקויפט צופעליג. אזוי אז עס זענען נאָך איצט אין פּאַלעסטינע, אויסער זכרון מיט איהרע טעכ־טער: שפיה און אם־אל־גמל און פתח־תקוה מיט איהר קאַמער עין־גנים, ניטאָ קיין צוויי קאָלאָניעס, וואָס זאָלען זיך גרענעצען איינע מיט דער אנדערער. דאָס פערגרעסערט אויף פיעל די הוצאות אויף שמירה, ווייל מען מוז די קאָלאָניע - גיטער היטען פון אַלע זייטען. ביי א מעהר שכנ׳ישער לאַגע פון די קאָלאָניעס, וואָלטען זיי אויך פאַרגע־זטעלט א גרעסערע ווערהונגס־קראַפט, ווייל זיי וואָלטען לייכטער געקאָנט קומען איינע די אנדערע צו הילף ביים אָנפאַלען פון די אראַבער.

באָדען האָט מען געוועהנליך געקויפט, וויפיעל עס האָט זיך גע־מאַכט, אזוי אז פיעל קאָלאָניעס זענען צו קליין. דאָס רופט זיך אָב אויף די קאָלאָניעס זעהר שלעכט. ערשטענס, ליידען אזוינע קאָ־לאָניעס פון די גרויסע קאָלאָניע־הוצאות. אין דער צייט וואָס אין פתח־תקוה, למשל, (1681 נפשות) פאַלט אויף יעדען נפש 25,8 פר. הוצאות (אויסער שולע און רעגיערונגס־הוצאות), מאַכט אויס אין קאַסטינא (130 נפשות) העכער 40 פר. אויף אַ נפש. חוץ דעם קאָנען די קליינע קאָלאָניעס ניט אויסהאַלטען אליין קיין סטאָ־ליער, קיין שמיד און אנדערע בעלי־מלאכות, וועלכע זענען פאַר יע־דער קאָלאָניע אומבעדינגט נויטיג. אין קאַסטינע, למשל, טרעפט, אז ווען עס צוברעכט זיך עפּעס אין מיטען דער ארבייט, קומט אויס צורייבען פיעל שטונדען, ביז מען פאָהרט אין א צווייטער קאָלאָניע עס צו פערריכטען.

ווייל די קאָלאָניעס האָבען געהאַט ווייניג באָדען, און אָפּטמאָל אפשר פשוט ווייל מ׳האָט ניט ריכטיג פערשטאַנען דעם ענין קאָלאָ־ניזאַציע, האָט מען אין יעדער קאָלאָניע בעזעצט גלייך אזוי פיעל קאָלאָניסטען, וויפיעל מעגליך. אָפט האָט מען נאָך געקאָרגט אין

באַדען און בעזעצט וואָס א גרעסערע צאָהל קאָלאָניסטען. קיין באַדען־רעזערוו האָט מען געוועהנליך ניט איבערגעלאָזען. וועגען א ווייטערדיגער נאַטירליכער פערגרעסערונג פון די קאָלאָניעס, דורכדעם וואָס עס וועלען מיט דער צייט צוקומען נייע מיטגלידער, אָדער עס וועלען זיך דאָרט בעזעצען די קאָלאָניסטישע זיהן, — האָט דערפאַר קיין רייד ניט געקאָנט זיין.

ניט קלאָר איז די גאַנצע צייט געווען און איז נאָך איצט אויך ניט די פראַגע וועגען דעם אינהאַלט פון דער ווירטשאַפט אין פּאַלעסטינע: צי איז דאָרט גלייכער פערנעמען זיך מיט פלאַנצונגען, צי מיט פעלד־ארבייט, אָדער די ווירטשאַפט דאַרף גאָר זיין א געמישטע. די ערשטע קאָלאָניסטען האָבען זיך בתמימות געוועזן גענומען פאַר פעלד־ארבייט. נאָר דעם באַראָנס אַדמיניסטראַציע האָט באַלד צונישט געמאַכט די פעלדארבייט און אָנגעהויבען פלאַנצען, ווייל בכדי איינצואָרדענען ביי פעלדווירטשאַפט איז ניט געווען גענוג באָדען, און ווייל פון פלאַנצונגען האָט מען ערוואַרטעט גרעסערע גליקען. מען האָט געפלאַנצט וויינגערטנער מיט'ן אויסזיכט צו מאַכען פון די טרויבען וויין. קוקענדיג אויפ'ן באַראָן, האָבען דאָרט שוין אַלע אָנגעהויבען צו פלאַנצען שטאָק. עס פערשטעהט זיך, אז עס האָבען זיך באַלד געפונען גוטע בעלי־חשבון, וועלכע האָבען אויסגערעכענט געגוי די גרויסע הכנסות, וואָס די כרמים וועלען טראָגען, און האָבען אונטערגעגעבען דעם עולם חשק צו בעזהרען פלאַנצען, און ניט ווייניג יודען פון רוסלאַנד האָבען דאָן געפּאַטאַזירט וועגען א וויינגאָרטען אין פּאַלעסטינע און ניט ווענין האָבען צוליעב דעם צוועק זייערע לעצטע רובלס אויסגעגעבען אין אַזוינע חברות, ווי די „אגודת־אלף“, למשל. נאָר דער וועלט־מאַרק רעכענט זיך אפילו ניט מיט די קאַפּריזען פון א באַראָן, און דער וויין, וואָס מען האָט אויסגעארבייט אין פּאַלעסטינע, האָט ניט געפונען קיין אבזאַץ. דעם גרעסטען טייל פון איהם איז מען געווען געצוואונגען צו שיקען אין האַמבורג אויף קאָמיסיע, און דאָרטען פלעגט מען פאַר איהם נעהמען א דריט־חלק דערפון, וואָס ער האָט אליין זיך געקאָסט. ניט איין פאַס וויין — דערצעהלט מען בסוד אין פּאַלעסטינע — האָט מען אין ים אויסגעגאָסען, ווען מען האָט געדאַרפט אויסליידיגען די פעסער פאַר'ן נייעם וויין. דער באַראָן האָט געצאָהלט 30 — 70 פר. א קאַנטאַר (אַן ערך 17 פוד) טרויבען, בעת לויט די פרייזען, וואָס מען פלעגט נעמען פאַר'ן וויין, פלעגט אויסמאַכען ווענינער, ווי 20 פראַנק. דער סוף איז געווען, אז מען האָט א טייל פון די וויינגערטנער — אין ערטער א ¼, אין ערטער א דריטעל און מעהר — אויסגעריסען! די צאָהל טרויבען האָט זיך דאָן פערקלענערט, און דעם וויין איז שוין לייכטער געוואָרען אויסצוברענגען. דערנאָך האָבען די קאָלאָניסטען אליין געמאַכט א חברה און איבערגענומען דעם קעלער. דאָס יאָהר תרע"א האָבען די קאָלאָניסטען בעקומען צו 22 פר. א קאַנטאַר טרויבען.

קיין נייע טרויבען האט מען נאך'ן „אויסרייסען" כמעט ניט גע־פלאנצט, און די געפלאנצטע ווערען גערעכענט פאר „טרפה", און דער קעלער האט רעכט זיי ניט צו נעמען אויף. וועגען פלאנצען איצט נייע וויינגערטנער אין א גרעסרען מאסשטאב קלערט שוין איצט קיינער ניט אין פאלעסטינע.

נאר ניט אלע האבען זיך דארט פון דער טרויבען־געשיכטע אבגעלערנט א מוסר־השכל. און איהר געפינט דארט נאך איצט מענשען, וועלכע לעגען זייערע גאנצע האפנונגען אויף פלאנצונגען און פראפאגאנדירען איצט די אידעע פון באיארעס און מאנדעל־גערטנער, ווי אמאל פון די כרמים ,און זיי ווילען ניט פערשטעהן, אז דערמיט פיהרען זיי ווידער צו קריזיס. אין דער אמת'ן : בעת תבואה איז אן ערשט־נויטיגער, און דערפאר א גאנגבארער ארטיקעל, און קאן דערפאר שטענדיג געפינען א קונה, — און סוף כל סוף וועט די תבואה, וואס מען וועט קאנען ארויספיהרען פון פא־לעסטינע, אלע מאל זיין נאר א טראפען אין דעם ים פון די תבואות, וואס די פעראייניגטע שטאטען, רוסלאנד און ארגענטינע ווארפען ארויס אויפ'ן פעלט־מארק — זענען שוין פערשיעדענע פרוכטען און וויין מעהר אדער ווייניגער א לוקסוס־ארטיקעל, און א שטארקע פערגרעסערונג פון זייער צאהל אין פאלעסטינע קאן זיך לאזען פיהלען. בפרט נאך, אז ביי וויין און פרוכטען שפיעלען א גרויסע ראל דער גוסט פונ'ם קונה. דער, וואס טרינקט געוועהנליך אונגארער אדער בארדא, וועט ניט קויפען קיין כרמל, און דער, וואס עסט איטאליענער אפעלסינעס, וועט ניט גערן נעהמען קיין יפו'ער. פערגרעסערען דעם פערקויף פון אזוינע פראדוקטען איז דערפאר זעהר שווער. חוץ דעם קאנען פרוכטען ניט ליעגען. טרויבען דארף מען גלייך פערוואנדלען אין וויין, ווייל איבערשיקען זיי ווייט איז כמעט אוממעגליך. אראנזשען מוזען פערקויפט ווערען אין משך פון עטליכע חדשים, ווייטער קאנען זיי אין פאלעסטינע ניט ליעגען. מאנדלען קאנען ליעגען מעהר, אבער יעדעס יאהר זענען פאראן נייע, און ווען דער אנבאט וועט זיך פערגרעסערן, וועט זייער פרייז מוזען שטארק פאלען. אויף דעם אויסגאנג פון יאהר פאר די פרוכ־טען קאנען ווירקען צום שלעכטען נאך אנדערע סבות. אזוי האבען, צ. ב., אין תרע"א, ווען עס האט געהערשט כאלערע אין דער טערקיי, די קאלאניסטען געמאכט שלעכטע געשעפטען מיט מאראנ־צען, ווייל אין פיעל לענדער האט מען דאן ניט געלאזען אריינפיהרען קיין פרוכט פון טערקיי. און בכלל איז יעדער פלאנטאטאר איינגאנ־צען אבהענגיג פונ'ם מארק : פאר זיין אייגענעם געברויך קאן גענוג זיין די פרוכט נאר פון א פאר בוימער. די פרוכט פון אלע איב־

יגע מוז ער פערקויפען, כדי צו בעפריעדיגען אלע זיינע בעדערפע־
ישען. יעדע ענדערונג אין די וועלט־פרייזען מאכט שוין דער־
פאר א ווירקונג אויף זיין ביודזשעט. און מען מוז נאך בעמערקען,
אז פאר פאלנצונגען קאן זיך לייכטער נעהמען א ניט גענוג פערמעג־
ליכער מענש, איידער פאר פעלדארבייט, כאטש צום סוף דארף די
פלאנטאציע אבקאסטען ניט וועניגער, נאר אפילו מעהר, איידער
א פעלדווירטשאפט. ווייל ביי פעלדווירטשאפט דארף מען שוין
גליך ביים צוגעהען צו דער ארבייט האבען די גאנצע נויטיגע סומע,
און ביי פלאנצונגען קאן מען די סומע פונאנדערלעגען אפט אויף
איניגע יאהר און צוטרעטען צו דער ארבייט קאן מען אויך מיט
א קליינע סומע. און דערביי קאנען אפט זיין פאלשע האפנונגען
אויף די אייגענע שפעטערדיגע רעסורסען אדער ווידער האפנונגען
אויף דער הילף פון כלל־ישראל. אזוינע ווירטשאפטען קאנען ניט
זיין קיין פעסטע.

קיין גרויסע האפנונגען אויף פלאנצונגען אליין קאן מען אין
פאלעסטינע דערפאר ניט לעגען. נאך וויניגער האפנונגען קאן מען
לעגען אויף דער ענטוויקלונג פון העכסט אינטענסיווע קולטורען
אין פאלעסטינע, ווי איניגע פאנטאזירען דארט. ווייסענדיג, אז
פרייע ערד איז דארטען פארהאן זהער וועניג, האלטען די דאזיגע
פאנטאזיארען אלס דאס איינציגע מיטעל צו קאנען בעזעצען א
גרעסערע צאהל קאלאניסטען אין פאלעסטינע איינצופיהרען דארט
א, העכסט אינטענסיווע פלאנצונגס־
ווירטשאפט. אזוי לעגט איינער פאר צו פלאנצען ריצין,
בוימער דער אנדערער — קאלאצינט( אזוינע ביטערע קירבעסלעך)
און אנדערע מעדיצינישע ספעציעס און ד. ג. נאר זיי פערגעסען, אז
אן אינטענסיווע ווירטשאפט, וועלכע זאל האבען פאר אן אבזאץ־
מארק פאלעסטינע גופא, איז דארט אוממעגליך צו שאפען. אזא
ווירטשאפט איז מעגליך נאר ביי גרויסע שטעדט, וואו גרינס, פרוכט,
בלומען א. ד. ג. קאנען שטענדיג געפינען אן אבזאץ, און אויף הויכע
פרייזען. דארטען איז טאקע גענוג אויף דורכצולעבען זיך — נאר א
פאר העקטאר באדען און די אינטענסיווע ארבייט פונ׳ם פויער אדער
קאלאניסט צוזאמען מיט אלע ארבייטס־פעהיגע מיטגליעדער פון
זיין פאמיליע. אין פאלעסטינע אבער זענען אזוינע שטעדט ניטא,
אויסער ירושלים, טיילווייז יפו און חיפו. ביי די דאזיגע שטעדט
זענען אזוינע ווירטשאפטען ווירקליך מעגליך, כאטש די אראבער
מאכען זיי וועניגער איינטרעגליך דורך זייער קאנקורענץ, און אין
יפו און חיפו האבען דעם מארק אויף אזוינע זאכען ביז איצט שוין
פערכאפט די דייטשען. און פלאנצען בלומען, גרינס א. ד. ג. זאר־
בען, וועלכע ווערען באלד פערוועלקט, אויף צו שיקען קיין אויס־

לאנד, וועגען דעם קלערט מסתמא קיינער ניט. און וועגען די פערשיעדענע ספּעציעס, וועלכע די „אידעאליסטען" לעגען פאר צו פלאנצען, וואָלט כדאי געווען זיי זאָלען זיך דערמאָנען דעם כאַראַקטעריסטישען אנעקדאָט מיט דעם באראָנס מעלאָנען*), אנ׳אנעקדאט, פון וועלכען זיי לאכען אליין אויף גאנץ פרעהליך. די ספּעציעס, וואָס עטליכע צעהנדליג קאָלאָניסטען וואָלטען פערזייהט, וואָלטען גענוג געווען אויף רפואות פאר אַ שליש וועלט.

מיט אַזוינע קולטורען קאָנען זיך פערנעהמען נאָך אַ פּאָר צעהנדליג קאָלאָניסטען און — אז מען זאָל גוט אויסנוצען דעם מארק — ווידער אמאָל אַ פּאָר צעהנדליג קאָלאָניסטען. אָבער אויף אזוינע קולטורען בויען די צוקונפט פונ׳ם ישוב אָדער בכלל לעגען אויף איהם גרויסע האָפענונגען — איז אַ פאַלשע און דערפאר אַ שעדליכע פאנטאַזיע.

די לאגע פון דער פעלד־ווירטשאפט איז שוין אַ פיעל זיכערערע, ווייל ביי אַזאַ ווירטשאפט איז דער קאָלאָניסט פיעל ווענינער אָבהענגיג פון מארק. ער קאָן אַ גרויסען טייל פון זיינע בעדערפעניששען בעפרידיגען דערמיט, וואָס ער ארבייט אליין אויס. ער קאָן האָבען ווייץ אויף ברויט, גערשט און שטרוי פאר די פערד און אָקסען, אַ ביסעל קארטאָפעל, גרינס און מילך, א ביסעל פלייש און אייער. אין פּאַלעסטינע צאָהלט מען דאָך דער רעגירונג דעם עשור אויך מיט תבואה. און אָפט אויך דעם אַראַבישען ארבייטער מיט ווייץ. דעם קאָלאָניסט קומט אויס ווענינ צו קויפען און פערקויפען, און ער איז כמעט שטענדיג זיכער, אז זיין תבואה וועט ביי איהם ניט פערלעגען ווערען אין שפּייכלער, אז ער וועט שוין געפינען אויף איהר אַ סוחר.

דאָס האָט פערשטאַנען די יק"א, ווען זי האָט איבערגענומען דעם באַראָנס קאָלאָניעס, און זי האָט בעשטימט אין די אַלטע קאָלאָניעס וואָס מעהר איבערגעהן צו פעלדוויטרשאפט און די נייע קאָלאָניעס בויען אויסשליסליך אויף פעלדווירטשאפט. און דאָ איז זי, ווי עס פּאַסט פאר אַ רייכער צדקה־געזעלשאפט, וועלכע עס דאַרף קיינעם קיין חשבון ניט אָבגעבען און וועלכע איז דערפאר ניט מחויב גוט אויסצורעכענען און אויסצופאָרשען, גלייך איבערגעאנגען צו

*) ווען איך בין געווען אין פּאַלעסטינע, האָט די אדמיניסטראציע אין מלחמיה אנגעהויבען פלאַנצען מעלאָנען. דערביי האָט מען דערצעהלט וועגען דעם פאָלגענדען אנעקדאָט. דער באראָן איז געווען אין דער שווייץ. מען האָט איהם דאָרט אין א האָטעל דערלאנגט א מעלאָנע און דערנאָך צוגעשטעלט פאר איהר א חשבון פון 10 פראנק. „אויב אזוי" — האָט דער באראָן פלינק א רעכטן געטאָן — „איז דאָך דאָס אַ טייערער געשעפט. אויב אין פּאַלעסטינע קאָנען וואַקסען מעלאָנען, קאָן מען דאָך די קאָלאָניסטען גליקליך מאכען. איין קליין־גערטענדעל מיט מעלאָנען, און דער קאָלאָניסט איז בעזיכערט מיט חיונה". און ער האָט גלייך פּעראָרדענט, מען זאָל אין פּאַלעסטינע אָנהויבען צו זעצען מעלאָנען.

דער צווייטער עקסטרעמיטעט. זי האָט אין ערטער, צ. ב., אין ראש־פּנה, אפילו א ו י ס ג ע ר י ס ע ן פלאַנצונגען, כדי צו האָבען מעהר באָדען פאר זריעה. נאָר זי האָט ניט אויסגערעכענט, אז אין פּאַלעסטינע איז אוממעגליך צו פעראייניגען די פעלדווירטשאפט מיט פיהצוכט און מיט אנ'ענטוויקעלטער הויף־ווירטשאפט (מילכיגס, עופות, גרינס), און אז די פעלדווירטשאפט בלייבט דאָרט דערפאר צו א י י נ ז י י ט י ג, און קאן דעריבער שוין פון איין אומגערעטע־ניש אויף תבואה לייכט צעטרייסעלט ווערען אַזוי, אז זי זאָל נאָכ־דעם לאַנג ניט קאָנען צו זיך קומען, און אַז כדי זי פעסטער צומאכען דאַרף מען די פעהלענדיגע הויף־ווירטשאפט און פיהצוכט פערביי־טען דורך אנ'אַנדער היילפס־ווירטשאפטס־צווייג—דורך פלאַנצונגען. צו דעם האָזיגען געדאנק זענען די קאָלאָניסטען אין גליל און אויך די אדמיניסטראציע געקומען די לעצטע עטליכע יאָהר. און אין אַלע גליל־קאָלאָניעס האלטען איצט די קאָלאָניסטען אין איין פאָדערן ביי דער אַדמיניסטראַציע, זי זאָל זיי פלאַנצען. אין איינינע ערטער איז די אדמיניסטראציע שוין צו דעם מסכים.

אַלזאָ, דער ניט ריכטיג צוגעפּאַסטער צו די פּאַלעסטינער בע־דינגונגען ווירטשאפטס־אינהאלט האָט געבראכט פיעל שאָדען דעם ישוב אמאָל און לאָזט ניט פערפעסטיגען זיך דאָרט דער ווירטשאפט איצט. און ווייל אין דער פּאַלעסטינער קאָלאָניזאציע שפּיעלט שוין אַ צו גרויסע ראָלע דער אידעאַליסטישער מאָמענט, ווערט דאָרט ביי די קאָלאָניזאציאָנס־טוער די פראקטישע זייט אָפט פערנאכלע־סיגט, און יעדער, ווער עס האָט נאָר אנ'אידעאַליסטישען אָדער ציוני־סטישען פונק אין הארצען, רעכענט זיך שוין בכלל פאר קאָמפּעט־טענט און בערעכטיגט ניט נאָר צו שאפען טעאָריעס וועגען דער פּאַ־לעסטינער קאָלאָניזאציע, נאָר אויך צו אגיטירען פראנק און פריי פאר זיי. דאָס וועט אויך ווייטער געוויס ניט ווייניג שאָדען ברענ־גען דעם ישוב.

ניט ווייניגער וויכטיג, איידער דער אינהאלט פון דער ווירט־שאפט, איז די פ אָ ר ם פ ו ן ד ע ר ו ו י ר ט ש א פ ט (די פעלדטיילונג) און די פאָרמען פון דער ארבייט. צוקוקענדיג זיך צו דער אַראַבישער ווירטשאפטס־פאָרם, וועלכע הערשט כמעט אין אַלע יודישע קאָלאָניסטישע פעלד־ווירטשאפטען, און צו די אַראַבישע אר־בייטס־פאָרמען, וועלכע הערשען אויך אין דער גרעסטער מעהרהייט פון די יודישע ווירטשאפטען, מוז מען קומען צו דער איבערצייגונג, אַז ווי פרימיטיוו זיי זענען ניט, זענען זיי דאָך ניט שלעכט צוגע־פאסט צו די בעדינגונגען פון לאנד. מען זייהט כסדר א יאָהר ווינ־טער־תבואה (ווייץ און גערשט, טיילווייז ארבעס און באָב) און א יאָהר זומער־תבואה (דורע און שמישום). דערביי בייטען זיך די תבואה

געוויקסען מיט די באב־געוויקסען, וועלכע זאמלען אן שטיקשטאף אינ'ם באדען, וואס עס פערהיט איהם מעהר אדער ווייניגער פון אויסצעהרונג. דער אראבישער אקער ריהרט אן נאר די סאמע אויבערשטע שיכט פונ'ם באדען און עקספלואטירט איהם דערפאר לפי ערך ניט פיעל. די דרעש־ברעט איז אויך זעהר גוט צוגעפאסט: זי צעררייבט דאס שטרוי און מאכט פון איהם תיבן (צעריבענע שטרוי) וועלכען מען גיט עסען די בהמות. פערקעהרט, די אייראפעאישע מאשינעס בעגעגענען פיעל נאטירליכע שטערונגען ביי דער ארבייט: דער באדען איז אין פאלעסטינע אפט בעדעקט מיט שטיינער און מיט סידרעס (אזוינע קוסטעס), און עס איז שווער איהם צו בעארבייטען דערפאר מיט א פלוג און נאך מעהר איז שווער צו שניידען אויף איהם מיט א שניידמאשין, וועלכע האט האלט א גלייכען און גלאטען באדען. די גערשט וואקסט נאך דארט אפט זעהר נידעריג אויס, אזוי, אז מען קאן זי ניט שניידען מיט א מאשין. און עס טרעפען זיך אפט אויך מישופע'דיגע ערטער אראב א בארג, וואו מען קאן ארבייטען נאר מיט אקסען און מיט'ן אראבישען פלוג. די געוועהנליכע דרעש־מאשין צורייבט ניט די שטרוי, ווי עס איז נויטיג אין פאלעסטינע. ניט־צעריבענע שטרוי איז דארט צו טרוקען און צו הארט, מען זאל עס קאנען געבען עסען די בהמות.

נאר די גאנצע אראבישע ארבייטס־סיסטעם, ווי זי איז ניט צוגעפאסט צו די ארטיגע בעדינגונגען, איז זי גענוג און גוט נור פאר די אראבער, אבער ניט פאר די יודען. די בעדערפענישען פונ'ם אראבער זענען מינימאלע. א העמד און א לאנגער כאלאט איז זיין גאנצע קליידונג; א רייכער אראבער טוט נאך אן א פאר שיך פאר א פאר פראנק. די קליינע קינדער געהען אום ביז א געוויסען עלטער גאר הוילע. פון קיין שולע פאר קינדער ווייסען זיי כמעט ניט. עסען עסט מען רויהע ניט געזייערטע ברויטלעך מיט א ציבעלע אדער מיט אן אנדער גרינס, אדער גאר מיט נישט. די ווייבער און די קינדער פון דעם אראבער ארבייטען. פאר דעם אראבער איז דערפאר גענוג דאס, וואס די ערד טראגט איהם אריין ביי זיין אראבישען אקער און ביי זיין פרימיטיווער סיסטעם פון ארבייט. דער יוד האט אבער גאר אנדערע בעדערפענישען, ניט אין אן ערך גרעסערע. די קאלאניע־הוצאות אליין ביי א יודישען קאלאניסט מאכען אפט אויס מעהר, איידער די גאנצע הוצאה פון דעם אראבער. דער יודישער קאלאניסט נויטיגט זיך אין א שולע פאר קינדער, אין אן אפטייק און א דאקטאר, אפט אויך אין א שוהל און אין א שוחט, אמאל אויך אין א צייטונג און א ביכעל. דער יודישער קאלאניסט האט אויך גרויסע הוצאות אויף שמירה, אויף בעציהונגען מיט דער

רעגירונג א. ד. ג.*) דער יוד קאָן אויך ניט אומגעהן הויל, און מוז נאָך אפּילו האָבען אַ בעזונדערן שבת׳דיגען מלבוש. ער קאָן אויך ניט אויסקומען מיט דיזעלבע אכילות, וואָס דער אראבער. דער יוד האָט אין משך פון טויזענדער יאָהרען געלעבט אין שטאָדט. דאָרטען זע־נען זיינע בעדערפעניישען אויסגעוואקסען. זיי קאָן שוין דער אראַ־בישער אקער און די פּרימיטיווע אראבישע ארבייט ניט בעפרידי־גען. דער יוד קאָן זיך ניט בעגנוגענען מיט די קלייניגקייטען, וואָס דער באָדען טראָגט אריין ביי אזא ארבייט. ער דאַרף אויסנוצען דעם באָדען, שעפּען פון איהם, וויפיעל עס לאָזט זיך נאָר. די בע־דערפענישען פונ׳ם יודישען קאָלאָניסט פאָדערן פון איהם, ער זאָל ארבייטען ניט ווי אנ׳אָבגעשטאָנענער אראבער אָדער רוסישער פּויער, נאָר ווי א פּאָרטגעשריטענער אייראָפּעאישער אקערבויער אָדער אמעריקאנער קאָלאָניסט — מיט די בעסטע מאַשינעס, מיט אנ׳ענט־וויקעלטער פעלד־טיילונג, מיט בעמיסטיגונג א. ד. ג. קורץ, ער זאָל ארבייטען לויט די לעצטע פאָדערונגען פון דער וויסענשאַפט.

אמת, עס זענען אפּילו פאַרהאַן „קענער“ פון קאָלאָניזאציע ביי יודען, ביי וועלכע די פּערקירצונג פון די בעדערפענישען ביי די יו־דישע קאָלאָניסטען רופט ארויס א פרייד : „זיי ווערען אמת׳ע פּוי־

*) איך ברענג דאָ, אלס ביישפּיעל, די גענויע צאָהלען פון די קאָלאָניע־הוצאות פון א פּאָר קאָלאָניעס אין תרע״א.

א) חדרה: 1) דאקטאר, אקושאָרין, פעלדשער און אפּטייק — 7000 פר.; 2) סעקרעטאר, מוכטאר (סטאראכטע) און אנדערע אנגעשטעלטע — 2040 פר.; 3) נסיעות פון מוכטאר און פון די ועד־מיטגלידער — 1000 פר.; 4) שמירה פון דער קאָלאָניע — 4700 פר.; 5) שמירה פון די פעלדער און די באַיארעס פון אויסען — 7000 פר. 6) שוחט — 1300 פר.; 7) שולע — 2420 פר.; 8) פּאָסט און דיליזשאַנס — 800 פר.; 9) וואסער שעפּען — 1100 פר.; 10) דעם וועטערינאר — 1200 פר.; 11) א משפּט פּאר די גרעניצען — 2000 פר.; 12) אלגעמיינע תיקונים — 700 פר.; 13) קליינע הוצאות — 2000 פר.; סך הכל 34260 פר. — צו 978, 8 פר. אויף יעדער קאָלאָניסטישער פאמיליע; אויסער דעם : רעגירונגס שטייער — ווערקא און אנדערע 4000 פר. און עשור 20000 פר. און צוזאמען 58.260 פר., צו 1664 פר. אויף יעדען קאָלאָניסט

ב) מעסחא. 1) אפּטייקער — 1440 פר.; 2) אקושאָרין — 420 פר.; 3) דאָקטאָר 740 פר. און יק״א 700 פר.; וועטערינאר — 800 פר.; 5) שולע — 180 פר. און יק״א 5040 פר.; 6) שוחט — 720 פר.; 7) שומרים — 2700 פר.; 8) אנדערע הוצאות — 1440 פר. און יק״א 2820 פר.; צוזאמען 17030 פר., צו 473 פר. אויף א קאָלאָניסטישער פאמיליע, אויסער עשור.

ערים!"*) זאָגען די דאָזיגע קענער מיט התפּעלות. זיי פערשטעהען
אָבער ניט, אז מיט דער פערקירצונג פון די בעדערפעניסען דעגראַ־
דירט דער קאָלאָניסט פון אַ העכערער קולטור־מדרגה אויף אַ נידעריי־
גערער און פאר־איינס ווערט אָבגעשוואכט זיין ענערגיע. דער יודי־
שער קאָלאָניסט וועט קיינמאָל ניט דערגרייכען צו דער מדרגה פון
דעם אַראַבער אין דעם, וואָס איז נוגע די בעדערפעניסען; עס איז
איהם אָבער גענוג נאָר אביסעל אראָבצולאָזען זיך פון דער ענטוויק־
לונגס־מדרגה, אויף וועלכער ער איז געשטאַנען, ער זאָל שוין קיינ־
מאָל ניט האָבען גענוג ענערגיע צו דער ארבייט און גענוג פערשטאנד
— ווי צו אַרבייטען. ער וועט שוין קיינמאָל ניט קאָנען זיין קיין
קאָלאָניסט אינ'ם מאָדערנעם זין פון וואָרט.

אז דעם קאָלאָניסט קומט אויס צו ליידען די ע ר ש ט ע פּאָר
יאָהר, און ער האָפט דורך זיין ארבייט זיך א בעסערע צוקונפט צו
שאַפען, פיהלט ער געוועהנליך ניט די ליידען. אָפטמאָל גיט איהם צו
די פערקירצונג פון די בעדערפעניסען אין דער דאָזיגער צייט נאָך
מעהר ענערגיע: ער קוקט אויף זיך, ווי אויף אַ העלד, וועלכער קאָן
גובר זיין אַלע שוועריגקייטען. און איז דער קאָלאָניסט אנ'אידעאַ־
ליסט, ווערט זיין אידעאליזם ניט אָבגעשוואכט, ווען עס איז נאָר
פאַרהאַן א האָפענונג אויף בעסערע צייטען. ווען די ווירקליכקייט
אָבער בעווייזט, אז די פערקירצונג פון די בעדערפענישען איז ניט
קיין צייטווייליגע, נאָר אַ שטענדיגע, אז ניט א יאָהר אָדער א פּאָר,
נאָר אייביג וועט אויסקומען צו ליידען און קוועלען זיך, ווערט אויס־
געלאָשען די האָפענונג, עס לאָזען זיך אָב די הענד, עס פערשווינדט
די ענערגיע און דער ווילען צו ארבייטען. דער קאָלאָניסט בעדויערט
נור, וואָס ער האָט פערביטען א בעסער לעבען אויף אנ'ערגערס. און
דער אידעאַליסט פערלירט זיין גלויבען, ווייל קולטורעלע דעגראַדאַ־
ציע קאָן ניט זיין קיין אידעאל. מאכען יודען פאר „פּויערים" — אין
דעם זין, ווי מען פערשטעהט דאָס אין רוסלאנד און גאַליציען —
איז דערפאר אנ'אוטאָפּיע און אנ'אומזין. יודען וועלען קיינמאָל
קיין פּויערים ניט ווערען. און וועט מען אונטערנעהמען עטוואס אין

---

*) ווען איך בין געווען אין ארטוף האָבען מיר די דאָרטיגע קאָ־
לאָניסטען דערצעהלט פאָלגענדעס: אין יאָהר 1904 איז ביי זיי געווע־
זען אוסישקין. מיט אַ ביסעל צייט צוריק איז ביי זיי געוועזען א שרפה,
און אַ גרויסער טייל פון זייערע שטאַלען האָבען אָבגעברענט. אַ טייל
פון די קאָלאָניסטען האָבען זיך דערפאר געמוזט נאָך מעהר פעראייִנגען.
געוועהנליך וואוינט יעדער ארטופער קאָלאָניסט אין איין צימער, וואָס
דיענט צו גלייכער צייט אויך אַלס שפּייכלער, און איצט האָבען זיי זיי־
ערע אייזלעך און קיה אויך געדארפט אריינפיהרען אין דיזעלבע צימע־
רען. ווען אוסישקין האָט דערזעהן די דאָזיגע „אידיליע", האָט ער גע־
מאַכט די ברכה „שהחינו", און געזאָגט, אַז ער דאַנקט גאָט, וואָס ער האָט
דערלעבט צו זעהען אמת'ע יודישע פּויערים.

דער ריכטונג, וועלען די רעזולטאַטען געוויס זיין דיזעלבע, וואָס פון דער ביז איצטיגער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע — ד. ה. מען וועט פערזייהען פאַר א רובל, און עס וועט אויסוואַקסען פאַר אַ דרייער.

מען דאַרף נאָך ניט פערגעסען, אַז דער יודישער קאָלאָניזאַציאָנס־עלעמענט שטעהט אין דעם זין פון ערדארבייטערישע טראַדיציעס, פון ליעבע צו דער נאַטור, פון קענען די ערדארבייט, פון צוגעוועהנט זיין צו שעוורער פיזישער ארבייט און פון אויסגעהאַלטענקייט אין דער ארבייט נידעריגער אפשר, איידער די קאָלאָניסטען פון אַלע אַנדערע פעלקער. און אויב ער קאָן ווען עס איז פערנעהמען אנ׳אָרט ביי ערד, איז דאָס נור מיט זיין העכערער ענטוויקלונג, מיט זיין פעהיגקייט צו לערנען און מיט זיין אידעאַליזם. און אין דעם פּרט איז דאָס פעהלען פון פעסטע טראַדיציעס אָפטמאָל אפילו אַ מעלה — וועט לייכטער זיין איבערצוגעהן צו נ י י ע ר ע ה ע כ ע ר ע פאָרמען פון ארבייט.

אין פּאַלעסטינע האָט מען זיך אָבער מיט דעם אַלעמען ניט גערעכענט. און אויב ביי פלאַנצונגען האָט מען דאָרט דאָך פיעל וועניג אבגעלערנט פון די פראַנצויזישע אגראָנאָמען, איז מען אין פעלדארבייט געבליבען ביי די פּרימיטיווע אַראבישע ארבייטס־פאָרמען, וועלכע קאָנען נאָך ווי עס איז דערנעהרען די אראבער, אָבער ניט די יודען. דאָס איז אויך געוויס איינע פון די וויכטיגסטע סבות פון דער אָרימקייט און אומפעסטקייט פון די קאָלאָניסטישע ווירטשאַפטען.

צי איז אָבער דאָרט מעגליך איבערצוגעהן צו העכערער איינראָפּעאישער ארבייט? ביי דער איצטיגער א י נ ד י ו ו י ד ו ל ע ר ווירטשאַפט כמעט ניט. יעדער קאָלאָניסט קאָן נאָך אויף אַ טייל פון זיין באָדען אָדער אויף זיין גאַנצען באָדען בענוצען אַן איינראָפּעאישען פלוג. ווען דער גאַנצער איינראָפּעאיזם בעגרענצט זיך אָבער נור מיט׳ן פלוג (אָהן איינצושפּאָרען ארבייט דורך אַנדערע מאַשינעס, אָהן בעמיסטיגונג און אָהן אויסבעסערן דעם סדר פון די פעלדער), איז, ווי מיר האָבען שוין געזעהן — יצא שכרו בהפסדו. די ערד גיט עטליכע יאָהר מעהר ארויס; זי ווערט אָבער גיך אויסגעמאָגערט אויף אַ גרויסער טיעף און איז עלול גאָר אויפהערען צו טראָגען מיט דער צייט. קיין אַנדערע מאַשינעס בענוצען קאָן יעדער קאָלאָניסט בעזונדער ניט. אַ זייה־מאַשין דאַרף ער אינגאַנצען אויף 3—4 טעג אין יאָהר; אַ שנייד־מאַשין אויף אַ וואָך, די דרעש־מאַשין אויף אַ טאָג, צוויי. צוליעב בענוצען זיך מיט די מאַשינעס אויף אַזאַ קורצער צייט לוינט זיי ניט צו קויפען. אויסנוצען די דאָזיגע מאַשינעס ווי געהעריג, איז נאָר מעגליך ב ש ו ת פ ו ת. ביי אַ פ ש ו ט ׳ ע ר שותפות — ניט ביי אַן ענגערער קאָאָפּעראַטיווער ארבייט — איז דאָרט אָבער מעגליך צו בענוצען נור די שנייד־מאַשין. ווייל ביים שניידען שטעהען דאָרט די וועטערן געוועהנליך גוט, און די פּאַלעסטינער ווייץ און גערשטען האָבען נישט

שטארק מורא פאר איבערשטעהן זיך אויפ'ן פעלד און פאר'ן אויס־שיטען זיך פון די קערנער. דערפאר זענען טאקע אין פיעל קאלא־ניעס פארהאן שנייד־מאשינעס. יעדע צוויי־דריי קאלאניסטען האָ־בען בשותפות א מאשין. א זייה־מאשין און א דרעש־מאשין איז אבער דארטען ביי א פשוט'ער שותפות זעהר שווער אדער אוממעג־ליך צו בענוצען. אין איין קאלאניע האט מען געפרובט קויפען בשותפות זייה־מאשינעס, האט מען זיי אוועקגעווארפען, און אט פארוואס. מיר האבען שוין געזעהן, אז ביים פערזייהען קומט אויס אין פאלעסטינע צו לאווי־רען צווישען די רעגענס. דער קאלאניסט זעהט אויסצונוצען דעם גוטען טאג צו פערזייהען, וויפיעל ער קאן. ווען צוויי ק״ל״ניסטען װאלטען געהאט א שותפ'ישע זייה־מאשין און וואלטען אפילו על פי גורל זיך בענוצט מיט איהר, וואלט איי־נער אין אזא צופעליגען גוטען טאג פערזייהט זיין גאנץ פעלד און וואלט געהאט א גוט יאהר, און דער אנדערער, וואס וואלט דעם טאג אריבערגעלאזען, ווארטענדיג אויף דער מאשין, וואלט געבליבען אהן א פערזייהט פעלד און וואלט געהאט אן אומגליקליך יאהר. און דער ערשטער וואלט זיך, פערשטעהט זיך, מיט'ן צווייטען ניט געטיילט: ער איז דאך נאר שותפות מיט איהם אין דער זייה־מאשין, אבער ניט אין די פראדוקטען פון זיין ארבייט. אזוינע פאלען האבען באמת פאסירט און האבען געבראכט, מען זאל אוועקווארפען די שותפ'ישע זייה־מאשינעס. איצט זענען זייה־מאשינעס פארהאן נאר אויף די פערמעס. עטוואס עהנליכעס איז אויך מיט דער דרעש־מאשין. איצט איז דאס דרעשען איינע פון די אומגליקליכסטע, וואלט איך זאגען, אפעראציעס אין דער פאלעסטינער ווירטשאפט. אין משך פון צוויי־דריי חדשים זענען פערנומען די מענשען און די ארבייטס־בהמות; די גאנצע לופט איז פול מיט מעקענע און שטויב, וועלכע עסען אויס די אויגען און דריקען דעם אטעם; די גאנצע צייט נויי־טיגט זיך דער באיאדער אין א בעזונדערער שמירה, וואס עס מאכט אן אן איבעריגע הוצאה. מיט א גוטער דרעש־מאשין (איצט זע־נען שוין פארהאן מאשינעס, וואס צוהאקען ניט די שטרוי און וואס מען קאן זיי דערפאר בענוצען אין פאלעסטינע; אזא מאשין קאסט א 10—12 טויזענד פראנק) וואלט יעדער קאלאניסט געקאנט האָ־בען זיין גאנצע תבואה אויסגעדראשען העכסטענס אין צוויי טאג, און דאס וואלט איהם געקאסט א 150—200 פר. (א העלפט דערפון וואלט ער געקאנט דערביי אבשפארען פון דעם עסען פון די אר־בייטס־בהמות). די איבעריגע צייט וואלט ער געווען פריי און די ארבייטס־בהמות ניט אבגעמאטערט, און עס וואלט מעגליך געווען כאטש א טייל פונ'ם באדען (דעם לייכטערן, ווייל דער שווערער בא־דען ווערט פון היץ פערוואנדעלט אין א שטיין, און עס איז איהם ניט מעגליך צו אקערן פאר'ן רעגען) צו אקערן זומער־צייט, וואס עס וואלט זיך גוט אבגערופען אויפ'ן איינטראג פונ'ם קומענדיגען יאהר. נאר דא קומט ווידער די פראגע וועגען דער שותפות. קיי־

נער ווייל ניט זיין פון די לעצטע. ווער עס דרעשט אָב פריהער, קאָן זיך פריהער אויסצאָהלען זיינע חובות און האָבען אַ מזומנ'עם גראָשען אין קעשענע, און דאָס קאנען די קאָלאָניסטען, וועמען עס קומט אוים צו ווארטען, ניט צוקוקען. אין דער סעדזשערער פערמע האָט די אַדמיניסטראַציע אזא דרעשמאַשין. האָבען מיר דאָרטען די קאָלאָניסטען געזאָגט: „ווען מיר וואָלט אויסגעקומען צו זיין דער צוואַנציגסטער, וואָלט איך די דרעש־מאַשין ניט גענומען, ווען קרויז (דער אדמיניסטראטאר) וואָלט מיר אפילו צוגעצאָהלט". אגב, איז אין פּאַלעסטינע פאַרהאַן נאָך אַ שטערונג: די רעגירונג לאָזט ניט צונעהמען די געדראָשענע תבואה פון פעלד, ביז זי מעסט ניט אָב ביי אַלעמען איהר חלק, דעם עשור.

ביי אַן ענגערער קאָאָפּעראַטיווער ווירטשאַפט וואָלט מען די אַלע שטערונגען געקאָנט לייכט בעזייטיגען, אפילו די שטערונג מצד דער רעגירונג. ווייל אלס איין גרויסע ווירטשאַפט, וואָלט זי געקאנט אויסרעכענען זיך מיט'ן בעל־עשור, ווען זי וואָלט וועלען, אָדער זי וואָלט אליין געקאָנט אבקויפען דעם עשור ביי דער רעגירונג, וואָס עס גיט זיך איצט אויך איין ווען עס איז אין איינינע קאָלאָניעס. אזא קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאפט וואָלט געהאַט נאָך פיעל מעלות: מען וואָלט געקאָנט איינשפּאָרען אויף געביידעס פאַר די פיה און טיילווייז אויך אויף ארבייטס־פיה גופא; מען וואָלט אויך געקאָנט אבשפּאָרען אויף אָבצוימען די הויפען איינעם פון'ם אנדערן און אויף מאַשינעס; מען וואָלט געקאָנט מאַכען די נויטיגע פּרובען א. אז. וו. און אַז. וו.

בכלל וואָלט א קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאַפט ניט איין אַן ערך אויפגעהויבען די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט. דער ציוניסטישער טוער דר. ד"ר רופּין האָט געגרינדעט אַ פּאָר קאָאָפּעראַטיווע גרופּעס, און קוקענדיג אויף איהם, האָבען אויך אַנדערע (אין סעדזשערע, אין מגדל) אזוינע גרופּעס געשאַפען. און עס איז גענוג צוצוקוקען זיך צו דער ארבייט אין אזוינע גרופּעס — איבערהויפּט אין הגניה, וועלכע איז עלטער און בעסער ארגאניזירט, איידער די איבעריגע, מען זאָל גלייך בעמערקען, אויף וויפיעל פּראָדוקטיווער און בעסער זייער ארבייט איז אין פערגלייך מיט דער ארבייט אין די פּריוואַטע, אינדיווידועלע ווירטשאַפטען. נאָר וועגען איינפיהרען קאָאָפּעראַטיווע ארבייטס־פּאָרמען אין די אלטע קאָלאָניעס קאָן, פערשטעהט זיך, קיין רייד ניט זיין. ווארטען אויף אַנ'אויסבעסערונג פון זייערע ווירטשאַפטען פון דער דאָזיגער זייט איז דערפאַר ניט מעגליך. די איינציגע מעגליכקייט אויסצובעסערען כאָטש וויפיעל עס איז זייער צושטאַנד ווענדט זיך איצט דערפאַר דערהויפּט דערפון, צי וועט זיך זיי איינגעבען צי פּועל'ן ביי דער אדמיניסטראַציע, זי זאָל זיי העלפען פּלאַנצען, צי ניט.

צוקוקענדיג זיך צו דער גענויער הכנסה און הוצאה פון פיעלע ווירטשאַפטען פאַר תרע"א, קאָן מען קומען צו פאָלגענדע שלוסען:

1) ביי שלעכטער ארבייט איז אפילו ביי נאָרמאַלע בע־דינגונגען זעהר שווער דורכצולעבען זיך. און ווען עס טרעפט נאָך אַזאַ צופאַל, ווי דאָס פאַלען פון די ארבייטס־בהמות, מוז דער קאָ־לאָניסט שוין אָנקומען צו אויסערליכער הילף. 2) ביים ארבייטען דורך אראבער און בכלל דורך פרעמדע ארבייטער, בעקומט דער אייגענטימער פונ׳ם באָדען ניט גענוג אויף דורכצולעבען זיך, און 3) ביי אייגענער ארבייט טראָגט די פּאַלעסטינער ווירטשאַפט אריין ביי נאָרמאַלע בעדינגונגען דעם אייגענטימער נור דעם ווערט פון זיין ארבייט.

מיר האָבען בעטראַכט די אַלע פאַקטאָרען, וועלכע ווירקען אויף דער לאַנדווירטשאַפט אין פּאַלעסטינע. נור איידער מיר געהען איבער צו מאַכען אַ סך־הכל פון אַלץ, וואָס מיר האָבען געזאָגט ביז איצט, וועלען מיר נאָך זאָגען אַ פּאָר ווער־טער וועגען דער אינדוסטריע אין פּאַלעסטינע. עס איז ניט קיין צופעליגקייט, וואָס מען האָט ביז איצט גערעדט כסדר וועגען דער לאַנדווירטשאַפטליכער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע און מען האָט קיינמאָל כמעט ניט געשטעלט די פראַגע וועגען אינדוסטריעלער קאָלאָניזאַציע. איצט איז די אינדוסטריע אין פּאַלעסטינע זעהר אָרים. אויסער די רויהע פּראָדוקטען פון ערד־ארבייט, ווי תבואה און פרוכט, פיהרט פּאַלעסטינע אַרויס נאָר צוויי וויכטיגע מינים: וויין און זייף. די לעצטע ווערט געאַרבייט אויף די אָרטיגע אראַ־בישע פאַבריקלעך, אָפט זעהר פּרימיטיוו, פון די רעשטען פון דעם אייל. די לעצטע יאָהרען האָבען יודען אויך געגרינדעט אַ פּאָר אַזוינע פאַבריקלעך: אין חיפה, אין לוד, ביי מוצא. די פערשיעדע־נע נויטיגע פאַבריק־פּראָדוקטען: מאַשינעס, מעטאַלענע און גלעזער־נע כלים, בעסערע קליידער און שיך, אפילו מעהל ווערען אריינגע־פיהרט אין פּאַלעסטינע פון אַנדערע לענדער. די סבה פון אַזאַ אָרימקייט אין אינדוסטריע ליגט דער עיקר אין די נאַטור־בעדינ־גונגען פון פּאַלעסטינע גופא. ערשטענס, איז דאָס לאַנד אָרים אין הייץ־מאַטעריאַלען. פון די וועלדער, וועלכע זענען דאָרט אַמאָל אפשר געווען, איז איצט כמעט קיין זכר ניט געבליבען; קיין שטיינקויהלען האָט מען אויך ביז איצט אין פּאַלעסטינע אין ערגעץ ניט געפונען. מען הייצט דאָרט איצט מיט קויהלען, וואָס מען ברענגט פון ענגלאַנד און בעלגיען, אָדער מיט נאַפט, וואָס מען ברענגט פון רוסלאַנד און אַמעריקע. צווייטענס, זענען ניטאָ אין פּאַלעסטינע קיין אייזען אָדער וואָסערע עס איז אַנדערע וויכטיגע מעטאַלען. קיין נאַטירליכע גינסטיגע בעדינגונגען פאַר אַ בעדיי־טענדער אינדוסטריע זענען דאָרט, הייסט עס, ניטאָ. די איצטיגע לאַגע פון טערקיי, ביי וועלכער זי קאָן אויף די אריינגעפיהרטע סחורות ניט ארויפלעגען קיין אָבצאָהל העכער ווי 7—11 פּראָצענט, לאָזט נאָך ווייניגער ענטוויקלען זיך דער אינדוסטריע. ביי אנדערע בעדינגונגען וואָלט אפשר אַ גרעסערער טייל פון די איצטיגע רויהע

פּראָדוקטען איבערגעארבייט געוואָרען אין לאַנד גופא. איצט לויגט אָבער בעסער ארויספיהרען די רויהע מאַטעריאלען — וואָל, פעל, וויין — און איבעראַרבייטען זיי אויף די גוט איינגעאָרדענטע פאַב־ריקען, למשל, אין ענגלאנד, און דערנאָך ברענגען די פּראָדוקטען: שטאָף, שיך, מעהל אין פּאַלעסטינע אריין, איידער איבעראַרבייטען די פּראָדוקטען אין לאַנד גופא און אריינפיהרען דערצו מאַשינעס און הילף־מאַטעריאַל. ווארטען אויף אַ שטאַרקע ענטוויקלונג פון אינדוסטריע אין פּאַלעסטינע אין דער צוקונפט קאָן מען דערפאַר ניט.

ווען פּאַלעסטינע וואָלט פערמאָגט הילף־מאַטעריאַל, וואָלט אַ טייל פון איהרע לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטען איבערגעאַרבייט ווערען אין לאַנד גופא. אויסער וויין און בוימעל, וואָלטען אפשר אויך צוקער, פערשיעדענע איינגעמאַכטסען א. ד. גל. ווערען וויכטי־גע ארטיקלען פון דעם פּאַלעסטינער עקספּארט, און ביים ברעג פון׳ם ים־המלח, וועלכער איז רייך מיט פערשידענע מינעראלען, וואָלט זיך אויך קאָנען ענטוויקלען אַ כעמישע פּראָדוקציע. נאָר ביים פעהלען פון הילף־מאַטעריאלען איז די ענטוויקלונג אפילו נור פון דער דאָזיגער ארט אינדוסטריע אונטער אַ פראַגעצייכען.

דער האַנדעל איז אויך ביז איצט אין פּאַלעסטינע ניט ענטוויקעלט. זיין ענטוויקלונג שטערען: ערשטענס, דאָס, וואָס דער אינערליכער מארק איז זעהר אָן אָרימער, ווייל די בעדערפעני־שען פון דער בעפעלקערונג זענען זעהר קליינע; צווייטענס — פעהלען גוטע וועגען און די וואָס זענען פאַרהאַן, זענען ניט זיכער, און דריי־טענס איז אין פּאַלעסטינע ניטאָ קיין איין גוטער האַפען. אפילו אין די בעסטע האַפענס פון חיפה און יפו מוזען זיך די שיפען אָב־שטעלען וויט פון ברעג, און די סחורה קומט אויס אָן און איבער־צולאַדען פון שיפלעך. אַ פּאָר חדשים אין יאָהר איז צושטעהן צו די דאָזיגע האַפענס כמעט אינגאַנצען אוממעגליך איבער די שטורעמס, וועלכע הערשען דאָרט. צי וועט פּאַלעסטינע אמאָל פערנעהמען אַ בעזונדער וויכטיגען אָרט אין דעם האַנדעל פון מזרח? בעהויפּטען דאָס אויף געוויס, ווי עס טוען איניגע ציוניסטען, טאָר מען בשום אופן ניט. אמאָל אין אַלטערטום, ווען דער גאַנצער האנדעל איז געגאַנגען אויף קאראוואַנעס, האָט דער וועג צווישען אשור, בבל און פעניקיען פון איין זייט און פון מצרים פון דער אנדערער, געמוזט דורכגעהן דורך פּאַלעסטינע און וויטער דורך דעם סועץ. איצט אָבער זענען פאַר די אַלע לענדער, וועלכע ליעגען אין מזרח און צפון פון פּאַלעסטינע, פאַרהאַן נעהענטערע און בעסערע האַ־פענס, איידער די פּאַלעסטינישע. דאָס איז ביירוט, אַלעקסאַנדרעטאַ און אנדערע אין סיריען. און דער מזרח־ברעג פון דעם סועץ־קאַנאַל איז ניט שטאַרק מסוגל צו קיין ישוב, ווייל ער שטעלט פאָר כמעט אינגאַנצען אַ וויסטעניש.

## ש ל ו ם.

מיר האָבען אָנגעוויזען די סבות, די אויסוויינינגסטע ווי די אינעווייניגסטע וועלכע האָבען ניט געלאָזען, עס זאָל זיך אויסבילדען אַ געזונטער און ענטוויקלונגס־פעהיגער יודישער ישוב אין פּאַלעסטינע, און געשטערט דער פערפעסטיגונג פון דער קאָלאָניסטישער ווירטשאַפט. די ווירקונג פון פיעל פון די אינווייניגסטע פאַקטאָרען און אויך פון אייניגע אויסווייניגסטע, וועט אין דער צוקונפט געוויס זיך לאָזען אָבשוואַכען, און די קאָלאָניזאַציע וועט פון זיי וועניגער ליידען. צוויי זאכען אָבער ווערען קלאָר ביים נעהענטערן און אָהן פּניות׳דיגען בעטראַכטען און שטודירען די קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע און די בעדינגונגען, וועלכע הערשען דאָרט. דאָס איז ערשטענס: אַ ז ק י י ן ב ע ד י י ־ ט ע נ ד ע ר י ו ד י ש ע ר ע ר ד ־ אַ ר ב י י ט ע ר י ־ ש ע ר אָדער אַ י נ ד ו ס ט ר י ע ל ע ר י ש ו ב ו ו ע ט ז י ך ק י י נ מ אָ ל אין פּ אַ ל ע ס ט י נ ע נ י ט א ו י ס ־ ב י ל ד ע ן, ווייל דערצו פעהלען דאָרט די נויטיגסטע בעדינגונגען. 1) עס איז דאָרט כמעט ניטאָ קיין פרייער ניט בעאַרבייטעטער באָדען. יעדער שטיקעל באָדען ווערט שוין דאָרט איצט בעצאָהלט מיט גראָב געלד, און מיט יעדען יאָהר ווערט דער באָדען טייערער, ווייל ער איז ניט בנמצא. בעזעצען פּ י ע ל יודען אויף ו ו ע נ י ג באָדען דורך איינפיהרען אַ העכסט אינטענסיווע ווירטשאַפט איז אַן אוטאָפּיע, ווי מיר האָבען אויבען געזעהן. 2) פּאַלעסטינע איז שוין איצט גאַנץ געדיכט בעזעצט; די אַראַבער בילדען דאָרט אַן אומגעהויער גרויסע מעהרהייט — העכער 80 פּראָצ. פון דער גאַנצער בעפעלקערונג; די בעוועגונג פון די אַראַבער ארום פּאַלעסטינע, וועלכע וואַכען אויף צו אַ זעלבשטענדיגען נאַציאָנאַלען לעבען, וועט נאָך מעהר פערשטאַרקען דעם אַראַבישען עלעמענט, ווייל זי וועט מיטהעלפען זיין ענטוויקלונג; יעדע נייע יודישע קאָלאָניע פערשטאַרקט איצט אויך דעם אַראַבישען עלעמענט און מאַכט נאָך שווערער די ווייטערדיגע יודישע קאָלאָניזאַציע. 3) אין פּאַלעסטינע פעהלען די נויטיגסטע בעדינגונגען פאַר דער ענטוויקלונג פון אַן אינדוסטריע — קויהלען און מעטאַלען. און צווייטענס: אַ ז אין פּ אַ ל ע ס ט י נ אַ ק אָ ן ז י ך נ י ט א ו י ס ב י ל ד ע ן ק י י ן נ אַ ט י ר ל י ־ כ ע ר א ו ן ע נ ט ו ו י ק ל ו נ ג ס ־ פּ ע ה י ג ע ר י ו ד י ש ע ר י ש ו ב, ווייל דער פּראָצענט, וואָס די ערד־אַרבייט אין פּאַלעסטינא טראָגט אריין איז אַזוי קליין, אַז עס איז אַ ספק, צו וועלען יודישע קאַפּיטאַליסטען אָדער בכלל רייכערע יודען וועלען אריינלעגען אהין זייערע קאַפּיטאַלען. און וועלען זיך יאָ געפינען אַזוינע רייכע לייט, וואָס וועלען קומען אין פּאַלעסטינא כדי דאָרט מאַכען אַ לעבען, וועלען זיי זיך מוזען בענוצען מיט וואָלוועלע אַראַבישע הענד און דער יודישער ישוב וועט זיך דורכ־

דעם פּאַקטיש כמעט ניט פערגרעסערן. און ווען דער אָדער יענער וועט אפילו נעהמען יודישע ארבייטער, וועט זייער ארבייטס־לוין מוזען זיין — איבער דער ארומיגער וואלוועלער ארבייט — אַזוי נידעריג, אז זיי, די ארבייטער, וועלען גאָר נישט קאָנען אנשפּארען און וועלען אליין קיינמאָל ניט קאנען זיך קאָלאָניזירען. זיין אָבער שטענדיג אנ׳ארבייטער ביי ערד און דארפען שטענדיג אויסקומען מיט זעהר ווייניג — דאָס איז ניט קיין אנציהענדע פּערספּעקטיוו פאר׳ן יודישען ארבייטער, און ער וועט דערפאר אין פּאַלעסטינא קיינמאָל זיך לאנג ניט האלטען*). די הויכע פּרייזען אויף באָדען און די גרויסע הוצאות ביים איינאָרדנען זיך מאכען שווער פאר׳ן מיטעלען אידען צו איינאָרדנען זיך אין פּאַלעסטינא אָהן דער הילף פון א קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאפט. און די לעצטע מוז ביים איינאָרדנען א קאָלאָניסט שפּארען אין באָדען. די קינדער פון די קאָלאָניסטען וועלען דעריבער ניט האָבען ביי וואס צו בלייבען און וועלען מוזען זיך צופאהרען פון לאנד. די נאַציאָנאלע פּערמעס זע־נען נור קינסטליכע פּלאנצונגען, וועלכע קאסטען אונגעהויער פיעל און האָבען פאר דער פערגרעסערונג פון׳ם ישוב א גאנץ קליינע בע־דייטונג. האָפען, אז אין פּאַלעסטינע וועט זיך אמאָל אויסבילדען אַן ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר צ ע נ ט ע ר, וועלכער וועט אין זיך קאָנען אריינגעמען א בעדייטענדען טייל פון דער יודישער עמיג־ראציע, קאָנען דערפאר נאָר מענשען, וועלכע ווילען זיך ניט רעכע־נען מיט דער ווירקליכקייט און לעבען אין עולם הדמיון.

דאָס וואָס עס איז אפשר נאָך יאָ מעגליך פאר יודען אין פּאַ־לעסטינע, איז — דאָ און דאָרט, פונאַנדערגעווארפען איבער׳ן לאנד, קויפען קלענערע שטיקלעך באָדען און בויען אויף זיי מיט דער הילף פון אָ קאָלאָניזאַציאָנס־חברה, — קליינע קאָלאָניעס פון אינדיווידועלע קאָלאָניסטישע ווירטשאפטען אָדער פון קאאָפּעראַ־טיווע גרופּעס. און כאָטש די בעדינגונגען פון דער ארבייט זענען דאָרט זעהר און זעהר שווערע, דאָך ווען מען זאָל פיהרען אַן אויס־גערעכענטע ווירטשאפט, און פלייסיג ארבייטען און בעזונדערס, אויב מ׳וועט איינפיהרען העכערע פּארמען פון ארבייט, און ווען עס וועלען ניט טרעפען קיין אומגליקען, וועט מען פיליי־כט אין אזוינע קאָלאָניעס זיך קאָנען דורכלעבען ווי עס איז אויף אָהן צדקה.

נאָר עס וואָלט געוואונשען געווען, דער יודישער עולם זאָל מעהר בעקאנט זיין מיט דעם, וואָס מען קאָן באמת ערווארטען פון ארבייטען אין פּאַלעסטינע, מען זאָל איהם געבען ריכטיגע, ניט בעפּוצטע ידיעות און געגויע ציפערן וועגען דעם, וואָס עס דארף קאָסטען איינאָרדנען אין פּאַלעסטינע די אָדער יענע ווירטשאפט,

*) געגויער וועגען דעם זעה דעם נעכסטען אַרטיקעל איבער „דער ארבייטער פראגע אין פּאַלעסטינע").

— אַ פעלד־אָדער פלאַנצונגס־ווירטשאַפט — און וואָס קאָן זי טראָגען, כדי די, וואָס האָבען ניט די מעגליכקייט איינצואָרדענען זיך דאָרט פ ע ס ט, זאָלען ניט פאָהרען אהין און רואינירט ווערען, און די, וואָס פאָהרען, זאָלען וויסען פאָראויס, וואָס זיי האָבען צו וואַרטען, און זאָלען דערנאָך קיין חרטה ניט האָבען און אין יאוש ניט אריינפאַלען.

איך וועל דאָ דערווייל אָנווייזען די קאַטעגאָריעס יודען, וועלכע מען טאָר פאַר קיין פאַל ניט ראַטען צו פאָהרען אין פאַלעסטינע. דאָס זענען: 1) די, וואָס זוכען גליקען, וואָס ווילען אין פאַלעסטינע ר י י ך ווערען. רייך ווערען אין פאַלעסטינע ביי ערדאַרבייט איז אָהן נסים אוממעגליך. רייכע לייט זענען איצט אין פאַלעסטינע נאָר די, וואָס האָבען זיך אַמאָל געריבען ביי דעם באַראָנס מיליאָנען, — וואָס זענען אליין געוועזן אדמיניסטראַטאָרס אָדער געשטאַנען נאָהענט צו זיי — אָדער די, וואָס זענען געקומען אין פאַלעסטינע שוין מיט פיעל געלד. 2) די, וואָס זוכען אַ גרויסען פראָצענט אויף זייער קאַפּיטאַל. 4—6 פראָצענט דאָס קאָן מען ערוואַרטען ביי געוועהנליכע בעדינגונגען און ביי א י יג ע נ ע ר אַרבייט. אַלענפאַלס איז דער פראָצענט, וואָס די ערדאַרבייט טראָגט, בעדייטענד קלענער, איידער דער געוועהנליכער פראָצענט אויף געלד אין פאַלעסטינע. 3) די, וואָס ווילען אָדער קאָנען אליין פיזיש ניט אַרבייטען, ווען זיי האָבען נאָר ניט קיין גענוגע מיטלען אויף פלאַנצען אָדער אַ גרויסען גאָרטען אָדער אַ גרויסע באַארע. 4) די, וואָס האָבען גרויסע פאַמיליעס און וועניג אַרבייטס־הענד אין דער פאַמיליע, אַזוינע וועלען נאָר פטר'ן דאָס געלד, וואָס זיי האָבען און וועלען ניט דערגרייכען דאָס, צו וואָס זיי שטרעבען.

---

## II.

# די ארבייטער פראגע אין פאלעסטינע.

ווי וועגען אלץ, וואס האט א שייכות צום יודישען ישוב אין פאלעסטינע, אזוי הערשט אויך אויף דער יודישער גאס וועגען די יודישע ארבייטער און דער יודישער ארבייט אין פאלעסטינע אדער אונוויסענהייט, אדער א מטושטש'ער בעגריף. און יודישע ארבייטער פאהרען אפט אין פאלעסטינע, ווייל זיי פערלאזען זיך אויף די „ידיעות", וואס די ציוניסטישע צייטונגען ברייגנען; און ווען זיי קומען אהין און איבערצייגען זיך — אבער שוין צו שפעט — אין דער „ריכטיגקייט" פון די דאזיגע ידיעות, זוכען זיי א געלעגענהייט צוריקצולויפען און פאלען אפט אריין אין יאוש.

איך וועל דערפאר פרובען דא אויפ'ן גרונד פון מיינע בעאבאכטונגען געבען א ריכטיג בילד פון דעם יודישען ארבייטער און זיין לעבען אין פאלעסטינע.

1

צוערשט וועגען די לאנדווירטשאפטליכע ארבייטער, לויט די ציפער, וואס זענען אנגעגעבען געוואָרען אויף די קאנפערענצען פון די יודישע לאנדווירטשאפטליכע ארבייטער אין יהודה און אין גליל, און לויט דער סטאטיסטיק, וואס איך אליין האב געזאמעלט אין יעדען ארט בעזונדער זענען איצט (תרע"ב) אינגאנצען פאראן אין ארץ ישראל, ביז 500־600 יודישע לאנדווירטשאפטליכע ארבייטער, זיי ווערען איינגעטיילט לויט די קאלאניעס פאלגענדער־ווייזע:

א י ן  י ה ו ד ה

אין פתח־תקוה—100־200 *); ראשון לציון—8 **); וואדי־חנין — 4; באר יעקב — 2; רחובות — 15; חולדה — 29; גדרה — 1; לוד — 45, סך הכל — 204־304.

א י ן  ש ו מ ר ו ן :

אין חדרה—20; זכרון***)—4; שפיה — 1; אטליט — 4; ס"ה 29.

---

*) די צאהל שטענדיגע אשכנז'ישע ארבייטער אין פתח־תקוה איז 70־100; נור צוזאמען מיט די יודישע באיארזישעס (אויפפאסער פון אפעלסינעס גערטנער), יודישע שומרים אין גאנצע פאמיליעס, פון וועלכע עס ארבייטען אפט די מאטעס מיט די זיהן און טעכטער, זאגען איניגע אין פתח־תקוה, אז די צאהל קאן דערגרתכען ביז 200.

**) און ביי 15 ארבייטער אין וויין־קעלער.

***) און א פאר ארבייטער אין וויין־קעלער.

### אין גליל

אין חיפה — 2; מרחביה — 68; כנרת — 31; פּוריה — 30; מלחמיה — 4; מעסחא — 4; יעמא — 5; מצפּה — 4; סעדזשערע — 12; מגדל — 73; דגניה — 15. ס"ה 248.

אויסערדעם זענען נאָך אין איינינע קאָלאָניעס פאַרהאַן שומרים: אין רחובות — 14; חדרה — 13; מרחביה — 2; מעסחא — 3; יעמא — 3; בית־גן — 2; פּוריה — 1; כנרת — 2; מצפּה — 1; סעדזשערע — 2; ס"ה 43.

אין אלע צוזאַמען 524־624 יודישע ארבייטער.

די צאָהל פון אלע געדונגענע ארבייטער אין די פּאַלעסטינער יודישע קאָלאָניעס איז אָבער ניט אין אַנ'ערך גרעסער. אין פּתח־תקוה אליין ארבייטען דורכ'ן יאָהר טעגליך פון 1000 ביז 3000 אראַבער; אין ראשון — מאָנאַטליכע און טאָג־ארבייטער — ביז 800־1200 אראַבער; אין רחובות—500־700; איז וואדי־חנין — ביז 150; אין חדרה—500. איינגעהענדיג אין חדרה, גלויבט איהר ניט אז איהר זענט געקומען אין א יודישער קאָלאָניע; כמעט אז איהר זעהט אויף די גאַסען קיין יודען ניט, נאָר אויסשליסליך אראַבער. די גרויכע צאָהל אראַבער ווארפט זיך אויך אין די אויגען אין זכרון־יעקב. אין עקרון (40 קאָל.), גדרה (23 קאָל.) און קאַסטיניע (19 קאָל.)—צוזאמען 82 קאָלאָניסטישע פאמיליעס—איז ביי יעדען קאָלאָניסט פאַרהאַן וועניגסטענס צו איין שטענדיגען אראַבישען ארבייטער, אין גליל התחתון מיט זיינע 137 קאָלאָניסטישע פאַמיליעס (מלחמיה — 21; סעדזשערע — 22; יעמא — 31; בית־גן — 11; מעסחא — 36; מצפּה — 8; כנרת — 8) ארבייטען נור א 40 קאָלאָניסטען אָהן דעם הילף פון שטענדיגער געדונגענער ארבייט, און 16 קאָלאָניסטען האָבען יודישע ארבייטער. די אלע איבעריגע 80 פאַמיליעס האָבען אראַבישע ארבייטער. אין גליל העליון מיט זיינע 127 קאָלאָניסטישע פאַמיליעס (עין־זיתים — 6; ראש־פּנה — 42; משמר־הירדון — 15; יסוד־המעלה —32; מעטולע — 32) איז ניטאָ קיין איינציגער יודישער ארבייטער; אָבער יעדער קאָלאָניסט האָט דאָרטען וועניגסטענס איין אראַבישען ארבייטער.

אויף דעם יודישען ארבייטס־מארק אין פּאַלעסטינע הערשט אלזא דער אראַבישער ארבייטער, און נור מיט גרויס מיה רוקט זיך וואו ניט וואו דורך דער יודישער ארבייטער אויך. נור אין אזוינע ערטער, וואו מען נעהמט דעם אראַבישען ארבייטער פּרינציפּיעל ניט צו: אין די נאַציאָנאַלע פערמעס (ליד, חולדה, כנרת) און אין די פּריוואַטע ציוניסטישע פערמעס (מגדל, פּוריה), אָדער אין די קאָאָפּעראַטיווע גרופּען (דגניה, מרחביה און אנ״ד), וואו די חברים ארבייטען אליין פאר זיך, דאָרטען געפינט זיך דער יודישער ארבייטער אין א גרעסערער צאָהל. אין די פּריוואַטע קאָ־

לאניסטישע ווירטשאפטען אבער סיי ביי פלאנצונגען, סיי ביי פעלד־ארבייט איז זייער צאהל אונבעדייטענד אין פערגלייך מיט די אראבישע ארבייטער. און די לאגע איז אזא, אז ווען א יודישער בעל־הבית הויבט אן צוצונעהמען יודישע ארבייטער, איז דאס א גאנצע געשעהעניש. אין פתח־תקוה איז פארהאן איין בעל־באיארע — הער ק., וואס בענוצט זיך מיט יודישע ארבייטער, איז ער מיט זיין דאזיגער „זאנדערבארקייט" בעקאנט אין גאנץ יהודה.

קיין טענדענץ זיך צו פערמעהרען האט דער יודישער ארבייטער אויך ניט, די פאקטען ווייזען זאגאר א געגענזעצליכע טענדענץ: אין זכרון, למשל, איז מיט א צוויי־דריי יאהר צוריק געוועזן ביז 60 יודישע ארבייטער, און איצט נור — 4; אין גדרה איז דאמאלסט געוועזן 12 יודישע ארבייטער, איצטער נור 1. אין עקרון איז דאמאלסט געוועזן 8 יוד. ארבייטער, אין מעטולע — 12, אפילו אין ראש־פנה און קאסטינע זענען דאן געוועזן צו עטליכע ארבייטער, און איצט איז אין די אלע קאלאניעס אפילו קיין איינציגער יודישער ארבייטער ניטא. און אויך אין ראשון, רחובות און אנדערע קאלאניעס האט זיך די צאהל פון די יודישע ארבייטער פערקלענערט, דער יודישער ארבייטער איז נאך ביז היינטיגען טאג אין די פריוואטע קאלאניסטישע ווירטשאפטען א פלאנצונג, וואס נעהמט זיך זעהר שווער צו: ער איז ניט בכח אויסצוהאלטען די קאנקורענץ מיט'ן אראבער און ווערט נאך אפילו דורך איהם ארויסגעשטויסען פון די ערטער, וועלכע ער, דער יוד, האט אמאל מיט גרויס מיה פערנומען.

וואו זענען די סבות דערפון?

.2

מיר געהען דא צו צו דער פראגע, וועלכע איז כמעט די ברענענדסטע אין ארץ־ישראל. די ארבייטער און א טייל פון די ציוניסטען האבען פערשטאנען, אז יודיש געלד מאכט נאך ניט פאלעסטינע פאר א יודיש לאנד, כל זמן די ארבייט איז דארט ניט קיין יודישע; אז לאנד אהן א ר ב י יט האט קיין שום בעדייטונג ניט פאר דער יודישער מאכט אין פאלעסטינע;" אז ביי די איצטיגע בעדינגונגען ווערט די גאנצע יודישע קאלאניזאציע אין פאלעסטינע געבויט אויף זאמד, אדער בעסער אויף א וואולקאן. דער ארימער, דערשלאגענער, אונקולטורעלער אראבער וועט זיך סוף כל סוף ענטוויקלען און וועט דערזעהען די יודישע קאלאניעס מיט א קליינער יודישער בעפעלקערונג, ער וועט זיך דערוויסען, אז זיינע הענד און זיין שוויים האבען געשאפען די דאזיגע רייכקייט און ער וועט גאנץ דרייסט און אפען דערקלערען זיינע רעכט אויף דער דאזיגער רייכקייט".

כמעט אין אַלע קאָלאָניעס — און איבערהויפּט אין יהודה און שומרון — איז די צאָהל פון די אראבישע ארבייטער גרעסער, אייידער די  גאַנצע יודישע בעפעלקערונג אין זיי. אין פּתח־תקוה, למשל, וואו די גאנצע יודישע בעפעלקערונג בעשטעהט (אין תרע"א) פון 1681 נפשות, ארבייטען ביז 3000 אַראַבער; אין ראשון מיט איהרע 1200 אראבישע ארבייטער איז פאַרהאַן א יודישע בעפעלקערונג נור פון 928 נפשות; אין חדרה מיט איהרע 500 אַראַבישע ארבייטער סך הכל 180 יודישע נפשות. און כמעט דאָס אייגענע אויך אין די איבעריגע קאָלאָניעס.

און דאָס, וואָס די יודישע קאָלאָניעס בויען זיך אויף אראבישע ארבייט, שטערט דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון דעם יודישען ישוב אין פּאַלעסטינע. האָבען די ארומיגע אראבער ארבייט, האָבען זיי אויך געלד; בעפלאַנצען זיי זיך ביסלעכווייז און בעפעסטיגען זיך אַלץ מעהר פון יאָהר צו יאָהר. די יודען גרייטען זיך אויף אזא אופן צו ביי דער זייט שטארקע שכנים, וועלכע ווילען שוין ניט פערקויפען זייער באָדען, און וועלכע די יודען וועלען קיינמאָל ניט קאָנען בייקומען. עס איז גענוג זיך צו בעקאָנען מיט דעם איצטיגען צושטאַנד און מיט דער פערגאַנגענהייט פון די אראבישע דערפער סעראפענד און בית־דגן ארום ראשון לציון, כדי עס זאָל ווערען קלאָר, אז דער געדאנק איז ריכטיג, „דאָס איז א סוד, וועלכער איז בעקאַנט יעדערען, וואָס אינטערעסירט זיך מיט דעם יודישען ישוב אין ארץ־ישראל, אז יעדע יודישע משפחה, וואָס בעפעסטיגט זיך אין יהודה, פערפעסטיגט פינף אראבישע משפחות און מיט יעדען יודישען קאָלאָניסט אין גליל קאָלאָניזירען יודען 2־3 א ר א ב י ש ע פ א מ י ל י ע ס . מען צושטערט אַלזא מיט אַ האַנד דאָס, וואָס מען בויט אויף מיט אַ פינגער".*)

און וועט דאָס אויך ווייטער אזוי געהן, זאָגען די ארבייטער, וועלען די יודען אין ארץ־ישראל אלע מאָל אויסמאַכען נור א קליינע מינדערהייט און דאָרט וועט זיין דער זעלבער גלות, וואָס אין אנדערע לענדער.

אויב מען זאָל ניט רעכענען אַ טייל פון דעם באראנס קאָלאָניסטען, וועלכע ווייזען ארויס וועניג אינטערעס צום וואַקסען פון'ם ישוב, אָדער זענען גאָר געגנער פון זיין פערגרעסערונג, פערשטעהען אַלע איבעריגע קאָלאָניסטען זעהר גוט די ריכטיגקייט פון די דערמאָהנטע טענות. אזוינע גוטע ציוניסטען, ווי די הערען ראזאוו, לעוואָנטין און מרדכי בן הלל הכהן**) למשל, פערשטעהען די טענות אודאי און דאָך נעהמען זיי ניט צו קיין יודישע ארבייטער צו דער ארבייט, און פיעל פון יענע, וואָס זענען פריהער אליין געווען ארביי־

*) זעה א. מוטשניקס אַרטיקעל אין הצפירה, ווארשא, 1912 נומ. 28.

**) ראזאוו האָט א באַוארע אין פּתח־תקוה, די אַנדערע צוויי אין ראשון.

טער און געקעמפּפט פאר „איינגעהמען די ארבייט“, האָבען נאָכדעם, ווי זיי זענען אליין געוואָרען קאָלאָניסטען, געפעלשט אָן זייערע חברים און בענוצען זיך ביי דער ארבייט מיט פרעמדע, ניט יודישע ארבייטער.

איינינע קאָלאָניסטען בעהויפּטען, אז די וויכטיגסטע סבה, פאר וואָס מען נעהמט ניט צו קיין יודישע ארבייטער איז דאָס, וואָס מען קריגט זיי ניט. נאָר אַזאַ ערקלעהרונג איז פון גרונד אויס פאלש, וואו מען נויטיגט זיך אין דעם יודישען ארבייטער אין ארץ־ישראל, געפינט מען איהם שטענדיג. אין די נאַציאָנאַלע פערמעס פעהלען קיין יודישע ארבייטער קיינמאָל ניט אויס. פערקעהרט, שטענדיג קאָן מען נאָך אין די קאָלאָניעס טרעפען אַ געוויסע צאָהל יודישע יונגע לייט, וואָס ניט ווילענדיג געהען זיי אַרום לעדיג, ווייל זיי בעקומען קיין ארבייט ניט. אויף דער קאָנפערענץ פון די יהודה׳ר ארבייטער אין פתח־תקוה האָט מען איבערגעגעבען א פאקט, אז א יודישער ארבייטער האָט געזוכט ארבייט אין א קאָלאָניע, האָט אָבער ניט געפונען און איז א געוויסע צייט אומגעגאַנגען צו די קאָלאָניס־טען עסען טעג. און וואָלט אין פּאַלעסטינעווירקליך געווען א פאַ־דערונג אויף יודישע ארבייטער, וואָלטען זיי זיכער קיינמאָל ניט געפעהלט. אין אמעריקע לאָזט מען קיין קול קורא׳ס ניט ארויס צו די יודען אין רוסלאַנד, זיי זאָלען פאָהרען אהין, און דאָך הערט ניט אויף די עמיגראַציע אַהין. יעדער איינער, וועלכער האָט זיך איינגעאָרדענט אין אמעריקע, רופט געוועהנליך אליין צו זיך זיינע קרובים און פריינד. און ווען אין פּאַלעסטינע וואָלט געווען מעגליך פאר נייע אָנגעקומענע ארבייטער זיך איינצואָרדענען, ד. ה. ווען מען וואָלט זיך גענויטיגט אין זיי, וואָלטען די ארבייטער, וועלכע זענען דאָרט שוין איצט פאַרהאַן, געוויס אַראָבגעבראַכט אהין זייערע פריינד און בעקאַנטע און עס וואָלט דאָרט גאָר אָהן אַלע קול קורא׳ס שטענדיג געווען גענוג יודישע ארבייטער.

די סבות, איבער וועלכע דער קאָלאָניסט גיט אָפּ דעם אראבישען ארבייטער דעם פאָרצוג, ליגען פיעל טיעפער; און ניט איין סבה, נור פיעל סבות זענען פאַרהאַן דערצו. איינינע פון זיי זענען מעהר וויכטיג, די אַנדערע ווענינער, איינינע זענען שטענדיגע, די אנדערע צייטווייליגע, איינינע ווירקען שטאַרקער אין די פּלאַנצונגס־קאָלאָניעס, די אַנדערע אין די פעלד־ווירטשאַפטליכע קאָלאָניעס.

.3

די הויפּט סבות, פערשטעהט זיך, זענען עקאָנאָמישע, אויפ׳ן ערשטען פּלאַן שטעהט דאָס, וואָס דעם יודישען ארבייטער, כדי ער זאָל קאָנען עקזיסטירען, מוז מען צאָהלען טייערער, איידער דעם אראבער, די בעדערפעניסען פון דעם אראבער זענען וואונדערליך

קליין. עטליכע פּתות (האַלב רויהע אראבישע ברויטלעך) זענען איהם גענוג אויפ'ן טאָג צום עסען. א ציבעלע, עטליכע טייטלען. טרויבען־צייט א הענגעל טרויבען צו די פּתות — הייסט שוין ביי זיהם א מאַהלצייט. אין דער צייט פון וואנדראזש (טרויבען הערבסטען), זאָגט מען, בענוגענט ער זיך מיט זיינע ווייבער און קינדער, וועלכע נעהען אלע אויף דער ארבייט, מיט טרויבען אליין דעם גאַנצען טאָג. זיינע קליידער בעשטעהען פון א לאַנגען העמד, פון א פאַטשיילקע אויפ'ן קאָפּ, מיט אַ שווארצען וואָלענעם באַנד ארומגעדרעהט, און א שטיק גראָבען שטאָף אלס אויבער־בגד. דאָס קאָסט איהם אין גאנצען 12־15 פראנק אַ יאָהר, קליידונג פאר א פרוי קאָסט איהם ביז 6 פראנק א יאָהר, א דירה האָט דער ארבייטער אין נאָהענטען דאָרף, אויב ער איז א מאַנאַטליכער ארבייטער, שלאָפט ער ביים בעל־הבית אין שטאַהל צוזאַמען מיט די פערד. אין איינינגע ערטער: אין משמר־הירדן, און יסוד־המעלה א. א. מאכען זיך די אראבישע ארבייטער ביידלעך נעבען דער קאָלאָניע, אלענפאלס קאָסט זיי דירה געלד ניט און דער יודישער בעל־הבית איז אויך ניט געצוואונגען צו געבען זיי א דירה. די קינדער פון דעם דאָרפישען אראבער וויסען נאָך ניט פון קיין שול; און ווי זיי וואַקסען נור א ביסעל אונטער, שיקט זיי דער פאָטער אויף ארבייט. ער שיקט אויך אויף ארבייט זיינע ווייבער, וועלכע זענען אייגענטליך זיינע דיענסטען, דערפאר איז קיין וואונדער ניט, וואָס פון זיין קליינעם ארבייט־לוין — 5־8 גרוש*) א טאָג, אָדער 25־28 פראַנק א מאָנאט (די ווייבער און קינדער בעקומען 2½־5 גרוש א טאָג) קאָן נאָך דער אראבישער ארבייטער עטוואָס אָבשפּאָרען.

דער יודישער ארבייטער קאָן זיך אָבער מיט אזוי ווייניג ניט בעגעהן. ערשטענס, מוז ער האָבען א דירה, און דאָס קאָסט אין א קאָלאָניע צום ווייניגסטען 4־6 פראנק א מאָנאָט. אויב ער איז א מאָנאַטליכער, מוז איהם דער בעל־הבית פערזאָרגען מיט א דירה. און מיט די דערמאָנטע אראבישע קעסט קאָן ער אויך ניט אויסקומען.

אמת, ווען איהר קוקט אריין אין קאָרב פון דעם יודישען ארבייטער — אין פּתח־תקוה למשל — ווען ער געהט צו דער ארבייט, זעהט איהר דאָרט אויך ניט גאָר קיין רייכען מיטאָג: א שטיקעל ברויט, אַ שטיקעל חאַלווא, אַ פּאָר שטיקלעך צוקער, ווען עס איז אַנ'איי, א טאַמאַטע, און ווען גאָר רייך — א שטיקעל קעז. דערפאר אָבער אוונד־צייט, ווען ער קומט פון דער ארבייט, חאַפּט ער זיך געוועהנליך אריין אין אַנ'ארבייטער־האָטעל און נעהמט א טעלער זופּ, אמאָל אויך אַ שטיקעל פלייש, און אָט די „קעסט“ קאָסט ניט ווייניגער, ווי 30־35 פר., א מאָנאָט. א ביסעל בעסערע אר־

*) אַ גרוש — 6־7 קאָפּיקעס — 3 ־ 3½ סענט; אַ פראנק — 37½ קאָפּ — אנ'ערך 20 סענט.

בייטער־קעסט אין א פריוואט הויז — לאנג עסען אין אנ'ארבייטער האטעל איז שווער, ווייל מען לעבט דארט גאנץ אפט אן א מאגען־קאטער — קאסט שוין ניט וועניגער, ווי 40 פר. א מאנאט. דעם מאנאטליכען ארבייטער גיט געוועהנליך קעסט דער בעל־הבית און רעכענט איהם דערפאר 35 פר. א מאנאט.

בכלל קאסט דאס לעבען אין די פאלעסטינער קאלאניעס פיעל טייערער, ווי אין רוסלאנד — ווען מיר זאלען עס פערגלייכען ניט מיט א פעטערבורג אדער ווארשא, פערשטעהט זיך, נאר מיט א שטעדטעל פון תחום. ברויט קאסט דארטען 5־7 קאפיקעס א פונט, פלייש 24־32 קאפ. א פונט, מילך 2־6 קאפ. א גלאז, פוטער 50־90 קאפ א פונט, אייער 15־25 קאפ א צעהנליג, קארטאפעל 2־3 קאפ א פונט א. ד. ג. אמת דארטען קאסטען אביסעל ביליגער פערשיע־דענע גרינסען, פרוכטען און בוימעל, אבער ערשטענס איז דאס ניט דאס גאנצע יאהר פארהאן, און צווייטענס קאן ניט יעדע בעל־הבית'־טע צוגרייטען פון דעם געשמאקע מאכלים.

דעם יודישען ארבייטער מוז מען אלזא צאהלען טייערער, איידער דעם אראבער, כדי ער זאל נור קאנען בעפרידיגען זיינע נויטיגסטע בעדערפעניישען. מיר וועלען לאזען אן א זייט אזוינע זאכען, ווי קליידער, שיך, א ביכעל א. ד. ג.; קעסט מיט א דירה אליין בעטרעפען 35־40 פר. א מאנאט, וואס עס מאכט אויס, ווען מען זאל רעכענען 26 ארבייטס־טעג אין הודש, — 8־10½ גרושׁ א טאג, אין דער אמת'ן אבער, ווי מיר וועלען שפעטער זעהן, קומט דעם יודישען ארבייטער כמעט קיינמאל ניט אויס צוארבייטען אזוי פיעל טעג אין חודש: ווינטער צייט די רעגענס און זומער צייט (און אפט אויך אין ווינטער) די קדחת רויבען ביי איהם אוועק פיעל טעג אין יאהר.

דער איצטיגער לוין פון דעם יודישען ארבייטער אין פאלעס־טינע איז געוועהנליך 7־12 גרוש (45־75 קאפ.) א טאג, אדער, אויב מאנאטליך, דירה, קעסט, און 10־15, זעלטען 20 פר. נידעריגער, ווי מיט דעם לוין, איז שוין כמעט אונמעגליך אויסצוקומען.

א געוויסע צייט האט ה. אוסישקין אפילו גע'עצה'ט די יודישע יונגע לייט „זיי זאלען קומען אין די יודישע קאלאניעס און פאר־לעגען זייער ארבייט פאר דעמזעלבען לוין ווי די אראבער, זיי זאלען לעבען אין די זעלבע שווערע בעדינגונגען, ווי עס לעבט א געוועהנ־ליכער סאלדאט אין דער קאזארמע“, און עס האבען זיך דאמאלסט אפילו געפונען אזוינע יודישע ארבייטער, וועלכע האבען געהאלטען פאר צ ד ק ה דאס, וואס מען צאהלט זיי טייערער נור פאר זייער יודישקייט. ביי אזוינע פעסטע פרינציפען איז אבער שווער געווען לאנג זיך צו האלטען. ווען עס איז אונאנגענעהם אדער אונמעגליך געווארען צו בעקומען שטיצע פון דער היים, אדער עס האבען זיך צו ריסען די שיך און די קליידער, וועלכע מען האט מיט זיך געבראכט, האט מען געמוזט אנהויבען צו קלערען וועגען א העכערען לוין.

אַנדערע, וועלכע האָבען פון דער היים גאָרניט בעקומען, זענען פּשוט מיד געוואָרען צו הונגערן. מען דאַרף ניט פערגעסען, אז אין א רוסישער קאַזאַרמע לעבען די סאָלדאַטען מאַטעריאַל פיעל בעסער, איידער פיעל יודישע ארבייטער אין די פּאַלעסטינער קאָלאָניעס, שוין ניט רעדענדיג פון די אראבישע ארבייטער. אלזא, דאָס וואָס דעם יודישען ארבייטער מוז מען צאָהלען טייערער, איידער מען צאָהלט דעם אראבישען, איז איינע פון די וויכטיגסטע סבות, פאר וואָס דער יודישער קאָלאָניסט נעהמט גיכער דעם אראבער צו דער ארבייט, איידער דעם יודישען ארבייטער.

.4

די צווייטע סבה איז, וואָס דעם יודישען ארבייטער קאָן מען ניט אזוי פיעל עקספּלואַטירען, ווי דעם אראבישען איבער דעם לעצ־טען שטעהט שטענדיג דער בעל־הבית אָדער זיין משגיח און טרייבט איהם אונטער. דער אויסרוף י א אַ ל אַ ! (גיכער, שנעלער) קלינגט נאכאַנאַנד אין די אויערן, וואו עס ארבייט נור אַנ'אראבער. עס טרעפט אויך, אז דער בעל־הבית איז מכבד דעם אראבער מיט אַ פּאַטש אָדער א שטויס. די בעציהונגען צו דעם אראבישען ארבייטער דערמאָנען אין פיעל פּרטים די אמאָליגע קנעכטשאפט. זיין מאָנאַט־ליכען אראבער גיט דער קאָלאָניסט די פערשיעדענסטע ארבייטען ביז צו די סאמע מאוס'ע; סיי די וואָס האָבען א שייכות צו דער ווירטשאַפט, סיי די וואָס האָבען מיט דער ווירטשאַפט גאָרניט צו טון; סיי ביי טאָג און סיי ביי דער נאַכט, סיי אומדערוואָכען און סיי שבת (זיין שבת — דעם פרייטאָג — היט ניט אָפּ דער אראַ־בער). און האָט דער אראבישער ארבייטער א פאמיליע און וואוינט מיט איהר ביים קאָלאָניסט אין הויף, שאפט זיך דער יודישער בעל־הבית מיט דעם אראבערס ווייב און קינדער, גליך ווי זיי וואָלטען זיינע קנעכט געווען.

מיט דעם יודישען ארבייטער קאָן זיך דער קאָלאָניסט אזוי ניט בעגעהן. חאָטש פיעלע קאָלאָניסטען, איבערהויפּט פון דעם באַ־ראנס „קעסט קינדער" קוקען אויף די יודישע ארבייטער, ווי אויף מענשען פון א נידעריגערען גראַד, פון דעסטוועגען איז פערהאַלטען זיך צו זיי ווי צו אראבער פאר זיי אונ־מעגליך. און דער יודישער ארבייטער ערלויבט אויך ניט, אַז מען זאָל זיך מיט איהם אזוי בעגעהן. ער וויל ניט ליידען, אז מען גיט אכטונג אויף איהם, אז מען טרייבט איהם אונטער, דער משגיח, וועון איהם קומט אויס אויפצופּאַסען אויף דעם יודישען ארבייטער, דערפיהלט גליך, אז ער וועט זיך דאָ וועניג וואָס קענען ארויס־ווייזען; ער ווייס, אז דער יודישער ארבייטער האָט איהם פיינט, און ער צאָהלט דעם יודישען ארבייטער מיט דער זעלבער מטבע. עס איז א פאקט, אז אין פיעלע ערטער זענען די יודישע משגיחים — געוועזענע ארבייטער — גרעסערע געגנער פון דעם יודישען ארביי־

טער, איידער דער בעל־הבית אליין. דער יודישער ארבייטער היט אויך מעהר אפּ די צייט, און נאָך דער צייט וועט ער, געוועהנליך, ניט ארבייטען; און דעם שבת'דיגען טאָג איז ער אינגאַנצען פריי. דעם מאַנאַטליכען יודישען ארבייטער קאָן דער קאָלאָניסט ווידער ניט הייסען טון אזוינע ארבייט, וועלכע האָבען ניט קיין שייכות צו דער ווירטשאַפט, ווי וואַשען די דילען, העלפען אין קיך א. ד. ג. איהם איז אויך ניט אַנגענעהם איהם צו הייסען טון מאוס'ע ארבייט, ווי רייניגען דעם אָבטרעט. דער קאָלאָניסט פיהלט, אז מיט'ן יודישען ארבייטער מוזען זיך ביי איהם איינשטעלען פרייערע און גלייכערע בעציהונגען, און אז ער וועט איהם ניט קאָנען „אויסנוצען“ אזוי ווי דעם אראבישען. און איהם שטעהט פאַר א נסיון: אָדער זיין „אַנ־אמת'ער“ בעל־הבית מיט א הערשער־מאַכט איבער די אראבער, מיט וועלכע ער קאָן זיך שאַפען ווען, וואָס און וואוהין ער וויל, אָדער פון אזא מאכט זיך אָפּצוזאָגען. ביישטעהן דעם נסיון איז ניט גרינג.

די דריטע סבה איז, וואָס די ארבייט ביים קאָלאָניסט אין די פלאַנצונגס־קאָלאָניעס, ווי אויך אין די פעלד־ווירטשאַפטליכע קאָ־לאָניעס, איז ניט קיין שטענדיגע. עס טרעפען טעג אָדער וואָכען, ווען דער קאָלאָניסט נויטיגט זיך מיט אַמאָל אין פיעלע ארבייטער, און נאָכדעם קאָנען אריבער גאַנצע וואָכען אָדער אפילו חדשים, ווען ער דאַרף האָבען זעהר ווייניג ארבייטער, אָדער גאָר ניט. די פעלד־ווירטשאַפט־קאָלאָניסטען נעהמען אָפּט דעם ארבייטער נו אויף דער צייט פון אקערן און זייהען און דערנאָך לאָזען זיי איהם אָפּ, אָדער זיי האַלטען איהם ביז איבער'ן דרעשען און לאָזען איהם דערנאָך אָפּ ביז נאָכ'ן רעגען — אויף 2־3 מאָנאַטען. דער אראַ־בער געפינט אָפּטמאָל אויך אין דער צייט וואָס צו טון ביי זיך אין דאָרף, וואו ער האָט נאָך אָפּט א שטיקעל פעלד אָדער גאָרטען. און האָט ער קיין ארבייט ניט, איז איהם גענוג אויף צו לעבען דאָס, וואָס ער האָט אָבגעשפּאָרט אין די ארבייטס־טעג. דער יודישער ארביי־טער האָט אָבער נור דאַן די מעגליכקייט ווי עס איז דורכצולעבען, ווען ער האָט ארבייט. בלייבט ער אָבער אָהן ארבייט אויף א לענ־גערע צייט, זאָל זיין אפילו נור צופעליג, צום ביישפּיעל צוליעב פיבער, מוז ער שוין אריין אין חובות; און צאָהלען חובות איז דעם יודישען ארבייטער אין פּאַלעסטינע בעזונדערס שווער. ביי צייט־ווייליגער ארבייט, ווי אין די פעלד־ווירטשאַפט־קאָלאָניעס, למשל, וואָלט זיך דער יודישער ארבייטער געקאָנט אָבשטעלען נור דאַן, ווען ער וואָלט בעקומען א העכערן פרייז און געקאָנט אין די אר־בייטס־מאָנאַטען אבשפּאָרען אויף דער „טויטער“ צייט, אָדער ווען ער וואָלט אויף די עטליכע מאָנאַטען, וואָס זענען פריי פון ארבייט ביים קאָלאָניסט, געקאָנט קריגען ארבייט אנדערסוואו. דאָס לעצטע איז אָבער אונמעגליך, ווייל אין די מאָנאַטען, וואָס דער פעלד־ווירטשאַפטליכער קאָלאָניסט נויטיגט זיך אין איהם ניט, איז או־

מ ע ט ו ם  די ארבייט שוואַך. און צאָהלען איהם נאָך טייערער ווייל דער קאָלאָניסט ניט, ווייל ער קריגט שטענדיג פיעלע וועלוועלערע אראבישע הענד. קיין אידעאַליסט, וואָס זאָל „אומזיסט" צאָהלען געלד, איז דער קאָלאָניסט געוועהנליך ניט.

דאָס ביסעל יודישע ארבייטער וואָס זענען פאַרהאַן אין די קאָלאָניעס, האָבען געוועהנליך שטענדיגע ארבייט. אין פּתח־תקוה, למשל, ארבייט א טייל פון זיי פערשיעדענע ארבייטען ביים ועד. און פון די 17 ארבייטער אינ'ם אונטערשטען גליל זענען דאָס רוב אויך אין אַזוינע ווירטשאַפטען, וואו מען נויטיגט זיך אין זיי דאָס גאַנצע יאָהר, צ. ב. וואו די בעל הבית'טע איז אנ'אַלמנה און ס'איז ניטאָ קיין בעל־הבית, וואָס זאָל אליין אכטונג געבען, אָדער וואו דער בעל־הבית איז ניט געזונד. און די איבעריגע עטליכע אר־בייטער זענען ביי בעל־הבתים, וועלכע נעהמען  פּ ר י נ צ י פּ י ע ל ניט קיין אראבישע ארבייטער. ביי צייטווייליגער ארבייט אָבער איז דעם פּשוט'ען יודישען ארבייטער אין פּאַלעסטינא ביי די איצטיגע בעדינגונגען אונמעגליך דורכצולעבען, סיידען ער בעקומט הילף פון דער היים. און אַזוינע אַרבייטער, וועלכע בעקומען שטיצע פון דער היים, זענען טאַקע פאַרהאַן אין פּאַלעסטינע ניט ווייניג.

די פּערטע סבה איז, וואָס פיעל פון די יודישע ארבייטער קאָ־נען די ארבייט ניט.  דער אראבער וואַקסט אויף אין דער אַרבייט פון קינדווייז אָן. יעדעס גליעד זיינס איז צוגעפּאַסט צו דער אר־בייט, און מיט יעדער ארבייט אין דער לאַנדווירטשאַפט, אויף ווי־פיעל זי איז עהנליך צו דער ארומיגער אראבישער ארבייט, איז ער זעהר גוט בעקאַנט (און אין 85 פּראָצענט פון אלע יודישע קאָלאָניס־טישע ווירטשאַפטען ווערט געארבייט אויפ'ן אראבישען שטייגער). דערום דאַרף דער קאָלאָניסט דעם אראבער ניט לערנען די ארבייט. דער יודישער ארבייטער אין פּאַלעסטינע איז אָבער קיינמאָל פריי־הער קיין ערד־ארבייטער ניט געווען; ער לערנט די ארבייט ערשט אין פּאַלעסטינע גופא. אָפט איז ער פון דער היים אויס גאַר בכלל קיין ארבייטער ניט, נאָר א האַלבער אינטעליגענט. אַ געוויסע צייט מוז דעריבער ביי איהם אוועק אויף צו פּאַסען זיך צו דער ארבייט. דאָס ערשטע יאָהר, וואָס ער קומט אָן ארבייטען צו אַ קאָלאָניסט, דאַרף דער לעצטער איהם לערנען די ארבייט, און ער האָט פון איהם ניט דעם נוצען, וואָס מען קאָן האָבען פון אנ'אויסגעלערענטען ארבייטער. און קיין נוצען אויף ווייטער פון דעם לערנען האָט אָפט דער קאָלאָניסט אויך ניט, ווייל דער יודישער ארבייטער אין פּאַלעס־טינע האָט אין זיך שטאַרקע טוריסטען־נויגונגען און זיצט ניט לאַנג אויף איין אָרט. מייסטענס קומט ער אין פּאַלעסטינא אלס אידעאַ־ליסט, מעהר אוים ליעבע צו פּאַלעסטינע, איידער צו זוכען ארבייט. ער וויל דערום  ז ע ה ן  פּאַלעסטינע, און דאָס איז מעגליך נור, ווען מען בייט אָפט די ערטער. אנדערע וואַנדערן נאָך, ווייל זיי האָפען אין דעם צווייטען אָרט צו געפינען בעסערע ארבייטס־בע־

דינגונגען. דאס שטענדיגע וואנדערן פון די יודישע ארבייטער האט אפילו ארויסגערופען אויף דער קאנפערענץ פון די גליל'ער ארביי־טער א בעשלוס, אז אנ'ארבייטער זאל ניט פערלאזען זיין ארבייטס־פלאץ, איידער ער וועט מודיע זיין דעם צענטראלען קאמיטעט וועגען די סבות פון זיין אוועקגעהן. א טייל דעלעגאטען האבען אפילו פאר־געלעגט, מען זאל איינגאנצען פערוועהרען דעם ארבייטער צו פערלא־זען דאס ארט אהן אנ'ערלויבניש פונ'ם ועד. דער יודישער קאלא־ניסט קאן אט די דאזיגע וואנדער־אייגענשאפט פון דעם פאלעסטי־נער ארבייטער; ער איז שוין אליין דורך איהר אנגעלערנט, אדער ער האט געזעהען אזא פאל ביי דעם צווייטען קאלאניסט און ער וויל געוועהנליך ניט ריזיקירען.

דאס וואס דער קאלאניסט **טרויט ניט אין** דעם יודישען ארבייטער די ארבייט, איז אויך איינע פון די סבות, פאר־וואס מען נעהמט איהם ניט צו דער ארבייט. אין דעם גאנצען אוי־בערשטען גליל, ווי אויך טיילווייז אין מעסחע און זכרון, בעארבייטען ניט די קאלאניסטען אליין זייער באדען, נאר זיי גיבען איהם אב צו בעארבייטען איינעם אדער צוויי, זעלטען דריי אראבער און צאהלען זיי דערנאך פאר דער ארבייט מיט א פינפטעל פון דער הכנסה און נאך קלייניגקייטען. דעם יודישען ארבייטער אבער אב־געבען אזוי די גאנצע ארבייט טרויט ניט דער קאלאניסט, און נור איין ה. עפעלבוים אין זכרון האט אנפערטרויט היי־יאהר זיין ווירט־שאפט אויף דיזעלבע בעדינגונגען צוויי יודישע ארבייטער. דערביי זענען אבער שולדיג נאך צוויי זאכען: ערשטענס, קאן דער יודי־שער ארבייטער ניט צושטעלען קיין הילפס־ארבייט אין דער צייט פון ארויסנעהמען די תבואה. דער אראבער קאן דאס יא: ער שיקט דאז אויף דער ארבייט זיינע ווייבער און קינדער. צווייטענס, האט דער יודישער ארבייטער ניט מיט וואס דורכצולעבען דאס יאהר ביז נאכ'ן שייער. קיין אוואנס קאן איהם דער קאלאניסט ניט געבען, ווייל מייסטענס קומט אויס דעם קאלאניסט אליין אויף צו בארגען דאס גאנצע יאהר און ער איז צופרידען, ווען מען שטעלט איהם ניט אב זיין קרעדיט ביז נאכ'ן שייער. דריט־טענס, שפּיעלט דא אויך א ראליע די מורא פאר דער ארומיגער אראַ־בישער גנבה. די אראבער גנב'ענען פון דער שטעהענדיגער תבואה גנב'ענען אויך פון דער אראבגעשניטענער. עס האט איניגע מאל געטראפען (אין מעסחע, אין ראש פנה) אז די אראבער, זענענדיג אין כעס פאר וואס עס איז אויף די יודען, האבען אונטערגעצונדען די תבואה, און די קאלאניסטען רעכענען, אז הינטער די פלייצעס פון די אראבער — זייערע האלבע ארענדארס — קאנען זיי זיין זי־כערער פון אזוינע צופעלען: איין אראבער ביים צווייטען, רעכענען זיי, וועט ניט אזוי וואגען צו גנב'ענען אדער אונטערצוצינדען.

5.

די מורא פאר די אראבער ווירקט אויף ביים צונעהמען שומרים. מיר האָבען אויבען געבראכט א טאבעלע פון די יודישע שומרים. די אלע אַנגעוויזענע 43 מאן געהערען צו דער ארגאַניזאציע „השומר“. אויסער זיי זענען נאָך פאראן אביסעל יודישע שומרים אין פתח־תקוה, צוויי אין ראשון, איינער אין חולדה, איינער אין לוד. די אלע איבעריגע שומרים אין פּתח־תקוה אין ראשון און אין אלע איבעריגע קאָלאָניעס זענען אראבער. אין פּתח־תקוה אליין איז די צאָהל פון די אראבישע שומרים גרעסער, איידער די צאָהל פון אַלע יודישע שומרים אין גאַנץ פּאַלעסטינע. דאָס וואָס די קאָלאָ־ניסטען פערגלייבען זייער האָב און גוטס פרעמדע שומרים און נעה־מען ניט קיין יודישע, ערקלערען זיי ערשטענס דערמיט, וואָס די יודישע שומרים קומט אויס טייערער צו צאָהלען און צווייטענס מיט דער מורא פאר די אראבער. ביי די לעצטע עקזיסטירט נאָך עד היום דער מנהג פון „גאולת הדם“ — פון בלוט־ראכע. האָט איי־נער פון דער קאָלאָניע גע'הרג'עט אנ'אראבער, זוכען די קרובים פון דעם גע'הרג'עטען נקמה צו נעהמען. און די גאַנצע קאָלאָניע איז דאַן אין געפאהר, ווייל אלע אין דער קאָלאָניע זענען ביי די אראַ־בער אין די אויגען פעראנטוואָרטליך איינער פאר'ן אנדערען. ביז וואנען מען „וואשט פון זיך אראָב דאָס בלוט“, קאָסט געוועהנליך אויך פיעל געלד, אויסער דעם וואָס עס קומט אויס צו האָבען דער־ביי אַ געשעפט מיט'ן טערקישען געריכט, וואו מען קאן זיך אָהן באקשיש (האבאר) ניט בעגעהן. אזוינע פעלען — פון הרג'ענען אנ'־אראבער — זענען שוין געוועזען עטליכע: אין ראש־פּנה, יסוד־המעלה, גדרה, קאסטינע, סעדזשערע און גאָר די לעצטע צייט אין מרחביה. די קאָלאָניסטען האָבען יעדעס מאָל געהאט שרעקליכע צרות און זיי האָבען דערפאר מורא. אויב דער אראבישער שומר, זאָגען זיי, האָט גע'הרג'עט אנ'אראבער, איז ער נור אליין פעראנטוואָרטליך; און אויב אַ יוד — פאלט די פעראנטוואָרטליכקייט אויף דער גאנצער קאָלאָניע.

אויסער די דערמאָהנטע זענען אויך פאראן פיעל פּסיכאָלאָ־גישע סבות, וועלכע שפּיעלען א ראָליע ביים צונעהמען יודישע אר־בייטער. די קאָלאָניסטען פון ס'רוב אלטע קאָלאָניעס זענען, אוי־סערליך וועניגסטענס, זעהר פרום. אין אַזוינע קאָלאָניעס, ווי עקרון, משמר הירדן, יסוד המעלה און אפילו פּתח־תקוה זענען נאָך פאר־האַן קאָלאָניסטען, וואָס בעקומען פון דעם רמבנ'ס חלוקה און וועל־כע מוזען דערפאר זיין פרום. און אָט דער דאָזיגער פרומער קאָלאָניסטישער עולם איז דער פערביטערטסטער געגנער פון דעם יודישען ארבייטער. דער לעצטער איז נאָך אין רוסלאנד געוועזן ווייט פון פרומקייט. ביים פאָהרען קיין פּאַלעסטינע פאנטאזירט ער וועגען פולער פרייהייט — ווי אין פּאָליטישען, אזוי אויך אין רע־

ליגיעזען זין. קומט אבער די ווירקליכקייט און ווייזט איהם זיין טעות. אויף זיין פרייער אויפפיהרונג ענטפערט איהם דער קאלאָ־ניסטישער עולם מיט א שנאה און אמאל אויך מיט באיקאט. די אר־בייטער אין ארץ־ישראל געדענקען נאָך עד היום דעם פתח־תקוה׳ער באיקאט. א טייל פון די קאלאָניסטען ערקלערען זייער פיינדליכע בעציהונג צום יודישען ארבייטער מיט דער מורא, ער זאל ניט ווער־קען שלעכט אין רעליגיעזען זין אויף זייערע קינדער. א טייל אבער זאגען אפען, אז דער יודישער ארבייטער, וואס איז מחלל שבת, איז ביי זיי דאס זעלבע, וואס א גוי. זיי האבען איהם פיינט און האלטען ניט, אז ער איז בילבער אנגענומען צו ווערען אויף דער ארבייט.

די קהל׳ס־לייט לידען געוועהנליך ניט דעם יודישען ארביי־טער פאר זיין נויגונג צו מישען זיך אין קהל׳שע ענינים. דער יודי־שער ארבייטער ווייס אויך פיעל בעסער, איידער דער אראבער, פון וואנען נעהמט זיך ביים קאלאָניסט, וועלכער ארבייט אליין ניט, זיין גאנצער איינגענס, און דערפאר—וואס נעהענטער דער קאלאָניסט איז געווען צו דעם באראנס תמיכה אָדער צו דער אמאליגער אדמיניס־טראַציע, אלין ווענינגער קאן ער לידען דעם יודישען ארבייטער. דער לעצטער ווייסט געוועהנליך אויך מעהר אָדער ווענינגער דעם בעל־הבית׳ס חשבונות, און דאס איז דעם קאלאָניסט ניט אנגענעהם. ניט אנגענעהם איז איהם אויך צו פוילען זיך פאר דעם יודישען אר־בייטער אזוי אפען און פריי, ווי פאר דעם אראבער, דערהויפט, ווען מען רעדט אזוי פיעל אין פאלעסטינע וועגען דער פוילקייט פון די קאלאָניסטען.

און אפט האבען די קאלאָניסטען פשוט מורא פאר דעם יודי־שען ארבייטער, ער זאל ניט מאכען א שטרייק, אָדער ער זאל זיי גאר ניט ארויס־שטעלען פאר דער וועלט מיט זייער אמת׳ען פנים, — ווייל דאן וואלטען זיי פערלארען דעם גאנצען חן, וואס זיי האָ־בען איצט, ווען אלין איז פערדעקט מיט׳ן ארעאל פון פיאנערען און פערבארגען אין א נעבעל פון „קדושה“.

זאל זיין, אז די אלע פסיכאלאָגישע סבות ווייזען, אז די קאָ־לאָניסטען שטעהען קולטורעל גאנץ נידעריג. אבער ביי דאס רוב פון זיי — איבערהויפט ביי דעם באראנס „קעסט־קינדער“, אָדער „איי־ניקלעך“, ווי מען רופט זיי אין פאלעסטינע — קאן מען קיין העכע־רעס ניט פאָדערן. ווי מען האט זיי ביז איצט ערצויגען, אזוי זע־נען זיי אויסגעוואקסען; אין זייער אויסבעסערונג, אויסאיידלונג און איבערערציהונג דורך וועלכער עס איז אגיטאַציע איז שווער צו גלויבען. און וואס איז שייך צו די עקאָנאָמישע סבות דארף מען זיך פערשטעהן זיך, שטעלען נור אויף דעם איינציג ריכטיגען שטאנד־פונקט בנוגע צו פריוואט אייגענטום — אויף דעם ריוח־שטאנד־פונקט. עס איז זעהר ניט קלוג און פשוט ניט פראקטיש, ווען מען

וועגדעט זיך צום „אידעאַליזם“ אָדער „ציוניזם“ פון די קאָלאָניס־טען. ווי ביי אַלע אייגענטימער גרייכט דער אידעאַליזם אפילו פון די בעסטע קאָלאָניסטען נור ביז דער קעשענע, ביז די פּראָצענטען, און אויב דער קאָלאָניסט קאַן ווירקליך דורך אראבישע ארבייט בעקומען א העכערען פּראָצענט, א גרעסערען ריוח, זענען דאַן אַלע טענות אומזיסט, און קיינע פּרינציפּען ווע‏לען דאָ ניט ביישטעהן.

6.

צי זענען פאַרהאַן וועלכע עס איז מיטלען, וואָס זאָלען פּער־ניכטען, אָדער וועניגסטענס אבשוואכען די דערמאָהנטע סבות?

די ציוניסטישע טוער האָבען ביז איצט פאָרגעלעגט דריי אַזוינע מיטלען, דאָס ערשטע איז — די עצה פון'ם ה. אוסישקין, וועלכע מיר האָבען אויבען דערמאָנט — די יודישע ארבייטער זאָלען זיך בענוגענען מיט דעם זעלבען לוין פאַר זייער ארבייט, ווי די אראַ־בישע. נאָר ווי מיר האָבען שוין געזעהען, איז דאָס נור לייכט פאַר־צולעגען, אבער אונמעגליך צו ערפילען. דאָס צווייטע איז — גרינ־דען ארבייטער־קאָלאָניעס, ווי למשל עין־גנים ביי פּתח־תקוה, וואו די ארבייטער וועלען בעקומען נור 12—15 דונאם באדען (די לעצטע צייט קלערען שוין די ציוניסטען נור וועגען 7 דונאם). דער רעכע־נונג איז, אז דאָס בעארבייטען זיין שטיקעל באדען וועט ביים אר־בייטער ניט צונעהמען זיין גאנצע צייט, און ער וועט די איבעריגע צייט דערפאַר געהן ארבייטען ביי אנדערע; און אויף אזא אופן וועלען געשאפען ווערען ארבייטער, מיט וועלכע דער קאָלאָניסט וועט זיך קאָנען בענוצען צו צייטווייליגער ארבייט. דער חשבון איז אבער ניט אַ ריכטיגער. ווייל ערשטענס, קאָנען נור אַזוינע ארבייטער ווערען מיטגליעדער פון די דאָזיגע קאָלאָניעס, וועלכע האָבען א געוויסע סומע געלד אָנגעשפּארט; קיין פּשוט'ער ארבייטער קאָן אבער אין פּאַלעסטינע בשום אופן קיין געלד ניט אבשפּארען. אב־שפּארען אביסעל קאָן נור דער ארבייטער, וועלכער האָט זיך שוין ארויפגעשלאָגען צו אַ העכערער ספּעציעלער ארבייט, ווי אַן אויפ־פּאַסער, א גוטער גרעפּער, פּאַקער א. ד. ג. און אַזוינע זענען פאַר־האַן זעהר וועניג. און צווייטענס, פּערענטפערן ניט אַזוינע ארבייטער קאָלאָניעס די פראַגע וועגען װ א ל ו ע ל ע ר צייטווייליגער ארבייט, ווייל אַן'עין־גנימער קאָלאָניסט וועט ניט געהן ארבייטען וועניגער, ווי פאַר 3—5 פראַנק אַ טאָג. ער איז מייסטענס אַ ספּעציאַליזירטער ארבייטער, און פּשוטע ארבייט פון 1½ — 2 פראַנק א טאָג וועט איהם קיינמאָל פון זיין אייגענער ווירטשאַפט ניט אבנעהמען, ווייל ביים גוטען ווילען קאָן ער איינאָרדנען זיין ווירטשאַפט אַזוי, ער זאָל דאָרט כמעט שטענדיג האָבען ארבייט. די ארבייטער־קאָלאָניעס זענען גיכער א בעלוינונג פאַר דעם אר־בייטער, וואָס איז א לענגערע צייט אָבגעוועזען אין פּאַלעסטינע, איי־

דער אנ׳ענטפער אויף דער פראגע פון צייטווייליגער ארבייט.

דאס דריטע מיטעל איז — דער לעצטער פראיעקט פון דר. רופין, צו גרינדען ספעציעלע פערמעס, וואו די ארבייטער זאלען לערנען די ארבייט. די דאזיגע פערמעס, אויף וויפיעל זיי וועלען שטעהן אויף א געניגענדער הויך, וועלען געוויס פיעל קאנען אויפטון אין דער הינזיכט פון אויסלערנען די יודישע ארבייטער די ערד־ארבייט, נאר צי וועלען זיי העלפען צו פערגרעסערן די צאהל פון די יודישע ארבייטער אין פאלעסטינע איז א גרויסער ספק, ווייל זיי וועלען דאך סוף כל סוף נור פערקלענערן די ווירקונג פון איין סבה: וואס דער יודישער ארבייטער קאן די ארבייט נית.

די יודישע ארבייטער ווידער לעגען פאר: מיט לעגאלע מיטלען צ ו ו י נ ג ע ן די קאלאניסטען, זיי זאלען זיך בענוצען מיט יודישע ארבייטער. זיי זאגען אזוי: זאל זיין אז דעם יודישען ארבייטער דארף מען צאהלען אביסעל טייערער, איידער דעם אראבער, אבער דערפאר איז זיין ארבייט ווערט פיעל מעהר. ער וועט קיינמאל זיין ארבייט ניט טון פאליש; ער וועט זיך היטען ביים ארומגראבען די בוימער, ער זאל ניט אנריהרען די ווארצלען; ער וועט ניט איבערלאזען ביים רייניגען דעם באדען קיין אינדזשיל*), ווי עס טוען אפט די אראבער, פערזארגענדיג זיך אויף אזא אופן מיט ארבייט אויף שפעטער. אויסערדעם, דעם אראבער מוז מען היטען, ווייל ער גנב׳עט צו אליין, וואס עס ליעגט נור ניט גוט. און ווען דער קאלאניסט וואלט, זאגען זיי, אויסגערעכענט, וואס עס קאסט איהם ווירקליך דער אראבער ביי זיין שלעכטער ארבייט און גוטער גנבה, וואלט ער זיך איבערצייגט, אז יענעמס ארבייט טראגט איהם אויס ניט ביליגער, איידער די יודישע. דער קאלאניסט פערשטעהט אלזא אליין ניט גוט זיינע אינטערעסען. און די ארבייטער לעגען דערפאר פאר צו ווירקען אויף דער אנגלא־פאלעסטינע־באנק זי זאל, אין די אינטערעסען פון דעם ישוב, אויסלייהען געלד נור יענע קאלאניסטען, וועלכע בעשעפטיגען נור יודישע ארבייטער און דערמיט צווינגען די קאלאניסטען צו בענוצען זיך מיט יודישער ארבייט.

אויף וויפיעל די ארבייטער זענען גערעכט — איז שווער צו זאגען. אמת׳ע און פאלשע ארבייט, פלייסיגע און פוילע, און אפילו גנבה זענען אליין זאכען, וועלכע לאזען זיך שווער מעסטען און וועגען. דא האט מען געדארפט האבען פאקטען, ווייל נור זיי אליין וואלטען געקאנט איבערצייגען אין דער ריכטיגקייט פון דעם חשבון. אזוינע פאקטען זענען אבער דערווייל נאך ניטא. די איינציגע ווירטשאפט אין פאלעסטינע, וועלכע בעשעפטיגט אויסשליסליך יודישע ארבייט — פון דעם אויבענדערמאנטען ה. ק. אין פתח־

*) אזא גראז, וואס מאגערט שטארק אויס דעם באדען און וועלבעס מען מוז אינגאנצען ארויסגראבען, איידער מען טרעט צו צו פלאנצען אויף דעם ארט.

תקוה — קאָן נאָך ניט דיענען אַלס בעווייז, ווייל זי האָט אָבגעקאָסט פּיעל טייערער, איידער אַנדערע ווירטשאַפטען פון דער זעלבער גרויס, און רעכענען זי צווישען די בעסערע ווירטשאַפטען קאָן מען אויך ניט.

צוקוקענדיג זיך צו דער אַראַבישער און יודישער אַרבייט מוז מען קומען צו דער איבערצייגונג, אַז איינציגע אַרבייטען קאָסטען ביי יודישער אַרבייטער אָהן צווייפעל טייערער, איי־דער ביי אַראַבישער. דאָס איז ערשטענס, ווען עס אַרבייטען דער־וואַקסענע יודישע אַרבייטער דאָרט, וואו מען קאָן זיך בענוצען מיט אַראַבישע פרויען און קינדער, צ. ב. ביים אַראָבקלייבען איילבערטען, ביי יעטען די תבואות, פערשיעדענע הילפס־אַרבייט ביי אַפּעלסינען שניידען און פּאַקען, אָדער ביי אַזוינע פּשוט'ע אַרבייטען, ווי מאַכען און פערשיטען גריבער א. ד. ג. אַזוינע יודישע אַרבייטער, וואָס זאָ־לען קאָנקורירען מיט די אַראַבער אין אָבאַרבייטען מעהר, ווי יענער, — ווייל בעסער איז דאָ כמעט ניט שיך — זענען פּאַרהאַן זעהר ווייניג. די מעהרהייט פון זיי שטעהט נאָך, פּער־קעהרט, אָפּ פון די אַראַבער אין כמות פון דער אַרבייט. איך רעד דאָ ניט וועגען דער וועט־אַרבייט, ביי וועלכער דער בעל־הבית נוצט אויס דעם אידעאַליזם פון דעם אַרבייטער אויף זיין סוחר'שען שטייגער און מאַכט דעם יודישען אַרבייטער פּאַר אַ בייטש פאַר די אַראַבער. איך מיין דאָ די פעלען, ווען אַ קאָלאָניסט שטעלט אַוועק איין יודען אַרבייטען צווישען אַ קאָמפּאַניע אַראַבער, מיט'ן רעכענונג, אַז דער יודישער אַרבייטער וועט וועלען בעווייזען, אַז ער שטעהט ניט אָפּ פון די אַראַבער, אָדער אַז ער אַרבייט נאָך בעסער פון זיי, און אַז ער וועט אַנשטרענגען אַלע זיינע כוחות און וועט מיט זיין אַרבייט נאָך אונטערטרייבען די אַראַבער. וויפיעל קאָסט דאָס אַזא „בעווייז" דעם יודישען אַרבייטער! די וועט־אַרבייט קאָן און דאַרף ביי יעדען ענטוויקעלטען אַרבייטער אַרויסרופען נור עקעל.

וועגען די אַלע איבעריגע, ניט אַזוינע פּשוט'ע אַרבייטען איז זעהר שווער אַרויסצוזאָגען אַ מיינונג, כל זמן עס איז ניטאָ קיין גע־ניגענדע צאָהל פאַקטען. פון איינציגע אַרבייטער, וואָס אַרבייטען בעסער אָדער ערגער פון די אַראַבער, קאָן מען נאָך גאָרנישט ניט אָבלערנען.

בכלל אָבער, קאָן מען זיך מיט די קאָלניסטען ניט בעגעהן, ווי מיט קינדער: „אַזוי ווי איהר אַליין פערשטעהט ניט אייערע אינ־טערעסען, וועלען מיר אייך צווינגען זיי צו פערשטעהן". זאָל זיין, אַז די קאָלאָניסטען האָבען פּשוט'ע קעפּ און זענען ניט פעהיג אָדער ניט אויפגעלעגט צו מאַכען חשבונות: זיי זעהען, אַז דעם אַראַ־בער צאָהלען זיי ווייניגער, צערעמאָניען זיך מיט איהם דאַרפען זיי אויך ווייניגער און קריגען איהם און אבשאַפען איהם קאָנען זיי צו יעדער צייט, — נעהמען זיי דעם אַראַבער. צו איז אָבער דאָס

צווינגען א מיטעל צו ענטוויקלען זייערע רעכענונגס־פעהיגקייטען?

און עס איז נאך א פראגע, צו די קאלאניסטען גיבען זיך ווירקליך ניט אב קיין רעכענונג ביים צונעהמען ארבייטער. פערקעהרט, ביים צונעהמען קוואליפיצירטע ארבייטער האבען זיי בעוויזען, אז זיי פערשטעהען אבצושאצען ריכטיג דעם ווערט פון אראבישער און יודישער ארבייט.

צווישען די יודישע ארבייטער, דערהויפט אין פתח־תקוה און אין רחובות, זענען פאראן אזוינע, וועלכע האבען זיך אין מ׳שך פון די עטליכע יאהר, וואס זיי זענען אין לאנד, ספעציאליזירט אין דער אדער יענער ארבייט. אזוי זענען פאראן גוטע גרעפער, פאקער, שטאק־שניידער, ארבייטער ביי מאטארען און אנדערע. דאס זענען אלץ סעזאן־ארבייטער. ביים מאטאר, צ. ב. איז פאראן ארבייט נור זומער; ביים גרעפען — נור עטליכע מאל אין יאהר צו עטליכע וואכען; ביים פאקען נור עטליכע ווינטער־מאנאטען א. ד. ג. דערפאר אבער נעהמען די ארבייטער פון די פאכען הויכע פרייזען: אנ׳ארבייטער ביים מאטאר נעהמט 60—90 פר. א מאנאט; א פאקער — 3—4 פר. א טאג; א גוטער גרעפער — ביז 5 פראנק א טאג און העכער; א גוטער שטאק־שניידער אויך דאס זעלבע. און ווען דער סעזאן געהט אריבער, זוכען די דאזיגע ספעציאליסטען פשוט׳ערע ארבייט, אדער ארבייטען מייסטענס גאר ניט, ווייל סעזאן־צייט האבען זיי געקאנט אבשפארען אביסעל געלד.

און די קוואליפיצירטע ארבייטער, ווי עס ווייזט זיך ארויס, האבען ניט שטארק מורא פאר דער אראבישער קאנקורענץ, ווייל ביי אזוינע ארבייטען, ווי די אנגעמערקטע, וואו עס פאדערט זיך גרעסערע קענטניש, און די עהרליכקייט ביי דער ארבייט שפיעלט א גרעסערע ראליע, נעהמען פיעלע קאלאניסטען בעסער די יודישע קוואליפיצירטע ארבייטער און צאהלען זיי פערהעלטניסמעסיג הויכע פרייזען. ביי געוועהנליכער פשוט׳ער ארבייט אבער נעהמען דיזעלבע קאלאניסטען אראבער, און אויף אלע אנווייזונגען פון דעם יודישען ארבייטער אויף די פאלשקייט און גנבה פון די אראבער, האבען זיי א פארטיגען תירוץ: אויף דעם איז פאראן אנ׳אויפפאסער, ער זאל אכטונג געבען.

דאס צוואנג־מיטעל איז אלזא ווייט ניט קיין פאסענדעס. און בעזונדערס איז עס ניט פאסענד, ווייל די ארבייטער ווענדען זיך מיט זייער פארשלאג ניט לויט א ריכטיגען אדרעס. דען די פיהרער פון דער אנגלא־פאלעסטינע־באנק אליין, ווי דער ה. לעוואנטין און אנדערע נעהמען אין זייערע אייגענע באיארעס, ווי איך האב שוין אנגעוויזען, אויך קיין יודישע ארבייטער כמעט ניט צו.

פאראן איינציגע יודישע ארבייטער אין פאלעסטינע, וועלכע רעכענען, אז מען דארף ענטוויקלען דאס בעוואוסטזיין פונ׳ם אראבישען ארבייטער און אויפהויבען זיינע בעדערפעניסען. דאמאלסט

וועט ער ניט אַראָבלאָזען אַזוי נידעריג דעם פּרייז פון דער אַרבייט און דער יודישער אַרבייטער וועט שוין קאָנען קאָנקורירען מיט'ן אַראַבישען. אַזאַ בליק איז געווים מעהר פּראָלעטאַריש און סאָציאַליסטיש, איידער די פאָדערונג צו פערטרייבען דעם אַראַבער (וועלכער איז מייסטענס שוין פריהער אַראָבגעטריבען געוואָרען פון זיין באָדען, און וועלכער נויטיגט זיך אין אַרבייט פּיליכט פיעל מעהר, איידער דער יודישער אַרבייטער, וואָס איז געקומען אין פּאַלעסטינע אויס אידעעלע צוועקען) פון דעם יודישען גאַרטען און פעלד. עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז פיהרענדיג אַ פּאָליטיק פון גאַנצען, אָדער אפילו נור טיילווייזען, אָפּענעם אָדער האַלב פערשטעלטען באָיקאָט פון דעם אַראַבישען אַרבייטער, איז ניט מעגליך צו ענטוויקלען זיין קלאַסען-בעוואוסטזיין.

פון אַלץ וואָס מיר האָבען ביז איצט געזאָגט, קאָן מען מאַכען פאָלגענדען שלוס: די אַלע אַנגעוויזענע סבות, ווירקענדיג איינציגווייז, אָדער עטליכע, אָדער אַלע צוזאַמען, שאַפען אַ הויכען אונאיבערקריכבאַרען צוים פאַר דעם יודישען אַרבייטער. און נור אַ 2 — 3 הונדערט, פון וועלכע אַ טייל זענען קוואַליפיצירטע, האָט זיך איינגעגעבען מיט מסירת-נפש אַריבערצוקריכען דעם צוים און פערנעהמען אנ'אָרט צווישען די 6 — 7 טויזענט אַראַבער, וועלכע אַרבייטען אין די פּריוואַטע קאָלאָניסטישע ווירטשאַפטען. די פערשיעדענע מיטלען, וועלכע מען לעגט פאַר, זענען געוועהנליך געווענדעט נור געגען דער אָדער יענער איינציגער סבה און ווירקען ווייניג, כל זמן עס עקזיסטירט די סבת כל הסבות — כל זמן אַרום די יודישע קאָלאָניעס זענען פאַרהאַן וואַלוועלע אַראַבישע הענד. דורך אַגיטאַציע קאָן זיך די צאָהל יודישע אַרבייטער, דערהויפּט קוואַליפירצטע, אפשר אַ ביסעל פערגרעסערן; אָבער פאַר קיין בעדייטענדער צאָהל יודישע אַרביטער איז אין פּאַלעסטינע קיין אָרט ניטאָ, און דער יודישער אַרבייטער קאָן גאַרניט האָפען אפילו ווען עס איז צו ווערען אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין דעם פּריוואַטען יודישען ישוב אין ארץ-ישראל.

7.

אַביסעל אַנדערש זענען די בעדינגונגען פאַר יודישער אַרבייט אין די פערמעס. אינגאַנצען זענען פאַרהאַן אין פּאַלעסטינאַ 6 פּערמעס: 3 נאַציאָנאַלע: לוד, חולדה, כנרת; 2 פון פּריוואַטע גרופּעס: מגדל, וועלכע געהערט אַ גרופּע מאָסקווער סוחרים, און פוריה, וועלכע געהערט אַ גרופּע אַמעריקאַנער יודען, און 1 יק"א'שע פּערמע—סעדזשערע.

אויף די נאַציאָנאַלע פּערמעס נעהמט מען איצט קיין אַראַבישע אַרבייטער גאָר ניט צו. מיט איניגע יאָהר צוריק, פאַר דעם אַגראָנאָם בערמאַן, האָבען אין לוד יאָ געאַרבייט אַראַבער; נור די יודישע אַרבייטער האָבען דאָן געצוואונגען, אַז די ווירטשאַפטען, וועל-

כע ווערען געשאפען און געפיהרט אויף פאלקס־געלד, ווי דער נאציא־
נאל־פאנד, זאלען זיך בענוצען אויסשליסליך מיט יודישע ארביי־
טער. און פון דאן אן איז געווארען כמעט ווי א פרינציפ, אז די נא־
ציאנאלע פערמעס נעהמען ניט צו קיין אראבישע ארבייטער. עס זע־
נען אפילו פאראהאן צווישען די אדמיניסטראטארס אזוינע, וואס
האלטען, אז באיקאטירען די אראבישע ארבייט טאר מען ניט, ווייל,
ערשטענס, קאן טרעפען, אז מען זאל אהן איהר ניט קאנען אויס־
קומען, און, צווייטענס, קאן דאס ברייננען דערצו, מען זאל זאגען,
אז די יודען פערטרייבען די אראבער ביים בעזעצען זיך. וואס עס
קאן, לויט זייער מיינונג, שאדען דעם ישוב. די ארבייטער אליין
אבער וואלטען בשום אופן ניט דערלאזען, מען זאל אויף די פערמעס
צונעהמען אראבער; און וואלט דאס טרעפען, וואלטען זיי געוויס
ארויס אין א שטרייק.

אין די פריוואטע פערמעס האבען די גרינדער אויף מסכים גע־
ווען צו ארבייטען מיט יודען. אין מגדל זענען איצט פאראהן סבות,
איבער וועלכע עס וואלט אפילו ניט קלוג געווען צו נעהמען ארא־
בער: נאך ביז דער לעצטער צייט קומט דארט פאר א סכסוך מיט
די שכנ'ישע אראבער וועגען דעם באדען, און עס זענען אפילו
פארגעקומען צוזאמענשטויסען. עס פערשטעהט זיך, אז שטעלען
זיך אנטקעגען מיט אראבישע ארבייטער וואלט געווען ניט בע־
קוועם.

דערפאר זענען אין דער יק"א'שער פערמע סעדזשערע די בע־
דינגונגען דיזעלבע, ווי אין די פריוואטע ווירטשאפטען. מיט עטלי־
כע יאהר צוריק זענען דארט געווען ביז 30 יודישע ארבייטער, און
איצט נור 4 מאנאטליכע און עטליכע טעגליכע (און 6 ארבייטער
פון דער קאאפעראטיווער גרופע). אלע איבעריגע ארבייטער זענען
אראבער. יק"א האלט בכלל ניט פון פרינציפען. אין איהר אדמיניס־
טראציע בענוצט זיך אין אלע איהרע אונטערנעהמונגען כמעט אויס־
שליסליך מיט אראבער. צ. ב. אין דער באארע נעזלי, נעבען זכרון,
וועלכע געהערט דעם באראן און וועלכע איז די גרעסטע אין גאנץ פא־
לעסטינע, ארבייט אויסער דעם יודישען משגיח נור איין יודישער
ארבייטער. אין די יקא'שע באארעס אין וואדי־חנין זענען נור א
א טייל פון די שומרים און די משגיחים יודישע, די ארבייטער —
אלע אראבישע.

אינגאנצען יודישע אשכנז'ישע ארבייטער אויף די פערמעס איז
איצט פאראהאן ביז 200. ווען מען וואלט אין די פריוואטע און נא־
ציאנאלע פערמעס צופריעדען געווען מיט די יודישע ארבייטער,
וואלטען אזוינע פערמעס, אויף וויפיעל זיי קאנען זיך פערמעהרען
אין לאנד, געוויס געבילדעט א נ'ארט, וואו דער יודישער ארבייטער
וואלט געקאנט געפינען פאר זיך א פלאץ אין א גרעסערער צאהל.
אין די דאזיגע פערמעס איז מען אבער אויך ניט צופרידען מיט
דעם יודישען ארבייטער. אזוי צ. ב. וואלט דער פערוואלטער פון

פּוריה שוין לאַנג פערביטען א טייל פון די יודישע ארבייטער מיט אראַבער, ווען די ארבייטער וואָלטען ניט געשטאַנען פעסט געגען דעם. אין מגדל זענען שוין איצט פאַרהאַן, אויסער די אשכנז'ישע, אַ ביסעל ספרד'ישע יודישע ארבייטער פון צפת, וועמען מען צאָהלט בילינגער, איידער די אשכנז'ישע, און דער פערוואַלטער פון פערמע בעמיהט זיך אראַבצובריינגען אהין א פּאַרטיע תימנ'ער. די כנרת'ער פערמע וואַרפט אַרויף אויף די ארבייטער די שולד פון איהר פאַר־אַ־יאָהריגען דעפיציט פון 35 טויזענט פראַנק. און אזא „קענער" פון דעם יודישען ארבייטער אין פאַלעסטינע, ווי מרדכי בן הלל הכהן בעשולדיגט די יודישע ארבייטער אין „עסען אומזיסטען ברויט אויף די פערמעס" און אין נאָך ערגערס.

וואו ליעגט די שולד פון דער דאָזיגער אונצופריעדענהייט מיט די יודישע ארבייטער — אין זיי גופא, אָדער אויסער זיי, אין די ארומיגע בעדינגונגען? צו זענען זיי ווירקליך אונפעהיג צו ערד־ארבייט, ווי איניגע בעשולדיגען זיי, אָדער די ארומיגע אראַבישע אין די וועלוועלערע תימנ'ישע הענד, דורך וועלכע מען וואָלט אפשר געקאָנט פערקלענערן דעם ביודזשעט, אָדער פערקלענערן דעם דעפי־ציט, לאָזען ניט רוהען די אדמיניסטראַטאָרען פון די פערמעס? צו די יודישע ארבייטער פוילען זיך, קלייבען זיך צונויף אויף די פער־מעס כדי די צייט צו בטל'ן און ברייננען די פערמעס נור שאדען, ווי דאָס וויל האָבען מרדכי בן הלל הכהן, אָדער די איצטיגע אָר־גאַניזאַציע פון די פערמעס און בכלל די פּאַלעסטינער בעדינגונ־גען פון לאַנדווירטשאַפט זענען שולדיג דערין?

צו איז דער יודישער ארבייטער פעהיג צו ערד־ארבייט? אין פּאַלעסטינא גופא קאָנט איהר וועגען דעם הערען צוויי געגענזעצ־ליכע מיינונגען. איניגע זאָגען אז דער יודישער ארבייטער — ניט ער קאָן און ניט ער וויל ארבייטען; אנדערע פערקעהרט זאָגען, אז דער יודישער ארבייטער קאָן דיענען אלס מוסטער מיט זיין פלייסיג־קייט און מיט זיין פערשטעהן די ארבייט. די דאָזיגע צוויי מיי־נונגען נעהמען זיך דערפון, וואס מען נעהמט געוועהנליך פון איין ארבייטער א ראיה אויף אלע און וואָס מען מאכט די ארבייטער פער־אנטווארטליך איינעם פאַר'ן אנדערען. ווען מען זאָל זיך אבער גוט צוקוקען צו דער ארבייט פון די יודישע ארבייטער, קאָן מען בע־מערקען צווישען זיי, ווי אומעטום, גוטע און שלעכטע, פלייסיגע און פוילע, איבערגעבענע און פאַלשע.

איך האָב פיעל מאָל געזעהען יודישע ארבייט, און דאָס הארץ האָט זיך אין מיר געפרעהט, צוקוקענדיג צו דער פלינקהייט און גרינדליכקייט פון איהר. און אויך האָב איך געזעהן אזא ארבייט, וואָס קוקענדיג אויף איהר, האָב איך זיך אינערליך געשעמט: די ארבייט האָט זיך דאָרט געצויגען ווי פון פעך; אלע ווייַלע האָט מען זיך צוגעזעצט אברוהען, און ווי נור מען פלעגט פון דערווייטענס

דערזעהען דעם בעל־הבית, האט מען זיך גענומען צו דער ארבייט מיט א בעזונדערען פלייס.

מיין אייגען צוקוקען זיך צו דער יודישער ארבייט אין פא־לעסטינע האט מיך געבראכט צו פאלגענדער מיינונג וועגען דער פעהיגקייט פון דעם יודישען ארבייטער צו ערד־ארבייט:

1) דער יודישער ארבייטער איז זעהר וויסגיריג, און זעלטען ווער עס לערנט אוים אזוי גיך די פערשיעדענסטע ארבייטען ביי דער לאנד־ווירטשאפט, ווי ער, — ווען ער האט נור די מעגליכקייט זיך צו לערנען. די יודישע קוואליפיצירטע ארבייטער, וועלכע זע־נען אפט אמת'ע ארטיסטען אין זייער ארבייט, בעווייזען דאס בע־סער ווי אלץ.

2) די ארבייטס־מעגליכקייטען פונ'ם יודישען ארבייטער זע־נען אזוי עלאסטיש, ווי זיינע בעדערפעגישען: ביי גוטע בעדינגונ־גען ווערען זיי זעהר גרויס. און די בעדינגונגען זענען צוויי: אדער דער ארבייטער זעהט אין דער ארבייט א קוואל פון פרנסה, אדער ער זעהט אין איהר א מיטעל צו דערגרייכען זיין אידעאל; און דאן — וואס אידעאליסטישער דער ארבייטער איז, אלץ ענערגישער און פראדוקטיווער איז זיין ארבייט. און עס איז דערביי גאר קיין מוז ניט, ער זאל שוין פון קינדהייט אן זיין אנ'ערד־ארבייטער, אדער אפילו אנ'ארבייטער בכלל. ווען איהר קוקט זיך צו צו דער ארבייט אין אייניגע קאאפעראטיווע גרופען און פון אייניגע עין־גנים'ער און באר־יעקב'ער ארבייטער־קאלאניסטען, פערשטעהט איהר ערשט, וואס הייסט גוטע און פלייסיגע ארבייט.

עס איז אבער אונמעגליך צו פאדערן פלייסיגקייט און איבער־געבענהייט צו דער ארבייט דא, וואו עס איז ניטא ניט קיין פרנסה, ניט קיין אויסזיכט אויף בעסערס, און ניט קיין גלויבען און דער־גרייכען דאס אידעאל. צו קאן מען דען פון אנ'ארבייטער, וועל־כער בעקומט פאר זיין ארבייט א מינימאלען לוין, וועלכער האט וואכענלאנג ניט דערסען, וועלכער איז איבערצייגט, אז די ארבייט קאן איהם ניט ערנעהרען, און וועלכער פיהלט, אז ער מוז פון דארט אפפאהרען (נור ער האט ניט מיט וואס!) — צי קאן מען דען פון אזא ארבייטער פאדערן ער זאל ארבייטען פלייסיג? אדער, צי קאן דען אנ'ארבייטער פון א נאציאנאלער פערמע ארבייטען פלייסיג, ווען ער זעהט, אז די ווירטשאפט פיהרט זיך דארט אוי־סערסט שלעכט; ווען ער איז איבערצייגט, אז ווי גוט ער וועט ניט ארבייטען, וועט דער דעפיציט אלץ זיין אין דער שעיר לעזאזל וועט ער אלץ בלייבען, די שולד וועט מען אלץ ארויפווארפען אויף איהם? צי קאן בכלל אנ'ארבייטער ארבייטען פלייסיג, ווען ער זעהט פאר זיך קיין צוקונפט ניט, וועלכער זעהט ניט ארויס קיין מעגליכקייט צו פערפיהרען ווען עס איז א פאמיליען־לעבען, ווייל זיין ארבייטס־לוין קלעקט קוים אויף זיין אייגענער הוצאה? קאן דאך דער ארבייטער אפילו ניט האפען ווען עס איז צו בעפריעדיגען דאס

שטרעבען, וואָס ליגט אין דער טיעפּעניש פון זיין נשמה — צו קאָלאָניזירען זיך, ווייל דערצו מוז מען האָבען א געוויסע סומע געלד, און אָבשפּאַרען זי פון זיין ארבייט איז פאַר איהם אבסאָלוט אונמעגליך.

ביי אזוינע בעדינגונגען איז פערקעהרט נאָך א וואונדער, וואָס מען בעגעגענט נאָך אפט אין פּאַלעסטינע יודישע ארבייטער, ביי וועלכע די ארבייטס־לוסט איז נאָך ניט אויסגעלאָשען געוואָרען און וועלכע קאָנען ווירקליך דיענען אלס מוסטער פון פלייסיגקייט און איבערגעבענהייט צו דער ארבייט. נאָר דער גרויסער אידעאַליזם פון דעם יודישען ארבייטער מאַכט איהם פעהיג דערצו.

ניט די יודישע ארבייטער זענען שולדיג, וואָס ארום ארבייט מען טיילווייז מיט אראבישע קינדער און מען שאצט אב דעם ווערט פון דער ארבייט לויט זייער לוין; ניט זיי זענען שולדיג, וואָס די ערד־אַרבייט אין פּאַלעסטינע טראָגט איין נור אזוי פיעל, מיט וויפיעל עס קאָן זיך בעגנוגענען דער אראבער און קאָן ניט געבען דעם יודישען ארבייטער אפילו אויף אָרים דורכצולעבען זיך; און ניט זיי זענען אויך שולדיג אין די פערשיעדענע פעהלער, וואָס די ארמינים־טראַטאַרען פון די פערמעס מאַכען.

8.

מיר געהען איצט איבער צו בעטראַכטען דאָס לעבען פון דעם יודישען לאַנדווירטשאַפטליכען ארבייטער אין פּאַלעסטינע. דערביי דאַרף מען פריהער אויסטיילען די קליינע גרופּע קוואַליפיצירטע ארבייטער. זייער לעבען איז אין פיעלע הינזיכטען העכער, איידער פון די איבעריגע. זיי פערדיענען מעהר און האָבען די מעגליכקייט זיך בעסער צו קליידען, בעסער צו עסען און וואוינען אין א בעסערע דירה. זיי זענען מייסטענס אויך מעהר ענטוויקעלט, ווייל זיי האָבען מעהר לייזיגע צייט צום לעזען און זיי שטעלען זיך ניט אב פאַר די הוצאות אויף אויסצושרייבען צייטונגען און ביכער. צווישען זיי זענען אויך פאַרהאַן אַזוינע, וואָס האָבען געוואָגט צו פערפיהרען א פאַמיליען־לעבען. זיי שטרעבען געוועהנליך אנ'אַנטייל צו נעהמען אינ'ם געזעלשאַפטליכען לעבען פון די קאָלאָניעס, און עס טרעפט, אז די קאָלאָניסטען רעכענען זיך מיט זייערע מיינונגען און פאָדערונגען. אויף די פערזאַמלונגען טרעטען זיי געוועהנליך ארויס אין נאָמען פון די ארבייטער. מיט זיי שעמט זיך שוין אָפט ניט דער קאָלאָניסטישער עולם, און עס טרעפט, אז די קאָלאָניסטען זענען זיך מיט זיי מיתחתן. זיי שאַפען אויך, געוועהנליך, דעם עלעמענט פאַר די ארבייטער־קאָלאָניעס. אזוינע ארבייטער בלייבען געוועהנליך תושבים אין לאַנד.

פיעל נידעריגער שטעהט דאָס לעבען פון דעם פשוט'ען ארבייטער. זיין לוין דערגרייכט ביז 30—50 פראַנק (6—10 דאָלאַר) א חדש, ווען ער האָט ארבייט דעם גאַנצען חדש. דאָס לעצטע טרעפט

אָבער זעהר זעלטען. די קדהת'איז אנ'אפטער גאסט ביי דעם ארבייטער. נור אין איין אָרט — אין מגדל — האָט דער ארבייטער די מעגליכקייט צו קריינקען טיילווייז אויפ'ן רעכענונג פון דער פערמע — ווייל פאר 4 פיבער־טעג אין מאָנאט רעכענט מען איהם דאָרט ניט אראָב פון זיין לוין. אבער איב מעהר ווי 4 טעג, קריינקט שוין דער ארבייטער דאָרט אויך אויף זיין אייגענעם חשבון. עס זענען פאראן ארבייטער ביי וועלכע די קדהת איז געוואָרען א כראָנישע קרייגל און זי נעהמט ביי זיי צו אַ גרויסען טייל פון יאָהר. אזוינע ארבייטער, וואָס זאָלען אין משך פון יאָהר גאָרניט האָבען געקריינקט, איז כמעט ניטאָ, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס אין פיעלע קאָלאָניעס און פערמעס נעהמט יעדער ארבייטער יעדען טאָג, אָהן אויסנאַהם, חינין.

און אפילו אזא נאַטירליכע ערשיינונג, ווי רעגען, ווירקט אויף שלעכט אויף דעם פערדיענסט פונ'ם טעגליכען ארבייטען. די צאָהל רעגען־טעג אין יאָהר וויגט זיך אין פאלעסטינע צווישען 30 און 70. פאר די 15 יאָהר 1880—1895 איז די מיטעלע צאָהל רעגען טעג אין יאָהר אין דער דייטשער קאָלאָניע שרונה, נעבען יפו, געוועזן 57,75. אויסער די רעגען־טעג גופא דאַרף מען אין פיעל ערטער נאָך צורעכענען אויף די טעג, וואָס באלד נאָך די רעגענס, ווייל איבער דער לעהמיגקייט און זומפּיגקייט פון דעם באָדען איז דאָרטען דאָמאָלסט ניט מעגליך צו ארבייטען אויף די פעלדער אדער אין די גערטנער. און ווען מען זאָל נאָך צורעכענען א טעג 10 יודישע ימים טובים אין יאָהר, וועט מען צוזאַמען בעקומען, אויסער שבתים, א 75 טעג אין יאָהר, וואָס דער ארבייטער מוז בטל'ען. ד. ה. אנשטאָט 26 טעג אין חדש קומט איהם אויס צו ארבייטען אין דורכשניט ניט מעהר ווי 20. און ביי אזא צאָהל ארבייטס־טעג אין מאָנאט האָט ער אפילו ביי זיין מאַקסימאַלען לוין — 12 גרוש א טאָג — ניט מעהר ווי 40 פר. (8 דאָלאר) א מאָנאט.

ווי מיר האָבען שוין אויבען געזעהען, דאַרף אַזוי פיעל אין די קאָלאָניעס אוועקגעהן אויף דירה און קעסט. בלייבט ביים ארבייטער אויף זייטיגע הוצאות גאר נישט איבער, סיידען ער שפּאָרט אָפּ פונ'ם עסען, ד. ה. ער זאָגט זיך אב אינגאַנצען אָדער טיילווייז פון געקאָכטעס. אזוינע ארבייטער בעגעגענט איהר טאקע אין פאלעסטינע ניט זעלטען. אויף וויפיעל דאָס ווירקט צושטערענד אויפ'ן געזונד פון דעם ארבייטער — איז זיך לייכט פארצושטעלען. און דערפאר בעגעגענט איהר טאקע זעלטען אין די פאלעסטינער קאָלאָניעס אנ'ארבייטער, וואָס זאָל מיט זיין געזונדהייט און שטארקהייט ציהען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט. און די אויסגערעכענטקייט פון דעם יודישען ארבייטער דערגעהט דאָרט אויך אָפט דערפאר ביז קליינינגקייטען. אויף דער יהודה'ער קאָנפערענץ, צ. ב. האָט מען זיך פיעל מתוכח געווען, צי מען קאָן ארויפוואַרפען אויף די חברים אַן אָבצאָהל פון א האלבען בישליק (11 קאָפּ. 5½ סענט) אַ מאָנאט. איי־

ניגע דעלעגאַטען האָבען אויפגעוויזען, אַז דאָס איז פאַר אַ געוועהנ־ליכען ארבייטער א צו־גרויסער אבצאהל. אויף דער גליל'ער קאָנ־פערענץ האָט מען בעשטימט דעם אבצאהל אויף א האלבען פּראָ־צענט פונ'ם פערדיענסט, וואָס עס מאכט אויס אנ'ערך 8—11 קאָפּ. אַ מאָנאַט.

אויף קליידונג בלייבט שוין ביים ארבייטער כמעט גאָרנישט, און נאָכדעם ווי די קליידער, וואס ער האָט מיט זיך געבראַכט פון דער היים, ווערען צוריסען, איז איהם שוין שווער ארויפצושלאָגען זיך אויף אנדערע. דערפאר געהט ער מייסטענס וואך און שבת, ביי דער ארבייט און נאך דער ארבייט אין איין און דיזעלבע קליידער. שיך ווערען א לוקסוס ביי איהם און ער פערבייט זיי אָפט מיט אראבישע פּאנטאָפעל. אנשטאט אנ'אויבער־בגד טראגט ער אָפט א גראבע אראבישע „אבייע" און ביי דער ארבייט אפילו א פשוט'ן זאק. ער ווערט ביסלעכוויז אלץ מעהר און מעהר אָבגעלאָזען. ביי איהם אין צימער, וואו ער וואוינט געוועהנליך נאך מיט איינעם, מיט צוויי אָדער אפילו אין א גרעסערער קאָמפּאניע, איז אַזוי אומ־ריין, אז עס איז שווער אהין ארייגצוגעהן. אין חדרה און אין פּתח־תקוה האָט מען אויסגעבויט ארבייטער־הייזער, וואו מען פערדינגט פאר ארבייטער צימערן צו 8 — 12 פראנק א חדש פאר צווייען אָדער דרייען. איז אין די צימערן פון די ארבייטער אין חדרה אזא שמוץ און אונאָרדנונג, אז עס איז בעסער ניט צו רעדען וועגען דעם. מען האָפט, אז אין פּתח־תקוה, וואו דאָס ארבייטער־הויז האָט זיך ניט לאנג געעפענט, וועט די ארדנונג זיין א בעסערע.

אויף די פערמעס איז די לאגע אביסעל בעסער. די ארבייטער בעקומען דאָרט אומזיסטע דירות. אמת די דירות זענען ניט גאר בעקוועם. אין די צימערן שטעלט מען אן אַזוי פיעל בעטלעך, וויפיעל עס שטעלט זיך נור; קיין בעזונדער מענש, וואָס זאָל צוקלייבען, איז ניטאָ, איז דארט אויך זעהר שמוציג. בכלל איז אויף אלע פער־מעס אַ שרעקליכע איינגשאפט. ניטאָ דאָרט איין פרייער ווינקעל, וואו ווער עס איז זאָל ניט נעכטיגען. אָבער דערפאר צאָהלט דער ארבייטער פאר דער דירה גאָרנישט. די ארבייטס־צייט אויף די פערמעס, איבערהויפּט אויף די נאַציאָנאלע, איז אויך קירצער: ווינטער 7½ שעה, זומער — ביז 9 שעה אין טאָג (אין די פּריוואַ־טע פלאנצונגס־ווירטשאפטען איז דער ארבייטס־טאָג לענגער, איי־דער אין די נאציאנאלע פערמעס, געוועהנליך אויף 1—1½ שעה; אין די פעלד־ווירטשאפט־קאָלאָניעס אבער דויערט ער פון זון־אויפגאנג ביז זון־אונטערגאנג). קיין משגיחים וואָס זאָלען אונטער־טרייבען ביי דער ארבייט, זענען אויף די פערמעס ניטאָ. מיט'ן עסען איז דאָרט אויך בעקוועמער. אין אלע פערמעס זענען דאָרטען פאר־האן קאָאָפּעראטיווע קיכען. דאָס עסען קאסט 30—40 פר. א מאָ־נאט; דערפאר אבער איז ער בעסער און געזינטער ווי אין די אר־בייטער־האָטעלען אין די קאָלאָניעס. דער ארבייטס־לוין איז אין

די נאַציאָנאַלע פּערמעס זעלטען ווענינער, ווי 10 גרוש א טאָג, נאָר מייסטענס 12 און אויף די פּריוואטע — 9-12 גרוש א טאָג.

די מאָנאַטליכע ארבייטער, איבערהויפּט אין די פעלדווירט־שאַפטליכע קאָלאָניעס, זענען מעהר פערנומען, ווי אַנדערע, ווייל קומענדיג פון פעלד האָבען זיי נאָך ארבייט ארום די פערד. און ביינאכט דארפען זיי אויך אויפשטעהן און געבען עסען די פערד און די אָקסען. דערפאר אָבער האָבען זיי שטענדיגע ארבייט; מען רעכענט זיי ניט אראָב פאר די רעגען־טעג און ניט פאר פיבער. זיי בעקומען געוועהנליך קעסט און דירה ביים בעל־הבית און דערצו נאָך 10—20 פראנק א מאָנאט. אויב ווער פון זיי האָט ארבייט דאָס גאנצע יאהר, קאן ער נאָך וואס עס איז אבשפּארען.

בעזונדערס שווער איז די ארבייט פון די שומרים. פון פרי־הען אוועגד ביז דער עולם געהט ארויס צו דער ארבייט אין דער פריה; אין די ווארימע שעהנע זומער נעכט ווי אין די לאנגע, קאל־טע ווינטער־נעכט; אונטער'ן גוס רעגען, בעגלייט מיט'ן הוילען פון די שאקאלען, שפּרייזען זיי ארום אָדער רייטען ארום אין דער פינסטערער שטילקייט פון דער נאכט. נאָכדעם פערוואנדלען זיי דעם טאָג אין נאכט. זיי קאָנען כמעט קיין אנטייל ניט נעהמען אין דעם ארומיגען לעבען, דערהויפּט ווינטער, ווען די טעג זענען קורץ. שוין ניט איינער פון זיי איז געשלאָגען געוואָרען אָדער אפילו דער־הרג'עט געוואָרען; נאָר זיי שטעהען אלץ פעסט אויף דער וואך. זיי־ער געהאלט איז 50—55 פראנק א מאָנאט; די רייטער בעקומען מעהר. פון דעם דארף אבער יעדער שומר אבגעבען 5 פראנק יעדען מאנאט אין דער קאסע פון דער שומרים־ארגאניזאציע אלס פ ע ר־ז י כ ע ר ו נ ג ס ־ פ ר ע מ י ע.

דער גייסטיגער צושטאַנד פון די ארבייטער אין פּאַלעסטינע איז אויך ניט אין אלע ערטער גלייך. אין גליל איז ער אביסעל העכ־ער, איידער אין יהודה; אויף די פּערמעס העכער, איידער אין די קאָלאָניעס. אויף די נאַציאָנאַלע פערמעס, וואו די ארבייטס־צייט איז קירצער, האָט דער ארבייטער א ביסעל צייט צום לעזען. אין א פּאָר פערמעס זענען פאַרהאַן קליינע ביבליאָטעקען, אין איינינע שרייבט מען אויס די אָדער יענע זשורנאַלען און אפילו צייטונגען. ווייל די ארבייטער לעבען דאָ אין גרעסערע גרופּען נאָהענט איינע צו די אַנדערע, איז אביסעל פרעהליכער. אין איינינע פערמעס — אין כנרת, אין מגדל — זענען אויך פאַרהאַן ארבייטאָרינס, און דאָס בעשעהנט דאָרט אַ ביסעל דאָס אָרימע לעבען. ווען עס איז, חאָטש אפילו זעלטען, מאכט מען דאָרט א לוסט־אָווענד מיט טענץ און מיט איינענער מוזיק. דא זענען ניטאָ קיין קאָלאָניסטען, וואָס זאָ־לען בילדען די געזעלשאַפטליכע מיינונג, און דער ארבייטער פיהרט זיך, ווי ער געפינט פאר גוט און נויטיג. דער ארבייטער פיהלט זיך דא אויך פעסטער, ווייל ער איז מעהר אָדער ווענינער זיכער, אז מען וועט איהם מארגען אהן קיין סבה ניט אבזאגען פון דער ארבייט,

אָדער פּערבייטען איהם מיט אַנ'אַראַבער. דאָ בעקומט מען ווירק־ליך אַמאָל די אילוזיע, אַז מען איז פריִיע מענשען. דערהויפּט איז העכער די שטימונג אין גליל. דאָ זענען די בעסטע און אידעאַליס־טישע אַרבייטער פון פּאַלעסטינע. ביי פיעלע פון זיי לעבט נאָך די האָפענונג צו ווערען ערגעץ מיטגלידער פון אַ קאָאָפּעראַטיווער גרו־פּע, אָדער זיך אַליין ערגעץ קאָלאָניזירען.

דער גייסטיגער צושטאַנד פון דעם אַרבייטער אין די קאָלאָניעס שטעהט פיעל נידעריגער. נאָך אַ גאַנצען טאָג אַרבייט איז ער פּער־מאַטערט און קאָן זעלטען ווען עס איז לעזען. קיין אינטעליגענטנע קרעפטען, וואָס זאָל זיך אינטערעסירען מיט דעם אַרבייטער זענען אין די קאָלאָניעס ניטאָ. אויסגעבען געלד אויף ביכער און זשורנאַ־לען קען דער אַרבייטער ניט. קיינע חברות אָדער קרייזלעך זיינען צווישען די אַרבייטער ניטאָ. די צוויי אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס אין פּאַלעסטינע — די „פּועלי־ציון“ און דער „הפּועל הצעיר“ — האָבען יעדע נור ביז 200 חברים און דאָס שוין צוזאַמען מיט פּערמערשע און שטאָדטישע אַרבייטער, מיט די מיטגליעדער פון די קאָאָפּעראַטיווע גרופּען און מיט פיעלע לעהרער פון די שולען.

און דאָס גאַנצע „פּאַרטיי־לעבען“ דריקט זיך אויס אין בעקומען דעם פּאַרטיי־אָרגאַן איין מאָל אין וואָך („האחדות“) אָדער אין צוויי וואָכען („הפּועל הצעיר“). קיינע פערוויילונגען זיינען ביי די אַר־בייטער ניטאָ. איצט האָט זיך אין פּתח־תקוה געעפענט אַן אַרביי־טער קלוב; אפשר וועט דאָרט אַ דאַנק דעם, צווישען די אַרביי־טער אביסעל אינטערעסאַנטער ווערען.

אין זייער רעליגיעזער אויפפיהרונג זענען די אַרבייטער אין די קאָלאָניעס טיילווייז אָבהענגיג פון דער בעל־הבית'שער קאָלאָ־ניסטישער מיינונג, ביי דער אַרבייט פיהלען זיי זיך שוואַך און אָב־הענגיג, ווייל פּאָדערן בעסערע בעדינגונגען פון אַרבייט קאָנען זיי ניט — דער קאָלאָניסט האַלט, אַז ער טוט אַ חסד מיט דעם יודישען אַרבייטער דערמיט שוין, וואָס ער גיט איהם בכלל אַרבייט, און דער אַראַבער איז שטענדיג גרייט צו פּערנעהמען דאָס אָרט פון דעם יודען. יעדען קלענסטען אַרויסטריט פון די אַרבייטער בעגעגענט דער קאָלאָניסט מיט דער שטאַרקסטע שנאה. די שטימונג פון דעם קאָלאָניסטישען עולם צום פּשוט'ען אַרבייטער איז בכלל אַ פיינד־ליכע און — אין בעסטען פאַל — אַ פּעראַכטונגס־פולע, דערהויפּט איז די שטימונג אַ פיינדליכע מצד יענע קאָלאָניסטען, וועלכע האָ־בען אין זייער צייט קירצער אָדער לענגער גענאָסען פון דעם באַ־ראָנס תמיכה.

עס איז וויכטיג צו בעמערקען דאָ נאָך וועגען איין ערשיינונג אינ'ם גייסטיגען לעבען פון דעם אַרבייטער. אַזוי ווי די אַרבייטס־בעדינגונגען צווינגען צו פּערקלענערען די בעדערפעניִשען, האָט זיך ביסלעכווייז ביי די מעהר איבערגעגעבענע ציוניסטיש געשטימטע

ארבייטער און אפילו ביי דער ארבייטער־אינטעליגענץ אויסגעאר־בייט די אידעאליזירונג פון דער בעדרפעניישען־פערקירצונג. „מען דארף זיין וואס נעהענטער צו די אראבער, כדי מען זאל מיט זיי לייכטער קאנען קאנקורירען" — דאס איז דער לאזונג. און די דא־זיגע שטרעבונג צו זיין עהנליך צו די אראבער אין דער הינזיכט פון מאטעריעלע בעדערפענישען האט געפיהרט אויך ווייטער אויפ'ן וועג פון א ר א ב י ז י ר ו נ ג. פיעלע ארבייטער און בעזונדערס די שומרים קליידען זיך אומישנע ווי די אראבער, ריידען מייסטענס אראביש, האבען איבערגענומען ביי די אראבער זייערע ליעדער, זייערע גראבע ווערטער און זידלערייען, האבען זיך אויסגעלערענט זייערעווילדע טענץ און די קונסט צו פעכטעווען, און בכלל איבער־גענומען ביי די אראבער פיעלע זייערע מנהגים. די אראבי־זירונג אלס אידעאל איז מעהר פערשפרייט אין גליל און מייסטענס צווישען די, וואס וואלטען ניט וועלען פערלאזען דאס לאנד.

ביי די אלע בעדינגונגען איז גאר ניט קיין וואונדער, וואס דער אידישער ארבייטער האלט זיך ניט לאנג אין פאלעסטינע. פון די וואס זענען געקומען מיט 6־7 יאהר צוריק זענען איצט געבליבען נור געצעהלטע. „הונדערטער יונגע לייט האבען מיט עגמת נפש פערלאזען דאס לאנד, אייניגע זענען משוגע געווארען אדער זיך אליין דאס לעבען גענומען, און איצט פאהרען אויך מיט יעדען שיף אב מעהר ארבייטער פון פאלעסטינע, איידער עס זענען מיט'ן זעל־בען שיף אנגעקומען, צעהנדליגער יונגע לייט פערלאזען דאס לאנד, און עס קומען שוין נייע נור יחידי סגולה". און נאך א גרעסערער צאהל וואלט אוועקגעפאהרען פון דארט, ווען זיי וואלטען געהאט מיט וואס.

דער יודישער ארבייטער אין פאלעסטינע איז דערום נור א ציטווייליגער, און נור א דאנק דער דאזיגער לאגע פון דעם יודישען ארבייטער אין פאלעסטינע קאנען אויפקומען אזוינע פראיעקטען, ווי פונ'ם ה. אוסישקין: די אידישע יונגע לייט זאלען נור אויף א צייט — אויף דריי יאהר — פאהרען קיין ארץ ישראל, זיי, די יודישער ארבייטער, וועלען דארט דארפען ארבייטען, הארעווען ניט פאר זיך, נאר כדי צו שאפען א נחלה אין פאלעסטינע דעם אדער יענעם יודישען בעל־הבית, וועלכער וועט פערבייטען דעם יודישען ארבייטער מיט אראבישע, ווי נור דער ערשטער וועט וואגען עטוואס צו פאדערן... פאר די יודישע ארבייטער אדער „יונגע לייט" רעדען אזוינע פראיעקטען אליין פאר זיך.

9.

מיר געהען איצט איבער צו דער לעצטער פראגע — וועגען די תימנ'ער. מיר האבען שוין געזעהען, אז אפילו אין די ערטער, וואו מען ארבייט פרינציפיעל מיט יודישע ארבייטער, למשל, אין די פער־מעס, איז פארהאן א טענדענץ צו פערבייטען די טייערע יודישע

אשכנז'ישע הענד מיט וועלוועלערע ספרד'ישע און תימנ'ישע. שוין איצט זענען פאַרהאַן אין איינציגע קאָלאָניעס גרויסע גרופּען תימנ'ער, און גאָר די לעצטע צייט איז אָנגעקומען א נייע פּאַרטיע זייערע, גע־רופען פון די ציוניסטישע טוער. קולטורעל שטעהען די תימנ'ער אויף אזוי פיעל נידעריגער פון אונזערע אשכנז'ישע יודען, אז עס איז זיי גאָרניט צו פערגלייכען. אין זייערע בעדערפעניששען שטעהען זיי אויף דערזעלבער שטופע, וואָס די אראבער. בכלל זענען דאָס אראבער, נאָר אביסעל מעהר אינטעליגענטע און — פון יודישען גלויבען.

און דער דאָזיגער עלעמענט וועט אפשר ווירקליך קאָנען קאָנ־קורירען מיט'ן אראבער. איהם וועט געגוג זיין דער לוין, וואָס דער אראבער בעקומט; און דער קאָלאָניסט בעגעהט זיך מיט איהם ניט בעסער און עקספּלואַטירט איהם ניט ווענינער, איידער דעם אראַבער. פאר דער שלעכטער ווירקונג פון די תימנ'ער אויף זיינע קינדער אין רעליגיעזער הינזיכט האָט דער קאָלאָניסט ניט וואָס מורא צו האָבען: דער תימנ'ער איז פרימער פאר'ן פרימסטען קאָלאָניסט. שעמען זיך פאר'ן תימנ'ער איז דעם קאָלאָניסט אויך ניטא וואָס; ער איז דען זיין גלייכען? און נוצען קאָן דער קאָלאָניסט האָבען ניט נור פון די דערוואַקסענע תימנ'ער: די קליינע תימנ'קעס זענען ניאַנקעס ביי די קינדער פון די קאָלאָניסטען. די דערוואַקסענע תימנ'קעס מעלקען די בהמות, טוען פערשיעדענע שטוביגע ארבייט ביים קאָלאָניסט, דאָס אַלץ קאָסט דעם קאָלאָניסט א קלייניגקייט און ער בעפרידיגט נאָך דערביי די פּאָדערונג צו האַלטען יודישע ארבייטער. פיעלע גוטע ציוניסטען אפילו, ווי מיר האָבען שוין אָנגעוויזען, נעהמען איצט ניט קיין יודישע ארבייטער, ווייל זיי האָבען אריינגעלעגט אין זייערע נחלאות געלד, און געלד פאָדערט פראָצענטען, און די יודישע ארבייט גיט זיי פּראָצענטען זעהר ווענינ. אָבער דער געוויסען איז ביי זיי דאָך געווים ניט רוהיג, ווען עס וואָלטען אָבער געווען די תימנ'ער, וואָלטען די געהעריגע פּראָצענטען אפשר געווען און דאָס געוויסען וואָלט ניט בייסען.

און די תימנ'ער האָבען נאָך פיעל „מעלות" פאר דער פּאַלעס־טינער קאָלאָניזאַציע: זיי טראָגען ניט אריין קיין דיסאָנאַנס מיט קיין העברעער קולטור ניט אין אראבישען קרייז, ניט אין די פרומע יו־דישע קרייזען, וועלכע בילדען אוים מעהר ווי 95% פון דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג אין פּאַלעסטינע. זיי ריידען אויף אנ'אראַ־בישען זשארגאָן און וועלען זיך דערפאר גיכער קאָנען צופּאַסען צו דער ארומיגער בעפעלקערונג. צווישען זיי וועט אויך לייכטער זיין צו פערשפּרייטען די העברעאישע שפּראַך, אלענפאלס געווים גיכער איידער צווישען די אשכנז'ישע יודען, וועלכע האָבען צומאָל אנ'־אנדער מיינונג וועגען דעם. זיי זענען אלע אָטאָמאַנישע בירגער און מען וועט זייערע שטימען קאָנען אויסנוצען צו פּאָליטישע צוועקען, וואָס עס מוז ביי די ציוניסטען געווים שפּיעלען א וויכטיגע ראָלע. און די תימנ'ער, וועלכע קומען אין פּאַלעסטינע, פאָהרען שוין פון

דארט ניט אזוי, ווי די אשכנזישע ארבייטער, און פערגרעסערען אויף אזא אופן מיט זיך די יודישע בעפעלקערונג אין פאלעסטינע.

און ווען איך טראכט זיך אריין אין דער ארבייטס־פראגע אין פאלעסטינע שיינט מיר צו זיין ריכטיג דער פאלגענדער געדאנק. אויף וויפיעל פאר דעם יודישען ארבייטער איז אין פאלעסטינע קיין ארט ניט פארהאן, אויף אזוי פיעל איז, פערקעהרט פאלעסטינע אנגעמאסטען פאר די תימנ׳ער און די תימנ׳ער פאר פאלעסטינע. און די ציוניסטען וואלטען זעהר פראקטיש געווען, ווען זיי וואלטען געלאזען צו רוה דעם יודישען ארבייטער און גענומען זיך ערנסט פאר אגיטאציע צווישען די תימנ׳ער. דארט וואלטען זיי געוויס געהאט ניט אין אנ׳ערך א גרעסערען ערפאלג.

וועגען די ארבייטער אין די קאאפעראטיווע גרופען אין פאלגענדען ארטיקעל. איצט נאך א פאר ווערטער וועגען די שטאדטישע יודישע ארבייטער. אין ירושלים איז פארהאן זייערע א צעהנדליג, אין חיפה א פאר צעהנדליג און אין יפו 50־60. אין חיפה איז פארהאן א פאבריקעל פון זייף און א מעכאנישער קליינער זאוואדעל. אין יפו זענען פארהאן פערשיעדענע בעלי־מלאכות: שניידער, שוסטער, און א היפשע גרופע זעצער, אויך ביי א צעהנדליג ארבייטארינס. די שטאדטישע ארבייטער דאס זענען יודישע ארבייטער פון רוסלאנד, וועלכע זענען נאך גאר ניט לאנג אנגעקומען אהין. פארהאן צווישען זיי גאנץ ענטוויקעלטע, געוועזענע רעוואלוציאנערען. זיי האבען אין יפו און אין חיפה געגרינדעט פאר זיך ארבייטער־קלובען מיט ביבליאטעקען. און די דאזיגע ביבליאטעקען זענען די איינציגע, וואו מען שרייבט אויס יודישע ביכער אויך. כמעט דאס גאנצע לעבען אויסער דער ארבייט פערברייגגען די ארבייטער אין קלוב, ווייל קיינע אנדערע פערוויילונגס־ערטער זענען דארט ניט פארהאן, און עס איז דערפאר אין קלוב גאנץ פרעהליך. די ארבייטער האבען געגרינדעט אנ׳אייגענע קיך, וואו דאס עסען קאסט ניט זעהר טייער. בכלל אבער לעבט דער ארבייטער אין שטאדט זעהר ארים, ווייל זיין פערדיענסט איז ניט גרויס און די הוצאות פון לעבען אין שטאדט זענען פערקעהרט גרויס; אלין: דירה, קליידונג און עסענווארג קאסט זעהט טייער. קיין ארט פאר א בעדייטענדער צאהל נייע ארבייטער איז דארט נישטא, ווייל קיינע פאבריקען אדער גרויסע האנדווערקערייען זענען ניטא, און די ארבייטס־פלעצער וועלכע זענען פארהאן, זענען פערנומען. פערגרעסערען זיך בעדייטענד קאן די צאהל פון די שטאדטישע יודישע ארבייטער אין פאלעסטינע אויך להבא ניט, ווייל עס פעהלט דארט יעדע אינדוסטריע.

דאס זענען די פערשיעדענע פאקטען וועגען דעם לעבען און די ארבייטס־בעדינגונגען פון די יודישע ארבייטער אין פאלעסטינע, און די אויסזיכטען אויף ארבייט, וואס מען קען דארט האבען,

## III.

# די לאַנדווירטשאַפטליכע קאָפּעראַציע אין פּאַלעסטינע.

---

אויב אין רוסלאַנד און אין אמעריקא זענען נאָך פאַרהאַן אַזוי־נע, וואָס איבער זייער אונוויסענהייט בנוגע צו דער לאַגע פון דער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע האַלטען זיי זי פאַר געזונד און פעסט, זענען אין פּאַלעסטינע גופא שוין אַלע געקומען צו דער איבערציי־גונג, אַז די גאַנצע ביז אַהעריגע קאָלאָניזאַציאָנס־אַרבייט האָט זיך דאָרט ניט איינגעגעבען, די יק״א איז די לעצטע צייט געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז פּאַלעסטינע איז בכלל ניט קיין לאַנד פאַר יודי־שער קאָלאָניזאַציע און זי סטאַרעט זיך ביסלעכווייז צו ליקווידירען אַזוי צו זאָגען איהרע געשעפטען דאָרט. וועגען נייער ווייטערדיגער קאָלאָניזאַציע דאָרט קלעהרט זי מעהר ניט. די ציוניסטען האָבען צו אַזאַ בעשלוס, פערשטעהט זיך, ניט געקאָנט קומען. ווייל דאָס וואָלט געהייסען — זיך אַליין אונטערשרייבען אַ טויט־אורטייל. זיי זוכען דערפאַר דאָרט נייע וועגען, נייע פאָרמען פון קאָלאָניזאַציע, און קאָלאָניזאַציאָנס מעטאָדען.

איינע פון די דאָזיגע נייע פאָרמען — איז די קאָאָפּעראַציע. צו דער לעצטער איז מען געקומען אין פּאַלעסטינע ניט דורכדעם, וואָס מען האָט פערשטאַנען, אַז דאָס איז אַ העכערער פאָרם פון ווירטשאַפט, וועלכער פעראייניגט די מעלות סיי פון דער קליינער אינדיווידועלער, סיי פון דער גרויסער קאַפּיטאַליסטישער ווירט־שאַפט און קאָן דערפאַר מאַכען די אַרבייט מעהר פּראָדוקטיוו. מען איז דאָרט געקומען צו איהר גאָר פון אַן׳אַנדער זייט.

ווי מיר האָבען געזעהען אין דעם פריהערדיגען אַרטיקעל, נעהמט מען אויף די נאַציאָנאַלע און אַנדערע פערמעס צו פּרינצי־פּיעל נור דעם יודישען אַרבייטער. אין יענע פערמעס, וואו מען בעשעפטיגט זיך מיט פּ ל אַ נ צ ע ן און וואו מען האָט דערווייל אין איין אַריינלעגען געלד, גאָרניט אַרויסנעהמענדיג, וועט ערשט די צוקונפט ווייזען, אויף וויפיעל דאָס געלד איז דאָרט פערטהון פּראָדוקטיוו און אויף וויפיעל די ווירק־ליכע קומענדיגע הכנסות וועלען ענטשפּרעכען די ערוואַרטענדע. און דערווייל איז דאָרט מעגליך צו לעבען אָהן אַ רעכענונג און פיהרען די אַרבייט אויף אַ געוועהנליכען שטייגער — דורך אַן׳אַדמיניסטראַ־טאָר און געדונגענע אַרבייטער. אין די פערמעס אָבער מיט אַ

פעלד־ווירטשאַפט, וואו דער חשבון איז א קלאָהרער יעדעס יאָהר, האָט אזא ארבייט־סיסטעם גלייך ארויסגעוויזען אונגעהויער גרויסע דעפיצי׳טען. די ציוניסטישע טהוער, איבערהויפּט דער ד״ר רופּין, האָט זיך דעריבער דערטראכט צו דעם, מען זאָל אָבגעבען געוויסע טיילען באָדען צו בעארבייטען גאַנצע גרופּעס אידישע ארבייטער אויף זייער אייגענער אחריות. דערמיט וועט מען, ערשטענס, פּטור ווערען פון דער גרויסער הוצאה אויפ׳ן אדמיניסטראַטאָר, און צווייטענס, וועלען די ארבייטער, וועלכע וועלען זיין פּעראינטערעסירט אין דעם רעזולטאַט פון זייער ארבייט, ארבייטען אינטענסיווער, און ער האָט אין יאָהר תר״ע אָבגעגעבען צו בעארבייטען דעם באָדען פון אם־דזשוני אַ גרופּע ארבייטער (די דגניה׳ער גרופּע). שפּעטער האָבען דעם ד״ר רופּין נאָכגעטהון אויך אַנדערע: די יק״א אין סעדזשערע; ה׳ גליקין אין מגדל. און אין יאָהר תרע״ב, ווען איך בין געווען אין פּאַלעסטינע, זענען דאָרט אַזוינע קאָאָפּעראַטיווע גרופּען געווען אין פאָלגענדע ערטער: 1) דגניה — 14 חברים, בעארבייט אין תרע״א ביז 1800 דונ. באָדען (איינגאַנצען איז אין דגניה פאַרהאַן 3077 דונ.); 2) אין חולדה — 7 חברים, 1200 דונ. באָדען; 3) אין לוד — 5 חברים, (בעארבייטען א גרינס־גאָרטען); 4) אין מגדל — 7 חברים, 1500 דונ. באָדען, און 5) אין סעדזשערע — 7 חברים, 1300 דונ. באָדען.

און נאָך איין וועג האָט אין פּאַלעסטינע געפיהרט צו דער קאָאָפּעראַציע. אין פּאַלעסטינע איז כמעט ניטאָ קיין פרייער באָדען, דאָס הייסט, אזוינער, וואָס זאָל טויגען פאַר פעלד־ארבייט און וואָס זאָל שוין איצט ניט זיין בעארבייט. דער באָדען געהערט אָדער די אַראַבישע דערפער, אָדער די אַראַבישע פּריצים (עפענדי׳ס). אין לעצטען פאַל נעהמען עס די אַראַבישע פּויערים (פאַלאַכען) אין אַרענדע, אָדער זיי ארבייטען עס פון חלק. און ווען די יודען קויפען אָב אַ שטיק ערד, קומט זיי אויס, אַראָבצוטרייבען פון דאָרט די אַראַבער. (אמת, מיט דער צייט נעהמען די אידען זיי צו צו זיך אויף דער ארבייט, אָבער פון אָנהויב בעזעצט מען דאָך אזוינע קאָלאָניסטען, וועלכע זאָגען־צו אַליין צו ארבייטען). די אַראַבער זענען זיך דערפאַר יעדעס מאָל נוקם אָן די אידען. און מען דאַרף זיין העלדען, אום דאָס ערשטע מאָל צו פערנעהמען דעם ניי־ערוואָרבענעם שטיק באָדען. געוועהנליכע קאָלאָניסטען זענען אויף דעם ניט פעהיג. און ווען מען האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק אָבגעקויפט פאַר די מעסחער קאָלאָניסטען אַ שטיק באָדען נעבען מעסחע, האָבען די קאָלאָניסטען אליין ניט געוואָגט ארויפצוגעהן אהין ארבייטען. צום סוף איז מען געפאַלען אויף אַן עצה: מען האָט איבערגעגעבען די ארבייט א גרופּע אידישע ארבייטער. יענע האָבען געשטעלט דאָס לעבען אין סכנה און האָבען, נאָך אַ געשלעג מיט די אַראַבער, „איינגענומען" דעם באָדען. און נאָכדעם ווי זיי, די אידעאַליסטען, האָבען דאָס אָבגעטהון, זענען שוין דאָס אַנדערע יאָהר די קאָלאָניסטען

אליין געגאנגען ארבייטען (און איצט בעארבייטען שוין די קאלאניס־טען דעם דאזיגען באדען מיט אראבישע הענד).

דאס זעלבע האט מען אויך געטהון, ווען מען האט געדארפט פערנעהמען דאס ערשטע ארט אין עמק־יזרעאל, וואס די אידען האבען אבגעקויפט — אפוליע אדער מרחביה.

אזא גרופע, וועלכע האט געדארפט איינגעהמען דורך איהר ארבייט א נייעס ארט און צוגרייטען איהם צו א אידישען ישוב, איז אין יאהר תרע"ב געווען נור איינע — אין מרחביה. זי איז בעשטאנען פון 18 חברים און האט בעארבייט א 4000 דונ. באדען. און אויסער דעם האט זיך אין דעם זעלבען יאהר תרע"ב געגרינדעט אין מרחביה א נייע אפענהיימערישע קאאפעראציע, וועלכע האט די אויפגאבע צו בעווייזען דעם יתרון פון דער קאאפעראטיווער ווירטשאפט־פארם איבער דער פריוואטער און איבערהויפט פון דער קאאפעראציע לויט אפענהיימער'ס שטה. זי איז בעשטאנען פון 34 חברים און בעארבייט ביז 3500 דונאם באדען.

די אלע קאאפעראטיווע גרופעס, אויסער אפענהיימער'ס קאא־פעראציע, זענען געגרינדעט געווען מיט קליינע וואריאציעס אויף פאלגענדע בעדינגונגען: 1) די גרופע ווערט צונויפגעשטעלט אויף א יאהר; 2) זי בעקומט פון דעם בעל־הבית (דעם נאציאנאל־פאנד, יק"א א. ד. ג.) אלץ, וואס עס איז נויטיג אויף צו בעארבייטען דעם באדען: לעבעדיגען און טויטען אינווענטאר, זריעה, עסען די פערד א. ד. גל.; 3) יעדער מיטגליד פון דער גרופע בעקומט 45־50 פר. א חודש; דער געהאלט פון אלע חברים אין איין און דער זעלבער גרופע איז גלייך. נאכ'ן אבדרעשען רעכענט מען אראב אלע הוצאות, דעריין אויך שכירות די ארבייטער און די אמארטיזאציע פון דעם אינווענטאר, און אויב עס בלייבט ריוח, טיילט מען איהם אויף דער העלפט צווישען דעם בעל־הבית און די ארבייטער. די ארבייטער אליין טראגען אין די ווירטשאפט אויסער זייער ארבייטס־קראפט, גארנישט אריין. און ווען צום סוף יאהר איז פארהאן א דעפיציט, פאלט ער אויפ'ן בעל־הבית אליין.

קיינע אדמיניסטראטארען זענען אין דער גרופע נישטא. מיט אלע ארבייטען פיהרען אן די ארבייטער אליין, אדער א קאמיסיע פון זיי, וועלכע זיי אליין קלייבען אויס.

די געמיינשאפטליכע ארבייט אין די גרופעס האט כמעט אומע־דום געפיהרט דערצו, אז די חברים פון די גרופעס זאלען איינארדנען אויך א געמיינשאפטליכע שטוביגע ווירטשאפט. ד. ה. זיי נעהמען צו אלס גלייכבערעכטיגטע חבר'טעס פון דער גרופע א פאר מיידלעך, וועלכע דארפען צוקלייבען אין שטוב, קאכען, ארומנעהען, וואשען גרעט א. ד. ג.

אויף א ביסעל אנדערע יסודות איז געגרינדעט די אפענהיימע־רישע קאאפעראציע. אויף צו גרינדען זי האבען די ציוניסטען גע־

שאַפען אַן'אַקציאָנערע געזעלשאַפט. די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער גאַנצער ווירטשאַפט איז אַרויפגעלייגט אויף אַן'אַדמיניסטראַ־טאָר, וועלכער האָט זיך נור צוגעקליבען אַ קאָמיסיע פון די מיטגלי־דער אַרבייטער, מיט וועלכע ער בעראָט זיך ביים אָנפיהרען ד' אַר־בייט. דער געהאַלט פאַר די מיטגליעדער איז דאָ ניט פאַר אַלעמ'ען גלייך, נאָר לויט דער ווערדע פון יעדערענס אַרבייט. אויב עס בלייבט סוף יאָהר ריוח, ווערט ער איינגעטיילט צווישען די מיט־גליעדער פון דער קאָאָפּעראַציע אלס איבער־לוין און צווישען די אַקציאָנערן אלס דיווידענד.

צי קאָן מען אויפ'ן גרונד פון די עקזיסטירענדע אין פּאַלעס־טינע קאָאָפּעראַטיווע גרופּעס אורטיילען וועגען די מעלות אָדער, פערקעהרט, הסרונית פון דער קאָאָפּעראַטיוועד ווירטשאַפט בכלל? דערהוייל נאָך זעהר ווענינ. ערשטענס, זענען די גרופּעס נאָך צו־יונג, מען זאָל שוין אויף זייער יסוד קאָנען מאַכען וועלכע ס'איז אויספיהרען. צווייטענס, פיהרען די אַלע גרופּעס ניט קיין פּיעל־זייטיגע וויסענשאַפטליך איינגעאָרדענטע ווירטשאַפט, נאָר אַ פּשוטע פעלד־ווירטשאַפט, וועלכע טיילט זיך אונטער פון אַלע אַנ־דערע קאָלאָניסטישע ווירטשאַפטען אפשר נור דערמיט, וואָס מען בענוצט דאָ בעסערע מאַשינעס. די ווירטשאַפט איז אין די גרופּעס איינזייטיג, וואָס ס'לאָזט ניט שטענדיג אויסנוצען אין אַ פולער מאָס די עקזיסטירענדע אַרבייטס־כחות פון דער גרופּע, און צייטענווייז קומט אויס צוצודינגען אַרבייטער, וואָס דעמאַראַליזירט אַביסעל די קאָאָפּעראַציע, אַריינפיהרענדיג אין איהר עקספּלוטאַציע. שליסענדיג אַ קאָנטראַקט נור אויף אַ יאָהר, קאָן די גרופּע ניט איינ־פיהרען קיין ריכטיגע פעלד־טיילונג מיט בעשטימטער, אפילו ביי דעם גרעסטען אידעאַליזם פון די אַרבייטער. אַזוי ווי די אַרבייטער פיהרען דאָ ניט קיין הויף־ווירטשאַפט, מוז זיי דאָס לעבען קאָסטען פּיעל טייערער און ד. גל. אַבלערנען פון זיי אַ גזרה־שוה אויף די קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאַפט בכלל, איז דערפאַר אונמעגליך.

אין פערגלייך אָבער מיט דער פּריוואַטער פּאַלעסטינער ווירט־שאַפט דאַרף מען דאָך די קאָאָפּעראַטיווע גרופּעס געבען די בכורה. אין תרע"א האָבען די גרופּען געבראַכט אָדער קליינע דעפיציטען (אין לוד) אָדער אַ קליינעם ריוח. דער ריוח איז געווען אין דגניה. די הוצאות זענען דאָרט געווען 15403 פראַנק און די הכנסות 16931 פר. (צוזאַמען מיט די 396 פר., וואָס די חברים האָבען פערדיענט אָן אַ זייט). איז אַלזאָ געווען ריוח 1528 פר. (און אָהן די זייטיגע 1132 פר.), וואָס עס מאַכט אויס אויף אַ חלק 764 פר. און ווען מען נעהמט אין אכט, אַז די דגניה'ער ווירטשאַפט האָט זיך אין תרע"א געשאַצט אין 161,580 פר., וועט דאָס אויסמאַכען ווענינער ווי אַ האַלב פּראָצענט אויף דעם אַריינגעלעגטען קאַפּיטאַל. פערגלייכט מען אָבער דעם דאָזיגען ריוח מיט דעם גרויסען דעפיציט פון 35 טויזענד פראַנק וואָס כנרת, למשל, וואו עס האָט געאַרבייט אנ'אַ־

מיניסטראַטאָר, האָט געבראַכט דאָס זעלבע יאָהר, דאַרף מען די דגניה'ער קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאַפט שטעלען פיעל העכער.

נאָר די פערדיענסט פון די קאָאָפּעראַטיווע גרופּען ליעגט אייגענטליך ניט אין דער פערקלענערונג פון דעם דעפיציט, נאָר אין זייער ווירקונג אויף דאָס גייסטיגע לעבען פון די אַרבייטער. די אַרבייטער אין די פּריוואַטע אידישע ווירטשאַפטען, ווי אין פּתח־תקוה און אין איינינע פערמעס, מאַכען אויף אייך דעם איינדרוק פון גייסטיגע קבצנים. דער עולם פוילט זיך דאָרט ביי דער אַרבייט און נודעט זיך אין די פרייע שעה'ן. און ווען איהר געהט אַריין אין דגניה, למשל, פערהט אייך דאָס האַרץ, קוקענדיג אויף די פלייסיגע, לעבעדיגע אַרבייט און עס נעהמט אייך אַרום אַ שטילער רוהיגער פערגעניגען. ווען איהר קומט אַריין אין אָוענד, נאָך דער אַרבייט, אין דעם אַלגעמיינעם עס־צימער, די חברים לעבען נאָך דערווייל אין „חושעם" — אַראַבישע הייזלעך, אין פערגלייך מיט וועלכע אַ רוסישע פּויערשע חאַטע איז אַ פּאַלאַץ, נאָר עס הערשט דאָרט ברידערליכקייט, פרייהייט און אמת'ע גלייכהייט. אין אַ פרייער שעה קלייבט זיך דער עולם צונויף און מען שמועסט אָדער מען לעזט. יעדער ווייס זיין אַרבייט און טהוט זי אָב געוויסענהאַפט און פּינקטליך לויט איהר נויטיגקייט. די אַרבייט פון יעדערען איז פריי, קיינער טרייבט איהם ניט אונטער, קיינער קאָנטראָלירט איהם ניט. נאָר יעדער פיהלט אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט, וואָס ליעגט אויף דער גאַנצער גרופּע, און דאָס מאַכט זיין אַרבייט מעהר פּראָדוקטיוו. ניטאָ קיין איינער, וואָס זאָל זיי דריקען מיט זיין אויטאָריטעט, און דאָס ענטוויקעלט די איניציאַטיוו פון יעדען איינעם און האַלט צווישען זיי אונטער די גלייכהייט. דאָרט, אין דער קאָאָפּעראַטיווער גרופּע, קאָן מען אָברוהען גייסטיג. מען פיהלט דאָרט אַ ברכה אויף אַלץ, ווייל עס הערשט דאָרט דער פריעדען און די רוהיגקייט.

אַביסעל ערגער איז די לאַגע נור אין דער אַפּענהיימישער קאָאָפּעראַציע. אמת, זי איז נאָך צו־יונג, מען זאָל וועגען איהר קאָנען אורטיילען, ווי וועגען עטוואָס פעסטעס, נאָר דאָך האָבען זיך דאָרט שוין דאָס ערשטע יאָהר אָנגעצייכענט די סמנים פון איהרע שוואַכע זייטען. דער אַדמיניסטראַטאָר מיט זיין אויטאָריטעט אונטערדריקט די איניציאַטיוו פון די מיטגלידער פון קאָאָפּעראַציע און טראָגט מיט זיך אַריין די אונגלייכהייט. די מיטגלידער פון קאָאָפּעראַציע האָבען אויף וועמען אַרויפצו־וואַרפען די פעראַנטוואָרטליכקייט, וואָס עס שאַדט פיעל דער פּראָדוקטיוויטעט פון זייער אַרבייט. די סיסטעם פון ניט גלייכע שכירות די חברים ניט זי טראָגט אַריין אַ וועט־גייסט, אַ שטרעבען זיך אויסצוצייכענען אין דער אַרבייט, ווי מען האָט גערעכענט, נאָר אַ פּשוט'ן געפיהל פון קנאה, וואָס עס צושטערט די אחדות אין דער קאָאָפּעראַציע. דערפאַר פיהלט

זיך דאָרטען אויך ניט די גאַנצקייט, רוהיגקייט און פעסטקייט, וואָס אין די איבעריגע גרופּעס.

די קאָאָפּעראַציע אין פּאַלעסטינע איז, אַלזאָ ארויסגערופען געוואָרען צום לעבען דורך די דאָרטיגע לעבענס־בעדינגונגען. נאָך גאָר א יונגע און אונערפאַהרענע — האָט זי שוין פערנומען א וויכ־טיגען אָרט אין דעם לעבען פונ'ם אידישען ארבייטער אין פּאַלעסטי־נע. די קאָאָפּעראַציאָנס־אידעאָלאָגיע איז דאָרט איצט די הערשענדע. אַלץ, וואָס ס'איז פאַרהאַן בעסערס צווישען דעם יודישען ארבייטער דאָרט, שטרעבט צו א קאָאָפּעראַטיווער גרופּע. פון זיך אליין, אונ־בעוואוסטזיניג, ענטוויקלען זיך דאָרט בעשטימטע פאָרמען פון אַזוי־נע קאָאָפּעראַטיווען, און דאָס אַלץ ווייזט, אז אין זיי ליעגט א גע־זונטער קערן.

צי האָבען אָבער די קאָאָפּעראַציעס א צוקונפט אין פּאַלעס־טינע ?

אויף דער פראַגע איז שווער צו ענטפערן. איך וואָלט געזאָגט: אויב אין פּאַלעסטינע איז נאָך מעגליך א וועלכע עס איז יודישע קאָלאָניזאַציע — איז דאָס א קאָאָפּעראַטיווע. די פּריוואַטע האָט זיך ביז איצט ניט איינגעגעבען און האָט כמעט קיינע האָפנונגען אויף שפּעטער.

נאָר ס'איז א ספק, צי וועט דאָרט אַ קאָאָפּעראַטיוועווירט־שאַפט אויך האָבען ערפאָלג, ווייל די פּאַלעסטינער בעדינגונגען — די שטענדיגע נאַטירליכע און געזעלשאַפטליכע פאַקטאָרען — זענען שוין צו ניט גינסטיג פאַר א יודישער קאָלאָניזאַציע.

# VI.

# דער קולטורעלער צושטאנד פון די יודען אין פאלעסטינע.*)

---

אין קיין לאנד איז ניטא אזא פערשיעדענפארביגע יודישע בעפעלקערונג, ווי אין פאלעסטינע. די יודען פון גאר דער וועלט האבען אהין געשיקט זייערע פארשטעהער: פון די ברעגען פון'ם טייך פרת, פון תימן, פון פערסיען און צענטראל אזיען; פון צפון אפריקע, פון ליטא און פוילען, פון גאליציען און רומעניען; פון די מעריב אייראפעאישע לענדער און אפילו פון אמעריקע זיינען אהין געקומען יודען. נאר די דאזיגע פערשיעדענארטיגע און פערשיעדענפארביגע יודישע בעפעלקערונג קאן מען לייכט איינטיילען אין דריי הויפטגרופען לויט דער שפראך, אויף וועלכער זיי רעדען: די אראבישע יודען, וועלכע רעדען אנ'אראבישען זשארגאן; די שפאניאלען, אדער ספרדים, וועלכע רעדען א שפאנישען זשארגאן — שפאניאליש, און די אשכנזים, וועלכע רעדען א דייטשען זשארגאן — יודיש.

## 1.

## די אראבישע יודען.

דאס איז ניט קיין איינהייטליכע גרופע, איין טייל פון איהר איז געקומען זעהר לאנג פון בבל און פון דמשק און האט זיך בע־זעצט אין צפון פון פאלעסטינע אין די גליל'דיגע שטעדט צפת און טבריא. אין גאנצען זענען זיי דארט פארהאן א 9—10 טויזענד.

---

*) ווען איך בין אין יאהר תרע"ב געווען אין פאלעסטינע, האב איך זיך צוגעקוקט צו די פערשיעדענע זייטען פון לעבען פון דער פער־שיעדענארטיגער דארטיגער יודישער בעפעלקערונג. איך בין געקומען אין בעריהרונג מיט אלע שיכטען, האב זיי געזעהען אין זייערע פריוי־דען און פערקעהרט — ליידען; בין אויך געווען אין אלע (מיט אויס־נאהם אפשר פון א פאר) יודישע שולען און קינדער־גערטנער — סיי אין די שטעדט, סיי אין די קאלאניעס; בין בייגעווען אין די קלא־סען כמעט פון אלע לעהרער, האב בעזוכט כמעט אלע קולטורעלע אינס־טיטוציעס, וועלכע זענען דארט פארהאן. און דא לעג איך פאר דעם לעזער קורצע נאטיצען וועגען דעם.

די הזיגע יודען זענען לויט זייער גאנצען ארט לעבען און אויפפיהרונג מעהר ענליך צו ד י ה א ל ב ו ו י ל ד ע א ר א ב ע ר, צווישען וועלכע זיי וואוינען שוין זעהר לאנג, איידער צו אונזערע אייראפעאיש־אמעריקאנישע יודען.

זיי קליידען זיך, ווי די אראבער, אין א לאנגער העמד און א לאנגער אבייע (א גראבער לאנגער מאנטעל אהן ארבעל); טראגען אויף די פיס ברייטע אראבישע פאנטאפעל מיט ארויפגעבויגטע נעז, אדער געהען אום בארוועס, און אויפ׳ן קאפ האבען זיי א קנופ אדער א פעסקע. די פרויען זייערע טראגען לאנגע ברייטע קליידלעך און בעדעקען זיך דעם פנים מיט א שלייער, ווען זיי געהען ארויס אין גאס, אזוי ווי עס טוען דאס די אראבערינס.

זייערע וואוינונגען דאס זענען איינגע, אונגעהויער שמוציגע איינציגע צימערלעך, געוועהנליך מיט איין קליינעם פענסטערל. קיין מעבעל איז אין די וואוינונגען ניט פארהאן, אויסער ארום די וועגד א פאר לאנגע בענק, אויף וועלכע עס ליגען צונויפגעוויקעלט גאנצע פעק מיט אלטע שמוציגע קאלדרעס — זייערע בעטגעוואנד.

זייערע בעדערפענישען זיינען אויך אזוי בעגרענצט, ווי ביי די אראבער. זיי עסען דעמזעלבען ברויט — די פתות (זיי פערמישען מעהל מיט וואסער, פאטשען באלד אויס פונ׳ם טייג קיכלעך און לעגען זיי אוועק אויף א ווייליע אויף אנ׳אנגעברענט בלעך אדער קלעפען זיי צו צו די וועגט פון אנ׳אונטערערדישער גרוב־אויוועלע). דער הזיגער ברויט איז קיינמאל ניט אויסגעבאקען און אונזערן א יודען איז אונמעגליך צו נעהמען איהם אין מויל. און צו די פתות א ביסעל גרינס און פרוכט — עטליכע ציבעלעס, קנאבעל, טאמאטען, טייטלען, פייגען אדער א ענגעל ווייגטרויבען — דאס איז אלץ, מיט וואס עס ערנעהרט זיך דער אראבישער יוד.

מייסטענס בעשעפטיגען זיי זיך מיט האנדעל: זיי האבען קרעמלעך פון גרינס און פרוכט, ווען עס איז פון גראבען אראבישען שטאף. אין צפת זענען אבער פון זיי אויך פארהאן בעלי־מלאכות, איבערהויפט שוסטער, און א געוויסער טייל פון זיי בעשעפטיגט זיך מיט פונאנדערפיהרען אויף אייזעלעך פערשיעדענע סחורות איבער די ארומיגע דערפער. דער דורכשניטליכער אראבישער יוד איז אבער זעהר פויל. ווי די אראבער, קלייבען זיי זיך צונויף ערגעץ ביי א קראם, צוזעצען זיך אויף דער ערד און קאנען אזוי אבזיצען א גאנצען טאג, רויכערנדיג א נארגילע. און זיי אלע — כמעט אהן אויסנאהם — זענען זעהר ארים. און זייערע חכמ׳ען — אויף יודיש רבנים — וועמען די קהילות פון די אראבישע יודען קאנען ניט אויסהאלטען, בעקומען זייער ארימען געהאלט — צוגלייך מיט די חכמ׳ען פון די ספרד׳ישע יודען פון די געלדער, וועלכע ווערען צונויפגעקליבען אויף דעם צוועק צווישען די ספרדים אויף דער גאנצער וועלט און אויך צווישען די בוכארער יודען און די יודען פון אינדיען.

זייערע ווייבער בעקומען די אַראַבישע יודען דורך קויפען. די רייכערע פון זיי קויפען זיך מאנכעסמאָל צו צוויי און מעהר ווייבער. די קינדער זייערע האָבען ביז דער לעצטער צייט ניט בעקומען קיין שום ערציהונג און זיי פלעגען אויסוואקסען ווילדע און אונוויסענדע. זיי יאָגען זיך נאָך גאַנצע צעהנדליגערווייז מיט זייערע קעסטלעך צו פוצען שיך נאָך יעדען אייראָפּעער, וואָס האָט געהאט דאָס גליק — צו דאָס אומגליק — צו בעווייזען זיך אויפ'ן גאס און באטען איהם אָן זייער ארבייט; אָדער זיי רייסען פאר די פּאָלעס און בעטען „באקשיש", ד. ה. נדבות, אָדער — וואָס עס טרעפט ניט זעלטען — זיי פערקלייבען זיך אין אַ פרעמדע קעשענע. ווען זיי וואקסען אונטער, געהען מאנכע פון זיי אוועק צו בעלי־מלאכות און נאָך אַ פּאָר יאָהר ארבייט הויבען זיי אָן צו בעקומען צו 3—4 פראנק אַ וואָך. און זייער פרייע צייט פערברינגען זיי ערגעץ אין אַן'אַראַבישען טיי־הויז, שפּיעלענדיג אין ביינדלעך. די לעצטע צייט גיבען מאנכע פון די אראבישע יודען אָפּ זייערע קינדער אין די אליאַנס־שולען אין צפת און טבריא, ווייל די אליאַנס זאָגט זיי צו צו אבשיקען די בעסערע קינדער אין פּאריז. נאָר די צאָהל פון די אראביש־יודישע קינדער אין די שולעס איז נאָך איצט אויך זעהר קליין.

שרייבען קאָן כמעט קיינער פון די אראבישע יודען און לעזען נור זעהר ווענינע. אפילו זייערע חכמ'ען קאָנען אויך נור קוים דאַוונען, און שרייבען קאָנען אפילו פיעלע פון די חכמ'ען ניט. ווען איך בין געפאָהרען צוריק פון פּאַלעסטינע, האָט מיך איינער אַ חכם זייערער אויפ'ן שיף געבעטען אָנשרייבען אַ בריוועלע צו זיין ווייב אין טבריא; ער אליין האָט ניט געקאָנט שרייבען.

פון דער יודישער רעליגיע איז ביי די אראבישע יודען געבליבען נור אַ געוויסע צאָהל מנהגים און אָבערגלויבענס, וועלכע האָבען מיט רעליגיע גאַנץ ווענינ צו טון. צו זייערע חכמ'ען ווענדען זיי זיך נור ביי אַ רעליגיעזער נויטווענדיגקייט ווי ביי אַ גט למשל. די שוהל שפּיעלט אין זייער לעבען זעהר אַ קליינע ראָל. אויסער עטליכע רעליגיעזע צערעמאָניעס און מנהגים און זייער אבשטאַמונג איז קיין אלגעמיינעס צווישען זיי און די אייראָפּעאישע אידען ניט פאַרהאַן.

אינגאַנצען עהנליך צו די צפון'דיגע אראבישע יודען זענען די מ ו ה ר ע ב ע ר, די יודען, וואָס זענען געקומען פון צפון־אפריקע, וואו זיי האָבען געוואוינט צווישען פערשיעדענע האלב ווילדע אראבישע שבטים. אין אַ צאָהל פון אַ פּאָר טויזענט וואוינען זיי אין ירושלים. זיי האָבען אַ בעזונדער קהילה, נאָר זיי זענען דאָך צוגויפגעבונדען מיט די ספרדים.

אַ ביסעל פּאָרטגעשריטענער זענען די ת י מ נ ' ע ר, וועלכע זענען געקומען פון דרום אראביען. ביי זיי אין דער היים, אין תימן, האָבען זיי שטארק געליטען פון די אראבישע רדיפות. דאָס

האָט ביי זיי זעהר פערשטאַרקט דעם גלויבען אין משיח. לויט זיי־ערע רעכענונגען האָט משיח געדאַרפט די לעצטע יאָהרען קומען. דאָס האָט ביי זיי אַרויסגערופען אַ בעוועגונג צו פאָהרען קיין ארץ־ישראל און ניט וואַרטען, ביז משיח וועט זיי פאָדערן פון דאָרטען. גאַנצע אָפּט פערקויפען זיי פאַר אַ קלייניגקייט זייערע בעבעכעס, אָדער זיי לאָזען זיי גאַר איבער אויף הפקר און לאָזען זיך אַוועק גאַנצע מחנותווייז צו פוס, ביז זיי קומען צום ברעג ים. און פון דאָרטען קומען זיי אָפט אָן אויף אַ שמוציגער קויהלען־באַרזשע קיין פּאַלעסטינע, האַלב הונגעריגע, האַלב קראַנקע.

צוערשט פלעגען זיי זיך בעזעצען נור אין ירושלים. די לעצטע יאָהרען אָבער האָט זיך אַ טייל פון זיי איינגעאָרדענט אין די קאָ־לאָניעס; בעזונדערס אין רחובות, וואָס עס איז פאַרהאַן ביז 300 תימנ׳ישע נפשות. איננאַנצען זענען פאַרהאַן אין לאַנד תימנ׳ער אַ דריי טויזענט. אין ירושלים בעשעפטיגען זיי זיך מיט די שווערס־טע ארבייטען, ווי שטיין־האַקעריי, טרעגעריי א. ד. ג. אַ געוויסע צאָהל פון זיי האָט אויך געאַרבייט אין „בצלאל“, וואו זיי האָבען זיך איבערהויפּט פערנומען מיט פיליגראַן־אַרבייט. אין די קאָלאָניעס בעשעפטיגען זיי זיך מיט ערד־אַרבייט, ד. ה. זיי דיענען אַלס אַר־בייטער ביי די קאָלאָניסטען. זיי זענען אמת׳ע קנעכט פון די קאָ־לאָניסטען. איז זייער היים, אין דרום אַראַביען זענען זיי, ווי גע־זאָגט, געווען שרעקליך אונטערדריקט, זיי האָבען דאָרט קיין רעכט ניט געהאַט ממש דעם קאָפּ אויפצוהויבען. זיי זענען דערפאַר זעהר דערשלאָגען, האָבען די פּסיכאָלאָגיע פון אַ נכנע און וואַגען אויך איצט אין פּאַלעסטינע ניט צו פּראָטעסטירען געגען דער שלעכ־טער בעהאַנדלונג מצד די קאָלאָניסטען. און די לעצטע בענוצען זיך דערמיט און עקספּלואַטירען די תימנ׳ער שרעקליך, זיי טרעטי־רען זיי ביי יעדער געלעגענהייט און בעהאַנדלען זיי פּשוט ניט מענשליך, די תימנ׳ער טוען אין די קאָלאָניעס די פערשיעדענסטע, מייסטענס די שווערסטע אַרבייטען, און די תימנ׳קעס זענען דיענסטען: קלייבען צו אין הויז ביים קאָלאָניסט, מעלקען זיינע קיה, ניאַנטשען זיינע קינדער א. ד. ג. און ניט קוקענדיג אויף זייער שווערער אַרבייט בעקומען די תימנ׳ער אַזוי ווענינ, אַז זיי האָבען ניט מיט וואָס צו בעפריעדיגען זייערע זעהר בעגרענצטע בעדערפּע־נישען.

סיי אין די שטעדט, סיי אין די קאָלאָניעס בעגעגענט איהר נאָך אָפּט תימנ׳ער אַלטע און יונגע, וועלכע געהען אַרום קלייבען נדבות. זיי ערקלערען זייער בעטלען מיט פאָלגענדער לעגענדע. עזרא הסופר האָט זיי גערופען צוזאַמען מיט אַנדערע אידען אומצוקעהרען זיך אין ארץ־ישראל, נאָר זיי האָבען דאַמאָלסט ניט געוואָלט. דערפאַר האָט זיי עזרא פערשאָלטען. זיי זאָלען אייביג זיין אָרימעלייט און לעבען פון נדבות. און כדי צו מקיים זיין די דאָזיגע קללה — זאָגען זיי — געהען זיי אום בעטלען. ס׳פערשטעהט זיך, אַז פיעלע פון

זיי נוצען אויס די דאָזיגע „מצוה“, ווייל זי איז גאַנץ בעקוועם פאַר א פּוילענצער.

דעם תימנ׳ער קאָנט איהר זעהר לייכט דערקענען אַן זיין אָב־געמאָגערטען פּערברענטען פּנים, אַן זיין שפּיציגער שוואַרצער בער־דעל און די געדרעהטע פאות׳ן. ער געהט אנגעטהון אין שמאַטעס, און נור אין די קאָלאָניעס טרעפט אמאָל, אַז דער אָדער יענער קאָ־לאָניסט איז זיך מרחם און שענקט איהם אוועק אַנ׳אַלטען רעקעל אָדער א פּאָר האַלב צוריסענע שיך. די שוואַרצע אָדער רויטע פּעס־קע, וועלכע ער טראָגט אויפ׳ן קאָפּ בייט ער ניט אום אויף א נייער, ביז זי צוקריכט ניט אינגאַנצען. זי איז אזוי פערשמאָלצען, אַז עס איז אָפּט ניט מעגליך צו דערגעהן איהר קאָליר. ווער ווייס, אפשר האָט ניט איין תימנ׳ער זיין גאַנץ לעבען אבגעלעבט אין איין פּעסקע. און די תימנ׳קעס טראָגען קורצע — ביז איבער די קנעכעל — ברייטע קאָלירטע קליידלעך, פון וועלכע עס שטאַרצען ארויס א פּאָר לאַנגע בלויע אָדער ראָזע ציטענע הויזען. זיי האָבען זיך זעהר ליעב צו צירען; זיי טראָגען צו עטליכע פינגערלעך אויף די פינגער, צו עטליכע בראַסלעטען אויף די הענד, האַלזבאַנדען אויפ׳ן האַלז און פיעלע מטבעות און בלעכלעך אויף דער ברוסט. דאָס אַלץ איז פון קופּער, ווען עס איז פון זילבער. רייכערעס קאָנען זיך די תימנ׳קעס ניט ערלויבען. נאָר ניט קוקענדיג אויף זייער גאַנצען צירען זיך, זע־נען זיי זעהר מיאוס. דאָס זענען די מיאוס׳טע בעשעפּענישען צווי־שען פרויען, וועלכע עס איז מיר וואו עס איז אויסגעקומען צו בע־געגענען.

ווי די אראבישע יודען, וואוינט אויך דער תימנ׳ער מיט זיין גאַנ־צער פאַמיליע אין איין צימער. אפילו ווען ער בויט זיך אליין א היי־זעל, פערמאָגט עס אויך ניט מעהר, ווי איין חדר. די גאַנצע פאַמיליע שלאָפט אויף דער ערד, אויף שמוציגע קאָלדרעס. דער תימנ׳ער קומט אויך אויס מיט פתות און א ביסעל פּרוכט. נאָר אויף שבת, טרעפט, קויפט ער פאַר זיך א היהנדעל (קוילעט אליין, ווייל ער האַלט פון הכל שוחטין), ווען עס איז נעהמט ער אביסעל ווייז אויף קידוש.

ווייבער קויפען זיך די תימנ׳ער. זעהר פיעלע האָבען צו פּאָר ווייבער, ניט קוקענדיג אויף זייער אָרימקייט. די ווייבער ווערען ביי זיי פערדעכענט פאַר דיענסטען. די עלטערן זענען די פולע בעלי־בתים פון די קינדער. זייערע טעכטער פערקויפען זיי פאַר ווייבער; און ווען דער פאָטער שטאַרבט, ווערט דער עלטערער זוהן א בעל־הבית אויף אלע זיינע שוועסטער און ער פערקויפט זיי. מיט זייע־רע ווייבער בעגעהען זיך די תימנ׳ער ניט גוט. עס האָט א פולע מאָל געטראָפען, אַז פאַר א וועלכען עס איז חשד האָט דער תימנ׳ער נעשלאָגען זיין פרוי ממש ביז טויט.

די קינדער פון די תימנ׳ער בעקומען זייער בילדונג אין חדר. שטעלט זיך פּאָר א צימערל ד׳ על ד׳. עס איז האַלב דונקעל; אויף דער ערד — קיין דיעל איז ניטאָ — זיצען א צוועלף־פופצעהן

שווארצינקע, דארינקע, אבגעריסענע, שמוציגע נפשות׳לעך מיט בלישצענדיגע שווארצע אויגעלעך. זיי זיצען אין א קרייז ארום איין איינציגען ספר און א הויכער דארער תימנ׳ער מיט לאנגע געדרעהטע פאות, אנגעטאן אין שמאטעס, שטעהט איבער זיי מיט א שטעקען אין דער האנד. ער, דער רבי, זאגט יעדעס ווארט פון׳ם ספר ארויס און די קינדער אלע אין איין קול זאגען איהם נאך. דאס איז דער תימנ׳ישער חדר. אין חדר לערנען נור אינגלעך. די מיידלען לערנען גארנים. די לעצטע צייט גיבען א טייל פון די תימנ׳ער אפ זייערע קינדער אין די שולען.

צווישען די תימנ׳ער זענען פארהאן פיעלע פרומע יודען, און ווען עס איז אויך אזוינע, וועלכע קאנען מעהר אדער ווייניגער לערנען. זיי היטען זעהר אב דעם דאווענען און קלייבען זיך צונויף יעדעס מאל אין שוהל, דערביי טראגט יעדערער — אפילו יעדער קליינער אינגעל — א טלית, ד. ה. א פיערקאנטיגען לענגליכען לייווענטענעם, געוועהנליך זעהר ברודיגען שאל מיט ציצית. די תימנ׳ער — דאס זענען די געלעהרטע צווישען די אראבישע יודען. זייער פרומקייט איז צייטענווייז א בעוואוסטזיניגע, נאר מייסטענס זיינען זיי אויך זעהר אבערגלויבעריש.

די תימנ׳ער איז שוין לייכטער צו אנערקאנען פאר יודען. נור דאך איז צווישען זיי און אונז פארהאן אלגעמיינעס זעהר ווייניג. אפשר זענען אונזערע אורעלטערן מיט א פאר טויזענט יאהר צוריק געשטאנען אויף דערזעלבער שטופע פון ענטוויקלונג, וואס זיי איצט. און לעבענדיג ווייט פון דער ציוויליזירטער וועלט, צווישען זעהר ווייניג פארטגעשריטענע און אפטמאל האלב ווילדע אראבער, זענען זיי געבליבען פערגליווערט און פערשטארט ביי זייערע אמאליגע גלויבונגען און אמאליגע פארמען פון לעבען.

אויף די מערק פון ירושלים קאנט איהר נאך אפט טרעפען מענשען מיט א זאק אויפ׳ן לייב אנשטאט קלײדער, מיט פיס הויעלע ביז איבער די קנעכעל און מיט א שטריק איבער׳ן אקסעל. דאס זענען חאליבער יודען (פון אלעפא), אדער יודען פון באגדאד. זיי זענען טרעגער. הויכע, דארע, האלב־הוילע, אפט מיט א הוילען קאפ — מאכען די דאזיגע יודען אנ׳איינדרוק פון מענשען פון פאר׳ן דור המבול.

## 2.
## די ספרדים.

צו דער צווייטער גרופע געהערען די ספרדים. נאכ׳ן גרוש שפאניען אין פארטוגאל איז א טייל פון די אמאליגע שפאנישע יודען אנגעקומען אויך אין פאלעסטינא. זיי האבען דא אין די שטעדט: ירושלים, יפו, חיפה און חברון אויסגעבילדעט זייערע בעדייטענדע קהילות. איננאנצען זענען זיי פארהאן אין לאנד א 25—27 טויזענט.

איהר דערקענט דעם ספרד, אַן דעם קורצען אייראָפּעאישען רעקעל, וואָס ער טראגט איבער דעם לאנגען אראבישען העמד־חאַ־לאט און אַן דער רויטער פעכקע, און נור די חכמ'ען זייערע טראַ־גען לאנגע שווארצע מאנטלען מיט שווארצע פעסקעס. איהר בעגע־גענט אָפט צווישען די ספרדים אמת'ע פאטריארכאלישע אידישע פנימ'ער. און די פרויען זייערע זענען זעהר שען. ווי אלע מזרח'ישע פרויען האָבען זיי זיך ליעב צו צירען. זיי טראגען אויך צו פיעלע פינגערלעך, פיעלע בראסלעטען און אנדערע צירונג. ביי זיי איז אָבער די צירונג שוין אָפט פון גאָלד. זיי קליידען זיך זעהר גע־שמאקלאָז — אין ברייטע לאנגע קליידלעך; נאָר זייער שען גע־זיכט איז אָפט מכפר אפילו אויף די מיאוסע קליידער.

די ספרדים בעשעפטיגען זיך מייסטענס מיט קליין האנדעל און מיט מלאכה. איהר טרעפט אָבער צווישען זיי אויך גרויסע ריי־כע סוחרים פון תבואה; זיי זענען אויך די באנקירען אין לאנד, ריכטיגער — די וואכערניקעס, די חלפנים, די הענדלער מיט געלד. פארהאַן צווישען זיי זעהר רייכע יודען. פיעלע ספרדים האָבען ערד, נאָר קיינער פון זיי בעארבייט זי ניט אליין. געוועהנליך פערדינ־גען זיי זייער ערד צו אראבער.

ביי די ספרדים איז נאָך ביז איצט ערלויבט צו האָבען מעהר, איידער איין ווייב. נאָר זעהר ווייניג ספרדים בענוצען זיך מיט דער דאָזיגער ערלויבניש. זייערע קינדער ערציהען זיי אין חדרים אדער אין שולען. אין די חדרים לערנען די קינדער עברי, חומש און ווען עס איז גמרא. דאָס אלץ און איבערהויפּט די גמרא ווערען געלערנט מיט אַן'אונגעהויער שווערען פערדרעהטען ניגון. און עס קומט אויס די קינדער מעהר צייט אָבצוגעבען אויף אויסצולערנען דעם ניגון, איידער אויף דער זאַך גופא, וועלכע זיי לערנען. די קינדער טראגען דערפאר פון חדר זעהר ווייניג ארויס. זעהר א סך ספרדישע יודען גיבען אב זייערע קינדער אין די שולען פון אליאנס אמאָל אויך פון אנדערע געזעלשאפטען. זיי לערנען דאָרט א ביסעל פראנצויזיש אָדער ענגליש און אביסעל העברעאיש. בכלל אבער איז די בילדונג וועלכע זיי בעקומען דאָרטען, זעהר א אויבערפלעכליכע.

די ספרדים רעדען צווישען זיך שפּאניאָליש און מיט דער ארומיגער בעפעלקערונג, און געוועהנליך אויך מיט די אנדערע יו־דען, רעדען זיי זיך צונויף אויף אראביש. מאנכע פון זיי קאנען אבער אויך א געוויסע צאָהל העברעאישע ווערטער, מיט וועלכע זיי בענוצען זיך גאנץ געשיקט. די ספרד'ישע קהלות זענען די געזעצ־ליכע און פריוויליגירטע אין פאלעסטינע. זיי האָבען ביז דער לעצטער צייט דערפאר ניט געוואָלט פעראייניגען זיך מיט די אשכנז'ישע יודען. און ניט איין מאָל האָט געטראָפען, אז די ספרדים פלעגען מסר'ן פאר דער רעגירונג אויף די אשכנזים און פער־קעהרט. און נור די לעצטע צייט האָט זיך איינגעגעבען צו פעראיי־ניגען די ספרד'ישע און די אשכנז'ישע קהילות אין יפו. די ספרדים

האַלטען זיך בכלל פאַר די יחסנים צווישען די יודען און טוען ניט גערן קיין שידוכים מיט די אשכנזים. דערפאַר עסען די פרומע אשכנזים ניט פון דער ספרד'ישער שחיטה, ווייל זיי האַלטען די ספרדים פאַר ניט גאַר כשר'ע יודען.

„דאָס גייסטיגע לעבען פון די ספרדים איז זעהר אָרים. זייער יוגענד, וועלכע איז דורכגעגאַנגען אַ וועלכע עס איז שולע, האָט נור אָנגענומען אַנ'אויבערשטען אייראָפּעאישען גלאַנץ. זי רעדט אביסעל פראַנצויזיש, טוט זיך אָן שענער, אָפטמאָל אייראָפּעאיש, אָבער מעהר ניט". אַמאָל האָט ביי זייערע אורעלטערן אין שפּאַ־ניען דאָס גייסטיגע לעבען געשפּרודעלט און געקאָכט. זייערע גרויסע דענקער און פילאָסאָפען, גאון'ישע פּאָעטען און גרויסע גע־לעהרטע האָבען דאַמאָלסט פערנומען דאָס ערשטע אָרט אויף דער וועלט. און פון די דאָזיגע גרויסע זיידעס זענען אַרויסגעקומען גאַנץ קליינע אייניקלעך. אויסער עטליכע — וועלכע מען קאָן ממש אי־בערצעהלען אויף די פינגער פון איין האַנד — זענען צווישען די ספרדים אין פּאַלעסטינאַ איצט ניטאָ קיין געבילדעטע מענשען. „און אפילו אין ספּעציעלע יודישע לימודים האָבען די ספרדים, אויסער איינציגע ניט בעדייטענדע אויסנאַהמען, גאָרנישט ניט גע־שאַפען און האָבען ניט אַרויסגעגעבען קיין איין גאון. די ספרד'ישע חכמ'ען האָבען זיך אַריינגעלאָזען אין מיסטיציזם און בעשעפטיגען זיך מיט קבלה טעאָרעטיש און פּראַקטיש. די מאַסע איז דעריבער זעהר אַבערגלויבעריש: אומעטום זעהט זי איבערנאַטירליכעס, גלויבט אין קמיעות, אַבשפּרעכונגען, צדיקים, אין מוסולמענישע נביא'ס און שייכען. די נייעסטע יודישע בעוועגונגען זענען־די ספרדים אינגאַנצען פרעמד. אַזוי פרעמד זענען זיי אויך פון דער נייער העב־רעאישער ליטעראַטור.

צו די ספרדים דאַרף מען אויך צורעכענען די קאַווקאַזער יו־דען, וואָס וואוינען אין פּאַלעסטינע, אָדער ווי מען רופט זיי דאָר־טען אָן — די „גורדזישעס". זיי לעזען אויך אויס די העברעאישע ווערטער מיט דער ספרדיישער הברה. זיי זענען פאַרהאַן אין אַ קליי־נער צאָהל אין ירושלים און אין אַנדערע שטעדט וואו זיי בע־שעפטיגען זיך מיט פערקויפען שניט־סחורה, אָדער זיי האָבען קראַ־מען, אָדער זיי טראָגען פונאַנדער די סחורה איבער די שטעדט און דערפער. אַ קליינע צאָהל גורדזשישע פאַמיליעס האָבען אַ געוויסע צייט געוואוינט אין דער קאָלאָניע מחנים, וואוהין עס האָט זיי אַראָבגעבראַכט דער יק"א־אַדמיניסטראַטאָר פון גליל. אַ חיטרער שמייכעל שפּיעלט תמיד ביי די דאָזיגע יודען אויף די ליפּען און אַ גנב'ישער פייערל ברענט ביי זיי אין די אויגען. די גורדזשעס קליידען זיך ווי די קאַווקאַזער „גאַרצעס", ריידען אויף זייער שפּראַך און זענען אַזוי ווילד און אונוויסענד, ווי יענע.

זעהר נאָהענט מיט די ספרדים פיהלען זיך די בוכאַרער יודען פון צענטראַל אזיען. זיי האָבען אַ בעזונדער קוואַרטעל אין

ירושלים. ביי די בוכארער יודען איז זעהר פערשפּרייט דער מנהג צו פּאָהרען אויף די ימים טובים אין ארץ־ישראל, און די רייכערע פון זיי פּאָהרען אויף דער עלטער אוועק אין ארץ־ישראל שטארבען. אין ירושלים בעשעפטיגט זיך נור א קליינער טייל פון זיי מיט האנדעל. געוועהנליך אבער זענען זיי רייכע מענשען און לעבען פון גרייטען.

די בוכארער יודען זענען זעהר עהנליך צו די טאַטערן אין סארטען, צווישען וועלכע זיי וואוינען. זיי זיינען הויכע זעהר דיקע מענשען, מיט פערברענטע פּנימ'ער. זיי טראגען אונגעהויער ברייטע בונט־קאָלירטע חאלאטען מיט נאָך ברייטערע ארבעל און א מאוימ'דיגען קנופּ אויפ'ן קאָפּ. זיי רעדען צווישען זיך סארטיש, און מיט דער ארומיגער בעפעלקערונג אראביש. די בוכארער — דאָס זענען די עם־הארצים צווישען יודען. אויסער דעם ווארט „שלום" ווייסען זיי ניט קיין וואָרט העברעאיש, און דער פון זיי, וועלכער קאן קוים דאווענען, ווערט ביי זיי פערעכענט פאר א גרויסען למדן. די בוכארער יודען נעהמען אַ גרויסען אנטייל אין דער „הדלקה", וואָס ווערט געמאכט ל"ג בעומר אויף ר' שמעון בן יוחאי'ס קבר. זיי נעהען דערביי אריין אין אַזאַ עקסטאז, אז זיי ווארפען אין פייער אריין די טייערסטע פוטערס, אַלערליי חפצים און אָפט פולע בייטלעך מיט געלד און דאן זעהט מען, אז דאָס זענען פּשוט'ע געצענדיענער, עהנליך צו די בודיסטישע סארטען, צווישען וועלכע זיי וואוינען.

מיר וועלען זיך דאָ אויף א ווײַלע אבשטעלען נאָך אויף צוויי גרופּען, פון וועלכע די יודען האַלטען זיך זעהר ווייט. די ערשטע גרופּע איז — די קאראאימער. זיי לעבען אין א צאָהל פון אַ פּאָר הונדערט נפשות אין ירושלים. זיי האָבען געהאט אן'אייגענע שוהל, זעהר אנ'אלטע. האָבען זיי אָבער די אשכנז'ישע יודען גע'מסר'ט און מען האָט פערמאכט די שוהל. איצט קאָנען זיי אָהן שוים אויף די ליפּען ניט דערמאנען דעם נאָמען אשכנזי. זיי לעבען זעהר אָרים און די יודען האָבען מיט זיי כמעט קיינע, אפילו געשעפטליכע, בעציהונגען ניט.

די צווייטע גרופּע איז — די שומרונים, די אייניקלעך פון די אמאָליגע שומרונים אָדער כותים, וועלכע האָבען אין דער צייט פון'ם צווייטען בית המקדש ניט ווייניג זארג און צרות פערשאפט די יודען. זיי וואוינען אין שכם. אינגאנצען זענען זיי פּארהאַן א 130 נפשות. זיי האָבען נאָך ביז איצט זייער בית־המקדש אויפ'ן בארג גריזים און זענען דאָרט ערב פּסח מקריב דעם קרבן פּסח. א געוויסער טייל פון זיי בעשעפטיגט זיך מיט ארבייט, נאָר פיעלע און בעזונדערס די פאמיליע פון'ם כהן־גדול, לעבען פון נדבות, וועלכע זיי בעקומען פאר ווייזען די טוריסטען זייער בית־המקדש, די אלטע ספר תורה און אַנדערע אלטערטימליכקייטען. די שומרונים שטארבען ביסלעכווייז אוים. זיי ווילען ניט מתחתן זיין זיך מיט

אראבער, און די יודען ווילען זיך מיט זיי ניט מתחתן זיין. קומט זיי אויס צו טון שידוכים צווישען זיך, צווישען זעהר נאָהענטע קרובים. עס איז דערפאר ביי זיי זעהר ווייניג געבורטען. בעזונ־דערס ווייניג זענען ביי זיי פאַרהאַן פרויען. און עס טרעפט אַז אַ בחור פון דרייסיג־פערציג יאָהר ווארט מיט אונגעדולד, ביז אַ קליין מיידעלע וועט אביסעל אונטערוואַקסען און ער וועט זי קאָנען נעהמען פאַר אַ ווייב.

## 3.

## די אשכנזישע יודען. די חלוקה-יודען.

דאָס זענען די יודען, וועלכע זענען געקומען אהער פון די פער־שיעדענע געגענדען פון אייראָפּע און פון אמעריקע. איין טייל פון זיי איז געקומען אהער ניט מיט'ן צוועק צו בויען דאָס לאַנד, נאָר צו פערברייננגען אין דעם דאָזיגען אַלטען הייליגען לאַנד זייערע לעצטע יאָהרען. ניט לעבען, נאָר שטאַרבען זענען זיי געקומען אין פּאַלעסטינע. דאָס איז — ווי מען רופט איהם — דער אַ ל ט ע ר י ש ו ב. אַנדערע ווידער זענען אָנגעקומען אין פּאַלעסטינע די לעצטע פינף און דרייסיג יאָהר מיט'ן אויסזיכט צו ל ע ב ע ן דאָרט, „צו אויפבויען“ ווי זיי זאָגען, מיט זייער מיה און שוויס די חורבות פון לאַנד, צו אַוועקלעגען דאָרטען דעם פונדאַמענט פון אַ נייעם יודישען לעבען“. דאָס איז דער נ י י ע ר י ש ו ב. די ערשטע זענען געקומען אהער געטריבען פון זייערע רעליגיעזע גע־פיהלען, די אַנדערע — פון זייערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען.

דער אַלטער ישוב בעשטעהט פון די יודען, וועלכע זענען גע־קומען — און קומען נאָך איצט אויך אויף דער עלטער — אין פּאַלעסטינע, דאָרט די לעצטע ביסעל יאָהרען אבצולעבען און דער־נאָך מקובר צו ווערען אין די הייליגע ווייסע ערד פון דעם הר הזיתים, וואו „קיין ווערים עסען ניט נאָב'ן טויט“, און פון די דורות, וועלכע די דאָזיגע פון אייראָפּע געקומענע יודען האָבען אויפגעשטעלט נאָך זיך. די ערשטע יודען, וואָס זענען אהין געקומען זענען מייסטענס געוועזען אַלטע און שוואכע. זיי האָבען אליין ניט געקאָנט זיך ער־נעהרען. זיי זענען געזעסען און געלערנט און זייערע לאַנדסלייט אין אייראָפּע פלעגען זיי שיקען שטיצע, כדי דערמיט מקים צו זיין די מצוה פון ישוב ארץ־ישראל. אין יעדען יודישען הויז פלעגט מען צושלאָגען אַ פּושקע פון „ר' מאיר בעל הנס“, און דאָס געלד, וואָס פלעגט זיך צונויפזאַמלען, פלעגט מען אבשיקען אהין, אין ארץ־ישראל און צוטיילען צווישען די דאָרטיגע אשכנזישע יודען. אזוי איז ענטשטאַנען די חלוקה.

נאָר צוזאַמען מיט די אַלטע לייט האָבען זיך פון דער חלוקה ערנעהרט אויך די מיטגליעדער פון זייערע פאַמיליעס; אנשטאַט צו לעבען פון ארבייט האָבען זייערע אונטערגעוואַקסענע קינדער

פאַרטגעזעצט צו לעבען פון צדקה, עס קאָן זיין דערפאַר, וואָס עס איז דאַמאָלסט ניט געווען קיין מעגליכקייט צו געפינען ארבייט. נאָר דור נאָך דור האָט זיך דער חלוקה־עולם איינגעוועהנט מיט דעם צדקה־לעבען, מיט דעם לעבען אָהן ארבייט, און מיט דער צייט איז ארבייטען ביי זיי געוואָרען א שאנדע. זיי זענען פערוואנדעלט געוואָרען אין פוילענצער, אין בטלנים, וועלכע טוען א האנד אין קאַלט וואסער ניט אריין. און זיי רעכענען זיך פאר די גרעסטע יחסנים. איבערהויפּט די, וואָס הוריתם ולידתם איז געווען בקדושה, ד. ה. וואָס זענען געבאָרען געוואָרען אין לאנד. און א יחסן איז נור דער, וואָס ארבייט ניט. דער בעל־מלאכה ווערט גערעכענט פאר א נידעריגערען סאָרט מענשען און קיינער וויל מיט איהם קיין שידוך ניט טהאָן. האָבען א בעל־מלאכה אין משפחה איז ביי זיי דער גרעסטער פּלעק.

און בעקומען חלוקה, לעבען פון צדקה, שנאָרערן ווערט ניט פעררעכענט ביי זיי פאר קיין שאנדע. פערקעהרט נאָך, פאר ניט אנ־שטענדיג האַלטען זיי דעם, וועלכער בעקומט ניט קיין חלוקה, און מיט דער גרויס פון דער חלוקה, וואָס איינער בעקומט, ווערט גע־מאָסטען זיין אנשטענדיגקייט, זיין יחוס. זיי האָבען זיך צוגעוועהנט צו קוקען אויף דער חלוקה, ווי אויף זייער אנ'אייגענטום: זיי פער־לענגען די חלוקה, פערקויפען זי, גיבען זי אב אין נדן. און מיט דער שנאָרעריי בעריהמען זיי זיך. איינער א צפת'ער יוד האָט מיר דער־צעהלט, אז ער האָט גענומען א הרשאה ביי זיין כולל און איז אוועק איבער דער וועלט שנאָרערן (אזוי זאָגט ער פשוט: „שנאָרערן") און ער בעריהמט זיך, אז ער האָט אָבגענאַרט אפילו די אַמעריקאַ־נער יודען, צווישען וועלכע ער האָט געשנאָרערט. ער האָט צונויפ־געקליבען א בעדייטענדע סומע און האָט טאַקע דאָס געלד צוגענומען זיך. ווייל ער האָט נעדאַרפט חתונה מאַכען א טאָכטער.

די גאַנצע חלוקה פלעגט אמאָל אריינקומען אין איינע הענד און פלעגט דערנאָך צוטיילט ווערען צווישען דעם חלוקה עולם. מיט דער צייט אָבער האָט זיך דער עולם איינגעטיילט אין לאנדס־מאַנשאַפטען, אין כוללים, לויט די געגענדען פון וואנען זיי קומען, און דאָס געלד פון יעדער געגענד ווערט צוטיילט צווישען די לאנדס־לייט פון דער געגענד. אַזוי זענען פאַראַן: דער וואַרשעווער כולל, דער מינסקער, דער פינסק־קאַרלינער, דער וואָלינער, בעסאַ־ראַביער א. ד. ג. און פון די ניט רוסישע כוללים: דער אונגאַרער, דער זיבענבערגער, גאַליציאַנער א. אז. וו., נאָר אַזוי ווי אין איינינע כוללים זענען מענשען פאַראַן ווייניג און געלד א סך (ווי אין דעם אונגאַרישען) און אין אנדערע פערקעהרט געלד ווייניג און מענשען א סך (ווי אין וואַרשעווער למשל), בעקומען איצט זייער חלוקה ניט אַלע גלייך: די אונגאַרער בעקומען ביז 80 פראַנק פער נפש א מאָ־נאַט, — דאָס איז שוין אין ירושלים גענוג אויף דורכצולעבען זיך גאַנץ פיין, — די וואַרשעווער אָבער בעקומען נור 15—20 פראַנק

אַ מאָנאַט און ווען עס איז דירה אין די הייזער, וואָס געהערען צום כולל, און דער פּינסקער כולל — נור אַ 15 פר. אַ מאָנאַט פּער נפש, וואָס עס איז שוין ניט גענוג אויף דורכצולעבען זיך. און אין יעדען כולל בעקומען אויך ניט אַלע גלייך. יחסנים, ד. ה. אַזוינע וועלכע האָבען אַ יד צווישען די גבאים פונ'ם כולל בעקומען מעהר, די ניט יחסנים, דער פּשוט'ער עולם, בעקומען וועניגער. נאָר מעהר ווי אַלע נעהמען די גבאים אליין. זיי זיצען נאָהענט צום חלוקה־טעפּעל און געניסען פון איהם מיט'ן פולען מויל. פאר לערנען בע־קומען אנדערע נאָך בעזונדערע חלוקה. פאַרהאַן אויך אַזעלכע וועלכע האָבען אַ יד אין אַ פּאָר אָדער אין עטליכע כוללים, און אַזוי־נע בעקומען חלוקה צוויי און מעהר מאָל. בכלל איז קיין אָרדנונג ביים צוטיילען די חלוקה ניט פאַרהאַן. די גאַנצע רעדעל דרעהען די רבנים און די גבאים. דער פּשוט'ער עולם האָט מורא אויפ־צוהויבען אַ קול, ווייל פאַר יעדען פּראָטעסט קאָנען די רעדעל־פיה־רער אָבנעהמען ביי איהם די חלוקה. און מען האָט געדאַרפט, אַז עס זאָל ענטשטעהן אַזאַ סקאַנדאַל, ווי דער באַנקראָט פון דער ישיבה „מחזיקי תורה", וועלכער האָט איינגעשלונגען די לעצטע אָבגע־שפּאָרטע גראָשענס פון דעם גאַנצען ירושלים'דיגען יודישען חלוקה־עולם, דער לעצטער זאָל אַרויס מיט פּראָטעסטען. דאָס האָט אָבער געדויערט זעהר אַ קורצע צייט. דאָס געלד האָט מען ניט צוריק־געקעהרט און דער עולם איז געוואָרען שטיל און נכנע'דיג ווי פריהער.

די חלוקה איז דער הויפּטקוואַל פון הכנסה ביי די חלוקה יו־דען. אַנדערע האָבען נאָך דערצו געוויסע בעשעפטיגונגען. מיט מלאכה אָבער בעשעפטיגען זיך זעהר וועניג. געוועהנליך האָט דער חלוקה יוד אַ קראָם. פאַרהאַן גאַנץ רייכע, גרויסע קראָמען (און דער רייכער קרעמער בעקומט אויך חלוקה, און געוועהנליך מעהר איידער די אַנדערע, אָרימערע). אַזוינע זענען אָבער ניט פיעל. מייסטענס זע־נען דאָס קרעמלעך, וואָס זייער גאַנצע סחורה קאָן מען אָבקויפען פאַר אַ פּאָר צעהנדליג פראַנק, און אין אַנדערע געפינט איהר מעהר נאַרנישט ווי אַ ביסעל טייטלען, אַ פּאָר קעסטעלעך סאַרדינעס, עטליכע קעסטעלעך שוועבעלעך און אַ הויפען קיהלען. ווען אַזאַ קרעמער — מייסטענס קרעמערין — לייזט אַ האַלבען פראַנק אַ טאָג, פיהלט זיך העכסט צופריעדען. נאָר ביי דעם גרעסטען טייל פון די חלוקה־יודען איז די חלוקה דער איינציגער קוואַל פון הכנסה. אַזוינע יודען לעבען אָב דעם גאַנצען טאָג אין בית־המדרש און קו־מען אַ היים נאָר אַפּעסען.

געקליידעט געהען די חלוקה־יודען אין ברייטע, געפאַלדעוועטע געוועהנליך אונגעהייער ברודיגע אונטערהויזען, און אויף דעם טראָ־גען זיי אַ ברייטען חאַלאַט, פערבונדען מיט אַ גאַרטעל. נאָר די פאַלעס פונ'ם חאַלאַט פלאַטערן געוועהנליך אויפ'ן ווינט און דע־קען אָב די ברודיגע הויזען. אויף די פיס טראָגען זיי פאַנטאָפעל

אויף א בארוויסען פוס אדער אויף זאקען, און אויפ׳ן קאפּ א גאנ־צען יאהר א שטריימעל אדער אין צפת — א שווארצע באראשקענע ווארימע היטעל, פון וועלכער עס שטעקט ארויס א ווייסע ברודיגע יארמעלקע. דער קאלנער פון העמד איז קיינמאל ניט פערשפּילעט און עס זעהט זיך ארויס די הוילע ברוסט. די בארד איז צושויבערט, די פאות זענען לאנג און פערדרעהט אין א לאק, אזוי אז ווען איהר וואלט זיי אויסגעצויגען, וואלטען זיי דערגרייכט ביז׳ן גארטעל. ווען דער חלוקה־יוד וואלט אין זיין הילוך — ווי ער שטעהט און געהט אויף די ירושלימ׳ער גאסען — בעוויזען זיך ערגעץ אין אן אייראָ־פּעאישער שטאדט, אפילו אין פוילען, וואו די יודען געהען נאך עד היום לאנג געקליידעט, וואלט מען נאך איהם נאכגעלאפען אויף ביז וואונדער, ווי נאך א משוגע׳נעם.

די וואוינונגען פון די חלוקה־יודען זענען אונגעהויער שמוציג. ווען איהר קומט אריין אין א הויף, וואו עס וואוינען חלוקה־יודען, דארפט איהר זיך פערשטאפּען דעם נאז, אלץ איינס זומער צו ווינ־טער, און האפּט איהר זיך איבער דעם איינגען הויף און געהט אריין אין שטוב אריין, ווערט אייך נאך ערגער. עס פערהאפט אייך דעם אטעם, און מעהר ווי א פּאר מינוטען איז א נייעם מענשען ניט מעג־ליך דארט צו פערבלייבען. געוועהנליך האט דער חלוקה־יוד ניט מעהר ווי איין צימער, וואו עס שטעהט א גרויסע בעט מיט גאנצע פּעק בעטגעוואנד, א טישעל און א פשוטע לאנגע באנק. א שטוהל געפינט איהר דארט זעלטען. און א קליין לעמפּעל מיט א פעררוי־כערטען שווארצען גלאז איז דער גאנצער קוואל פון ליכט פאר דעם דאזיגען פּאלאץ. אויף אלץ — אויפ׳ן דיעל, אויפ׳ן טיש, אויף די פענסטער — און, עס דוכט זיך, אויך אויף די בעטגעוואנד און אויף די מענשען ליעגט א גראבע שיכטע שמוץ. מיט פערגעניגען רייסט איהר זיך ארויס פון דער דאזיגער שמוציגער לאך און האפּט אב אביסעל דעם אטעם אויף דער גאס.

דאס פאמיליען־לעבען איז ביי די חלוקה־יודען זעהר א שלעכ־טעס. די מענער האלטען די פרויען פאר נידעריגע אומריינע בע־שעפעניש. ווען דער מאן איז אין דער היים טארען זיך די פרוי און די קינדער ניט צוזעצען ביז ער הייסט ניט. די ווייב קאכט אב דאס עסען און ווארט ביז דער מאן קומט פון שוהל. און וואס עס בלייבט פונ׳ם מאן, עסען די ווייב און די קינדער. פאר יעדער קלייניגקייט שלאגט דער מאן די ווייב און די קינדער. זעהר פיעלע פרויען אין צפת אויף מיין פראגע — ווי לעבט זיך — האבען קיין אנדער ענטפער ניט געפונען ווי — „הלואי וואלט מען בעסער ניט געבארען ווערען“ און האבען זייער גאנצע ביטער הארץ אויסגע־גאסען אויף זייערע מענער. אין די אייגגע און שמוציגע געסלעך פון דער עיר־הקדש צפת זוכט ניט קיין שלום־בית; איהר וועט עס דארטען ניט געפינען! און דאס זעלבע אויך אין ירושלים. אין קיין

לאַנד איז ניטאַ — פערהעלטניסמעסיג — אזא גרויסע צאָהל גט׳ען, ווי אין פּאַלעסטינע ביי די חלוקה־יודען.

די ערציהונג פון די קינדער, ריכטיגער פון די אינגלעך פון די חלוקה־יודען קומט פאָר אין די חדרים אָדער תלמוד תורות און אין די ישיבות. אין ירושלים זענען פאַרהאַן פיעל גרויסע הויפען, וועלכע זענען פערנומען נור מיט ערציהונגס־אנשטאַלטען פון די חלוקה יודען. א חדר אין אזא הויף — דאָס איז א שמוציגער צימער, וועלכען מען האָט אודאי ניט געוואַשען זינט ער איז אויפגעבויט געוואָרען; אין חדר שטעהט א לאַנגער טיש און צוויי לאַנגע בענק, אזוי שמוציג ווי דער צימער. דאָס ליכט קומט אריין גאַנץ אָפט נור פון דער טיר, וועלכע איז אָפען; קיין פענסטער איז ניטאַ. אויף די בענק זיצען אנגעפּאַקט איינער אויף דעם אנדערען אנגעטונענע אין שמאַטעס, שמוציגע, מיט אומריינע אויגען און נעזער און פערקאַראַוועטע הענד קינדערלעך. און אַן אַלטער צודולטער מלמד מיט א פּלאַקען אין האַנד זיצט אויבען אָן. פון הויף רייסען זיך אריין די קולות פון די איבעריגע צעהנדליגער חדרים און ישיבות אויסגעמיישט מיט׳ן פערדעמפּטען שווערען ריח פון דעם שמוציגען הויף. דער קורס פון די חדרים איז: אלף־בית, עברי, דאַוונען, חומ״ש, תהילים און גמרא. ווען דאָס קינד לערנט זיך אויס פאַר א זמן אָדער מעהר דעם אלף־בית, געהט ער אריבער צו א צווייטען מלמד, וועלכער לערנט עברי א. ד. ג. ווייטער, ווען דאָס קינד ענדיגט דעם קורס פון חדר, קומט ער אַן אין ישיבה. די ישיבות שטעלען מיט זיך פאָר שוין גרעסערע צימערען, מיט מעהר טומעל, נאָר ניט מיט וועניגער שמוץ. ווען איהר געהט אריין, בעמערקט איהר הונדערטער קערפּערס, וועלכע וואַרפען זיך אום מיט אימפּעט הין אין הער ווי פערפּענדיקעלס, און עס בעטויבט אייך דער טומעל פון די הונדערטער קולות. אין אזא טומעל איז אונמעגליך צו פערשטעהן וואָס עס איז פונ׳ם לערנען, שוין ניט רעדענדיג וועגען פערטיעפען זיך. ניט אומזיסט גיט פּאַלעסטינא מיט איהרע צעהנדליגער און צעהנדליגער ישיבות ניט ארויס קיין איין רב אפילו נור פאַר זיך, פאַר די אייגענע פיעלע שכונות אין ירושלים. די אלע אָהן אויסנאַהם פּאַלעסטינער רבנים זענען אַנגעקומענע פון אייראָפּע.

איינמאָל האָב איך אויפ׳ן וועג פון מאה שערים אין לעמעלשול דערזעהען, געהענדיג פאַרביי אנ׳אָפּענער טיר, א חדר. איך בין אריין. דער רבי איז גזעסען אנטקעגען און האָט געשלאָפען אנגעשפּאַרט אויפ׳ן אוילענבויגען. בייביידע זייטען זענען געזעסען צו צוויי קליינע קינדער און די איבעריגע קינדער האָבען זיך געשפּיעלט אויף דער ערד אין שוועבעלעך. ווען איך בין אריין, האָבען זיי אויף א ווײלע אויפגעהערט צו שפּיעלען און מיט נייגיריגקייט און האַלב דערשראָקען געקוקט אויף מיר. איך האָב זיך פונאַנדערגעפרעגט ביי זיי ווי מען רופט זיי, און וואָס זיי שפּיעלען און וואָס זיי לערנען, און מיר האָבען זיך צושמועסט. מיט אונזער טו־

מעל האָבען מיר אבער אויפגעוועקט דעם רבין. ער האָט גלייך אראָבגעלאָזט א פּאַטש איינעם פון די קינדער, וואָס איז געזעסען נעבען איהם, און געגעבען א געשריי: „וואָס האָט איהר זיך מיט אמאָל אבגעשטעלט, שקצים, זאָגט! קמץ למד — לאָ; קמץ אלף — אָ; סגל ריש — רע, א לאנגער צדיק אוים — ץ, אינאיינעם ל־אָ־ר־ץ" די קינדער האָבען מיט א פערשטיקטען חליפּ און מיט די גאנצע כוחות נאָכגעשריען דעם רבי'ן: קמץ למד — לאָ, קמץ אלף — אָ!

דער רבי האָט אויף א ווײַלע אָבגעשטעלט דאָס לערנען, אָבגעגעבען מיר שלום און גענומען קלאָגען זיך: „דאָס זענען גוים און שטיפער — איין גאָט זאָל אויסהיטען". איך בין ארויסגעגאנגען פון חדר און האָב געטראכט: „אַז וועה איז צום פּאָלק, וואָס האָט אזוינע לעהרער און ערציהער!".

אויסער עברי, חומש, תהילים און גמרא לערנט מען די קינדער גאָר נישט. שרייבען לערנט מען זיי אויך ניט, ווייל די מייסטענס מלמדים קאָנען דאָס אליין ניט. לערנען עטוואָס וועלטליכעס ווערט פערבאָטען. אבגעבען די קינדער אין אנדערע שולען — ווי פון אליאנס, פון הילפס־פעראיין אָדער פון די חובבי ציון איז אויך שטרענג פערבאָטען. ווען דער הילפס־פעראיין האָט אין חברון געעפענט א שול, האָט דער כולל תב"ד אָנגעזאָגט די חברונער חלוקה־יודען, אז ווען איינער פון זיי וועט אָבגעבען זיין קינד אין שולע, וועט מען ביי איהם אבנעהמען זיין חלוקה. און אין דער שול געפינט איהר דאָרט דערפאר נור ספרד'ישע קינדער. איין אויסנאהם מאכען נור די חלוקה יודען — פאר די מיסיאָנערישע שולען. ווי פּאראַדאָקסאליש דאס זאָל ניט זיין, עס איז אָבער א פאקט, אז זעהר פיעל חלוקה'ניקעס אין צפת און יפו גיבען אב זייערע קינדער, איבערהויפּט די מיידלעך, אין די שולען פון די מיסיאָנערען. די הויפּט אורזאכע איז — וואָס די מיסיאָנערען גיבען די תלמידים קליידער און שיך און אין צפת גיבען זיי נאָך די עלטערן פון יעדען קינד אַ זעקעל מעהל יעדען חדש, און קיינער, אויסער די ציוניסטען, פּראָטעסטירט ניט געגען אזא אויסנאהם פאר די מיסיאָנערישע שולען. נאָר ווער פון די חלוקה־יודען הערט די ציוניסטען אין פּאַלעסטינע?

די חלוקה־יודען וואוינען אין ירושלים אין א צאָהל פון העכער 35 טויזענט. און צוזאמען מיט אלע איבעריגע יודען בילדען זיי אויס די גרעסטע מעהרהייט פון דער ירושלימ'ער בעפעלקערונג; נאָר ניט קוקענדיג אויף דעם איז זייער ווירקונג אויף דער שטאָדט־פערוואלטונג גלייך א נול. פון עטליכע און זעכציג מיטגליעדער פון דער שטאָדט־פערוואלטונג האָבען דאָרט די יודען נישט מעהר ווי א פּאָר. מיט די יודישע בעדערפענישען און בכלל מיט די יודען רעכענט זיך דערפאר די שטאָדט גאָר נישט. די יודען ווערען שרעק־

ליך גרינג־געשעצט. דערמיט נור קאן מען ערקלערען למשל אזא צוועקלאזע בעליידיגונג פאר די יודען, ווי דער פערבאט צו ברייננגען אין דעם טויבען געסעל ביים כותל מערבי בײנקלעך צום זיצען, הגם דאס קאן דארט קיינעם בשום אופן נישט שטערען. און די גרינגשעצונג מצד די עלטערע נעהט איבער אויך צו די קינדער. די אראבישע און אנדערע ניט יודישע קינדער ווארפען גאנץ אפט אויף די יודען שטיינער און שמוץ אין גאס און זידלען זיי מיט די מיאוס׳טע ווערטער.

די חלוקה־יודען זענען פרום, זייער פרומקייט אבער בעשטעהט נור אין דאווענען, אין עסען פלייש אהן א סירכא א. ד. ג. קיין טיע־פער רעליגיעזער געפיהל, וואס זאל ווירקען אויף זייער גאנצען מאראלישען צושטאנד, איז ביי זיי ניטא. דערפאר איז פאר א גראד־שען חלוקה רעכט צו שלאגען זיך; און נאכ׳ן שלאגען זיך קומען מסירות. צום נייעם ישוב בעציהען זיך די חלוקה יודען אויסגע־שפראכען פיינדליך, ווייל זיי רעכענען, אז ער שאדט זיי, אז ער פערקלענערט זייער חלוקה.

ווען איך בין געווען אין מרון, אויף ר׳ שמעון בן יוחאי׳ס קבר, האב איך זיך דארט בעקאנט מיט א יודען פון האמעל. געוועהנליך געהט יעדערער אין שוהל צו צו א נייעם יודען, וואס קומט אריין, און שטעקט איהם אב שלום עליכם און פרעגט: פון וואנען איז א יוד? ווען דער האמעלער יוד האט דערהערט אז איך בין פון מאהי־לעווער גובערניע, האט ער זיך זעהר דערפרעהט און געבעטען מיך אריינגעהן צו איהם. ער האט מיך פארגעשטעלט זיין ווייב, גע־בעטען איך זאל אונבעדינגט ביי זיי אויסטרינקען א גלאז טיי און ממיש ניט געוואוסט וואס צו טון פאר שמחה, און ער האט מיר דערצעהלט: ער איז אין דער היים געווען א משולח פאר דער ישיבה אין מרון. ער פלעגט שיקען א סך געלד. ער האט געמיינט, אז דארטען זיצען יודען יראים און שלמים און לערנען. און אויף דער עלטער האט ער בעשטימט אויף פאהרען אהין מיט זיין ווייב. נאר ער האט א טעות געהאט. ניט יודען לומדים זיצען דא, נאר עם־הארצים. אויסער א קאפיטעל תהילים, וואס זיי זאגען, ווען עס קומט אן א קוויטעל, נעהמען זיי קיינמאל א ספר ניט אין האנד. און די גאנצע צייט — נאר מען קריגט זיך און מען שלאגט זיך צווי־שען איינאנדער, אדער מיט די ווייבער. ער איז צווישען זיי ווי צווישען וועלף. די ווייב זיינע וויל, זיי זאלען אוועקפאהרען צו־ריק אין רוסלאנד, נאר ער וויל ניט: פאהרט אויף דער עלטער, וויפיעל נאך שוין לעבען, און עס ווילט זיך שטארבען אין ארץ־ישראל. ער האט מיר זעהר בעדאנקט, וואס איך בין צו איהם אריין: פארט א נייער מענש, און נאך א לאנדסמאן. עפעס ווערט אויף א ווײלע גרינגער". אט דאס איז די מיינונג וועגען די חלוקה־יודען פון איינעם פון זיי, ביי וועלכען דאס הארץ פיהלט רעליגיעז

טיעפער און די נשמה איז ניט פערשמוצט און צופוילט געווארען פון שנארערייו.

די חלוקה אידען זענען זעהר פאנאטיש. זיי רודפ'ען יעדען, וועלכער וואגט נור אויף איין האהר אוועקגעהן פון דעם ארט לעבען, וועלכען זיי פיהרען. ווען איך בין געווען אין צפת, האב איך בעמערקט צוויי בחורים, אייראפעאיש געקליידעט, וועלכע שפאצירען ארום אליין און האבען מיט די איבעריגע בחורים קיין מגע ומשא. ווען איך האב זיך אנגעהויבען נאכצופרעגען, האבען זיי מיר דערצעהלט, אז זיי זענען צפת'ער. זיי זענען שניידער, האבען ליעב צו קליידען זיך ריינער און שענער. זיי האבען דעריבער אביסעל אונטערגעשערט די פאות'ען און אנגעטאן קורצע קליידער. דערפאר האט מען ביי זיי און ביי זייערע עלטערן אבגענומען די חלוקה און אריינגעבראכט זיי אין חרם. און די אלע בחורים פון שטאדט ווייכען פון זיי. און זיי האבען צוגעגעבען, אז זיי האט שוין דערעסען די צפת, און זיי ווילען ביי דער ערשטער געלעגענהייט אנטלויפען פון דארטען.

און די חליקה־יודען אליין היטען אב די אלע מנהגים, וועלכע האבען געהערשט ביי אונזערע עלטערן אין פוילען מיט א הונדערט יאהר צוריק. בעזונדערס איז דאס קענטיג אין די אלע מנהגים ביים חתונה מאכען די קינדער. די לעצטע האבען חתונה צו 14־16 יאהר און יונגער. דעם שידוך טוען די עלטערן צווישען זיך, ניט אנפרעגענדיג ביי די קינדער, חתן־כלה זעהען זיך ניט ביז דער חתונה. פאר דער חופה גאלט מען אפ דער כלה דעם קאפ. דער חתון קומט צו דער חתונה אין א שטריימעל מיט עקלעך, וואס די כלה שיקט איהם א מתנה, און וואס ער וועט שוין טראגען זיין גאנץ לעבען. קיין כלי־זמר שפיעלען ניט אויף דער חתונה (זכר לחורבן!), נאר א אשה צנועה קלאפט אויף א פויק און שפרינגט אונטער לכבוד דער כלה, נאך דער חופה־וועטשערע געהט די כלה א כשר־טאנץ און פון טאנץ גלייך מיט'ן חתן אין א חדר מיוחד.

נאר בעזונדערס ווארפט זיך אין די אויגען די אבערגלויבעריי פון די חלוקה־יודען. זיי גלויבען אין עין הרע אין אפשפרעכעניש, אין שדים און מזיקים, אין נסים און אין הייליגע. אויף דער „יודישער" גאס אין ירושלים געפינט איהר גאנצע קראמען פון שיר־המעלות'ן, שמירה'ס און קמיעות. און אויף ר' שמעון בן יוחאי'ס קבר געפינט איהר גאנצע בערג מיט קוויטלעך: דאס בעט מען ביי איהם פרנסה, א רפואה שלמה, א גוטען שידוך פאר דער טאכטער, א שידוך פאר זיך אליין. ל"ג בעומר צינדט מען אן ביי ר' שמעון בן יוחאים קבר פייערן, און מען ווארפט אהין פערשיעדענע חפצים — דאס איז א מין קרבן דער נשמה פונ'ם צדיק. און אפילו די גרויסע הייליגע שטיינער פון דעם כותל מערבי זענען ניט ניצול געווארען פון די פערשוועכערישע הענד פון די אבערגלויבער:

איהר זעהט אויף די טויזענד יעהריגע שטיינער די אויפשריפטען:
חיים ב"ר קלונימוס, שלום בן דוד, א. ד. ג. דאָס האָט מען אויפ־
געשריבען אויף די הייליגע שטיינער די נעמען פון חולאים, כדי
דערמיט זיי א רפואה שלמה בריינגען!

בכלל שטעהען די חלוקה־יודען אויף אן אונגעהויער נידעריגער
שטופע פון ענטוויקלונג. אפשר זענען אונזערע יודען אין פוילען
מיט א יאהר הונדערט־הונדערט פופציג געשטאנען אויף דער זעל־
בער שטופע. נאָר די ספּעציפישע בעציהונגען פונ'ם פּאַלעסטינער
לעבען האָט פערוואנדעלט די דאָרטיגע חלוקה־יודען אין פוילענצער,
אין בטלנים, אין שנאָרער, אין די אונוויסענדסטע און אָבערגלױ־
בישסטע פון די אַלע אשכנזים. לויט זייער מאָראַלען אויסזעהן
זענען דאָס די פסלת, דער אָבפאַל, דאָס ערגסטע, וואָס דאָס יודישע
פאָלק פערמאָגט. און זייער ארט לעבען — פון צדקה — האלט זיי
פעסט אין דעם דאָזיגען צושטאנד, אזוי אז עס ניטאָ קיין האָפ־
נונג, זיי זאָלען זיך ווען עס איז ענדערען. די מורא אָנצואווערען
די חלוקה האלט אָב יעדען איינציגען פון זיי פון אריינטראָגען עט־
וואָס נייעס אין לעבען. און ערשיינט אמאָל צווישען די דאָזיגע יודען
אַ רעוואָלוציאָנער, א העלד, בעשטעהט זיין גאַנצע גבורה אפילו נור
אין אונטערשערען די פּאות, אין אנטון קירצערע קליידער אָדער אין
פערשפּילען דעם קאָלנער פון העמד, אָדער העכסטענס — אין לע־
זען אַ ביכעל. און פאַר זיין דאָזיגער „העלדישקייט" בעצאָהלט ער
גלייך מיט זיין חלוקה און ווערט אומבארעמהערציג גע'רודפ'ט. און
איהם ווערט איינג ביז דערשטיקט צו ווערען אין דער
שמוציגער און פינסטערער חלוקה־סביבה און ער פערלאָזט זי
און אנטלויפט פון איהר אום קיינמאָל זיך אהין ניט צוריקצוקעהרען.
ווער וויים דער פאַר, ווי לאַנג עס וועט נאָך עקזיסטירען די דאָ־
זיגע מיאוסע מכה אויף דעם יודישען קערפּער.

### .4

### דער נייער ישוב.

צום נייעם ישוב געהערען די קאָלאָניסטען, וועלכע זענען גע־
קומען אין פּאַלעסטינע אין די 80־גער און די 90־גער יאָהרען מיט'ן
צוועק אויפצובויען דאָס לאַנד פון די אבות. אמת, צווישען זיי
זענען אויך געווען אזוינע, וועלכע עס האָט געצויגען אין פּאַלעסטי־
נע די ידיעה, אז דער באָדען גיט ערד און ווירטשאפט אין אַלץ וואָס
איז נויטיג צום איינאָרדנען זיך, אָדער אזוינע, וועלכע האָבען גע־
מוזט אנטלויפען פון אייראָפּע, ווי צ. ב. באנקראָטירטע סוחרים.
די גרעסטע מעהרהייט פון די קאָלאָניסטען אָבער זענען געקומען
אין פּאַלעסטינע אויס אידעעלע צוועקען, עס זענען צווישען זיי גע־
ווען מענשען פון העכערען גייסטיגען ראַנג, מענשען, וועלכע האָ־

בען געאַפּפּערט מיט זייערע קאַריערען צוליעב זייער אידעאַל, צו־ליעב יישוב ארץ ישראל. זיי זענען געוועזן דורכגעדרונגען מיט איין שטרעבען — מיט זייער ארבייט און שווייס אויפלעבען דאָס לאַנד, וואָס איז זיי געוועזען טייער.

נאָר די פּאַלעסטינער בעדינגונגען האָבען זיך זעהר שלעכט אָבגערופען אויף די דאָזיגע אידעאַליסטען. דעם באַראָנס אדמי־ניסטראַטאָרס האָבען אָבגענומען ביי זיי די זעלבסטשטענדיגקייט, און זיי האָבען פערלאָרען יעדע איניציאַטיוו. די וואָלוועלע אַראַבישע הענד האָבען געבראַכט דערצו, אז די קאָלאָניסטען אליין זאָלען אויפ־הערען ארבייטען, און זאָלען זיך זאָגאר אָבגעוועהנען פון ארבייט, זאָלען פערוואַנדעלט ווערען אין פ ו י ל ע נ צ ע ר. פון די עלטע־רע קאָלאָניסטען און אפילו פון זייערע זיהן ארבייט כמעט קיינער. און א גרויסער טייל פון זיי גיט גאָר אָב זייער באָדען אין האלבער אַרענדע צו די אַראַבער. דער קאָלאָניסט אליין אָדער ער וואַרימט זיך אויפ'ן זון ערגעץ אויף א גאַניק, אָדער ער „רוהט אָב“ אפילו אין מיטען העלען טאָג, אדער ער שטעהט אין פעלד און טרייבט אונטער זיין אַראַבישען ארבייטער.

דעם באַראָנס תמיכה האָט צוגעוועהנט די קאָלאָניסטען צו לעבען פון צדקה. און זיי זענען ביסלעכווייז פערוואַנדעלט געוואָ־רען אין מקבלים, אין שנאָרער. נאָך איצט בעקומען פיעלע קאָ־לאָניסטען דעם רמבנ'ס חלוקה, און כמעט אַלע קאָלאָניעס בעקומען ביז היינטיגען טאָג שטיצע פון דער יק"א אויף פערשיעדענע הוצאות פון דער קאָלאָניע: אויף שולע, אויף דאָקטאָר און אַפּטייק, אויף שומרים א. ד. ג. און וויפיעל מען גיט די קאָלאָניסטען, איז זיי אַלץ וועניג. זיי האַלטען זיך פאַר קדושים, וועלכע האָבען גרויסע פער־דיענסטען ביים פאָלק דערמיט, וואָס זיי זענען אין דעם הייליגען לאַנד קאָלאָניסטען געוואָרען, און פאָדערן, דאָס פאָלק זאָל זיי דער־פאַר בעצאָהלען. צו אַלעמען האָבען זיי פּרעטענזיעס, אלעמען האַל־טען זיי פאַר זייערע בעלי חובות, קיינער איז געגען זיי, זאָגען זיי, ביז איצט ניט יוצא געווען. און אייניגע קאָלאָניעס האָבען אפילו נאָך גאָר ניט לאַנג ארויסגעשיקט אויף דער וועלט צו קלייבען נדבות פאַר זיי. אזוי האָבען זכרון און שפיה ארויסגעשיקט אין תרע"א דעם שפיה'ר שוחט אין אייראָפּע קלייבען פאַר זיי, ווייל ער איז, ווי זיי זאָגען, א גוטער בעל בכיה.

די אדמיניסטראַציע האָט שטענדיג געהאַלטען די קאָלאָניסטען אין דער מורא, און די לעצטע זענען געוואָרען אונטערטעניג, פער־שקלאַפט, און נאָך איצט ווען די מיטגלידער פון ועד פון א קאָלאָניע אין דעם אויבערשטען גליל קומען אריין צום אַדמיניסטראַטאָר, שטעהען זיי ביים טיר און אָהן היטלען. די אַדמיניסטראַציע האָט אַלע מאָל געטיילט די קאָלאָניסטען אויף מקורבים אָדער יחסנים און ניט מקורבים. די ערשטע דאָס זענען געווען די געהאָרזאַמע, די

צווייטע — די פּראָטעסטירענדע, און דאָס האָט ענטוויקעלט ביי די קאָלאָניסטען חניפה און מסירה. די קאָלאָניסטען פון איין קאָלאָניע זענען אָפט צווישען זיך נאָך ביז איצט פיינד און איינער פרעהט זיך איבער דעם צווייטענס אומגליק. איבער דער צוריסענקייט פון די קאָלאָניסטען האָט זיך זיי אין פיעלע קאָלאָניעס ניט איינגעגעבען צונויפצוריידען זיך וועגען פּלאַנצונגען, און וואָס זייערע קאָלאָניעס נויטיגען זיך זעהר. די אַלטע קאָלאָניסטען האַלטען זיך נאָך עד היום פאַר די יחסנים, און בעציהען זיך מיט פעראַכט צו די נייע יונגע ציוניסטישע קאָלאָניסטען און צו די ארבייטער. צו דעם נייעם ישוב בכלל בעציהען זיי זיך מיט שנאה, ווייל זיי האָבען מורא, אז ער זאָל זיי ברייגגען שאָדען, אז איבער איהם וועט מען זיי אָנהייבען וועניגער צו געבען.

דאָס גייסטיגע לעבען פון די קאָלאָניסטען איז איצט זעהר אָרים און קאָנצענטרירט זיך אַרום דער שוהל. אין אַלע יהודה׳ר קאָלאָניעס אויך אין זכרון און אין דעם אויבערשטען גליל זענען פאַרהאַן גרויסע שוהלען. די קאָלאָניסטען געהען מייסטענס דריי־מאָל אין טאָג דאַווענען. אין פּתח תקוה זענען נאָך אויסער דער שוהל פאַרהאַן עטליכע מנינים. כמעט אין אַלע גרעסערע קאָלאָניעס פון יהודה און אויבערשטען גליל קאָנט איהר יעדען טאָג טרעפען קאָלאָניסטען, וואָס זיצען און לערנען אַ פרק משניות אין בית מדרש. בכלל איז דער קאָלאָניסט זעהר פרום. און ער צווינגט אויך זיינע קינדער צו זיין פרום; אַ קאָלאָניסטישער זוהן וועט ניט וואָגען שבת און אין ערטער אפילו אין אַ וואָכענטאָג ניט צו געהען אין שוהל דאַווענען. אין אייניגע קאָלאָניעס זענען אפילו די לעהרער, דאָ וואו זיי זענען מעהר אָדער וועניגער אָבהעניג פון די קאָלאָניסטען, געצוואונגען צו געהן אין שוהל דאַווענען. צו די ארבייטער, וועלכע צייכענען זיך ניט אויס מיט זייער רעליגיעזיטעט, בעציהען זיך די קאָלאָניסטען מיט שנאה, און עס האָט געטראָפען אפילו, אז זיי האָבען די ארבייטער באָיקאָטירט. דאָ, וואו עס זענען פאַרהאַן תלמוד־תורות פון די פראַנקפורטער אָרטאָדאָקסען, גיבען אַהין די קאָלאָניסטען אוועק זייערע קינדער לערנען און זיי ווייכען פון די שולען. אין פּתח־תקוה למשל לערנט די גרעסטע צאָהל קינדער אין דער תלמוד־תורה, און נור וואו די תלמוד־תורות זענען ניטאָ, גיבען אָפּ די עלטערן זייערע קינדער לערנען אין די שולען; זיי זענען אָבער מיט די שולען ניט צופריעדען און זענען אָפט צוקריגט מיט די לעהרער, בעזאָנדערס צייכענען זיך אויס מיט זייער פאַנאַטיזם די פּתח־תקוה׳ר אַלטע קאָלאָניסטען, די געוועזענע תמיכה־נעהמער, אָדער ווי מען רופט זיי דעם „באַראָנס אייניקלעך“. זיי האָבען פערטריבען פון פּתח־תקוה דעם ציוניסטישען דאָקטאָר כהן בערנשטיין, ווייל ער האָט אָרגאַניזירט אין קאָלאָניע לעקציעס וועגען אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע, וואו ער האָט ארויסגעזאָגט ניט גאָר אָרטאָדאָקסאַל רעליגיעזע געדאַנקען.

קיין אנדערע קולטורעלע אינסטיטוציעס זענען ביי די קאָלאָ־ניסטען ניטאָ. אין די ערטער וואו די אַדמיניסטראַציע האָט אמאָל אויפגעבויט א בית־עם. — ווי צ. ב. אין ראשון — איז איצט דאָס הויז געשלאָסען. די ביבליאָטעקען אין פּתח־תקוה און ראשון זענען, ווען איך בין דאָרטען געווען, געוועזען געשלאָסען, און פון די עט־ליכע ביבליאָטעקען, וועלכע זענען געווען אָפען אין די קאָלאָניעס, האָט אויסער ווייניגע שול־קינדער נור די אָדער יענע כלה־מיידעל גענומען א בוך צום לעזען. דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען אין די קאָלאָניעס קאָנצענטרירט זיך ארום דעם ועד; נאָר דער ועד איז טעטיג נור אין פּתח־תקוה. דאָרט האָט ער איינגעפיהרט אַנ׳אָרדנונג ביים קויפען און פערקויפען באָדען, ביים איינמאַהנען די קאָלאָניע־שטייערן; ער האָט אויסגעטיילט מענשען, וועלכע זאָלען אכטונג געבען, מען זאָל אויפ׳ן מאַרק ניט פערקויפען קיין פרישע עסענוואַרג, און אויך א ועד המשפּטים, וועלכער דאַרף בע־טראַכטען די סכסוכים צווישען די קאָלאָניסטען און אויך צווישען די שכנים אראבער מיט די קאָלאָניסטען. דער ועד אין פּתח־תקוה זאָל זיין טעטיג האָט מיטגעהאָלפען דער קאַמפּף צווישען די אַלטע קאָלאָניסטען מיט די נייע עלעמענטען, וועלכע זענען געקומען אין קאָלאָניע. אין די אַלע איבעריגע קאָלאָניעס, וואו קיין נייע עלע־מענטען זענען ניטאָ, איז דער ועד כמעט אין גאַנצען אונטעטיג: אויסער אָבצאָהלען דער רעגירונג דעם עשור, צונויפנעהמען די שטייערן אויף די הוצאות פון דער קאָלאָניע און נעהמען א הלואה אין דער אנגלאָ־פּאַלעסטינע־באַנק — טוען זיי גאָרנישט. אין אַ פּאָר קאָלאָניעס האָט מען זיך געפּרובט עפענען קאָאָפּעראַטיווע קראָ־מען, האָט מען אָבער די געשעפטען אזוי שלעכט געפיהרט, אז די קראָמען האָבען זיך געמוזט פערמאַכען אָדער אריבערגעהן אין פּריי־וואַטע הענד.

אין פּתח־תקוה, ווייל דאָס איז די לעבעדיגסטע קאָלאָניע, מיט מענשען, וואָס זענען ערשט אַנגעקומען פון אייראָפּע, איז דאָס לעבען בכלל אָביסעל ענטוויקעלטער. איהר האָט דאָרטען א פּאָר לייה־קאַ־סעס, צוויי אראנזשען־געזעלשאַפטען, א חברה „דוברי עברית“, א דראַמאַטישע געזעלשאַפט, אַנ׳אָרקעסטער. אמת, די לעצטע עט־ליכע קולטורעלע געזעלשאַפטען זענען ניט זעהר טעטיג; דאָך אָבער עקזיסטירען זיי און דער יונגער עולם געפינט אין זיי מעהר אָדער ווייניגער א בעפריעדיגונג פון זיינע קולטורעלע בעדערפנישען. אויף אַלע איבעריגע קאָלאָניעס ליעגט אָבער א שטעמפּעל פון קולטורע־לער אָרימקייט, אפילו פון קולטורלאָזיגקייט. די פאָרמען פון אָר־בייט זענען די פּרימיטיווע, וועלכע מען האָט איבערגענומען ביי די אראָבער. אין די קאָלאָניעס און אויף די הויפען ביי די קאָלאָניס־טען איז זעהר ניט ריין, אָפט אפילו שמוציג. אין פּתח־תקוה און אין איינינע אַנדערע קאָלאָניעס קאָן מען אין א וואַרימען טאָג ניט דורכגעהן די קאָלאָניע מחמת דעם שלעכטען ריח. אויסער איז א

פאר גערטנער אין פתח־תקוה און ראשון און אין איין פאליסאדניק אין מלחמיה געפינט איהר ניט קיין בלומען אין די קאלאניעס, אין דער צייט וואס די דייטש׳שע קאלאניע ישרונה איז ממש איינגעטונקט אין בלומען. די געצייג און מאשינעס אויף די הויפען ביי די קא־לאניסטען וואלגערן זיך און פוילען אפט אונטערן רעגען. אין יסוד המעלה איז פארהאן איינע פון די שעהנסטע אקאציעס־אלעען אין לאנד, דאס איז געוועזן די פראכט פון דער קאלאניע. ווערט איצט די אלעע פון יאהר צו יאהר קלענער און שיטערער, מחמת די קא־לאניסטען האקען אויס די בוימער פון דער אלעע אויף צום הייצען. און דאס קליידען זיך פון די קאלאניסטקעס אין פיעלע קאלאניעס איז שרעקליך געשמאקלאז.

קיין בעזונדער צוגעבונדענהייט צום לאנד איז ביי די קאלאניס־טען ניטא. ווער עס קען נאר לאזט זיך אוועק אין אנדערע לענדער — אין ארגעטינע, אין אויסטראליען — זוכען א בעסער לעבען. און זענענדיג אונצופריעדען מיט זייער לעבען, ווילען זיי ניט, אז זיי־ערע קינדער זאלען פערבלייבען ביי די זעלבע אומשטענדען אין לאנד. אלע קאלאניסטישע בחורים, אויסער איינציגע אין זכרון און אין פתח־תקוה, פערלאזען דערפאר דאס לאנד. אז די אוועקפאהרענדע זאלען קומען צוריק — דאס טרעפט איהר זעלטען. איך האב איינגאנ־צען בעגעגענט אין פאלעסטינע אזוינע דריי צו פיער.

אין קאלאניע בלייבען נור די מיידלעך. זיי העלפען אביסעל די מוטער אין דער שטוב־ארבייט, האבען אבער אונגעהויער פיעל לעדיגע צייט, וועלכע זיי האבען ניט מיט וואס צו פערנעהמען. זיי נייהען און נייהען אויס, לעזען ווען עס איז א ראמאן, נאר מיים־טענס נודיען זיי זיך און ווארטען אויף א חתן. און עס איז אויף זיי א גרויסער רחמנות. אין די קאלאניעס איז ניטא מיט וועמען חתונה צו האבען. די קאלאניסטישע זיהן צופאהרען זיך; פאר אנ׳ארבייטער חתונה האבען איז קיין תכלית ניט. ווארטען זיי אויף חתנים, וואס וועלען קומען ערגעץ פון דער ווייט — פון פאריז, וויען, קאאירא — און וועלען זיי בעפרייען פון זייער דריקענדען אומעט. און די פאלעסטינער שדכנים ארבייטען אין דער זאך; און דער טאטע, דער קאלאניסט, זאמעלט די לעצטע גראשענס אויף נדן, און די יונגע לייט פון די ווייטע מקומות קומען טאקע און בע־פרייען די קאלאניסטישע טעכטער פון דער פאלעסטינער לופט.

די זיהן פון די קאלאניסטען, וועלכע זענען געקומען אין פאלעס־טינא אין די אכציגער יאהרען, האבען זיך שפעטער בעזעצט מיים־טענס אין די קאלאניעס פון דעם אונטערשטערן גליל. די דאזיגע קאלאניסטישע זיהן שיידען זיך וועניג אונטער פון זייערע פאטערס און דאס אויך צום שלעכטען. זיי האבען שוין קיינמאל ניט פערמאגט קיין אידעאליזם; זענען אויסגעוואקסען דירעקט אונטער דער וויר־קונג פון דעם בארא‎נס תמיכה, און האבען דערפאר איצט קיינע אי־

דעאלען, אויסער א בעסערע הלואה צו קריגען. די שוהל מיט'ן דאווענען האט אויף זיי שוין ניט אזא גרויסע ווירקונג, ווי אויף די אלטע קאלאניסטען; מיט עטוואס אנדערעס קולטורעלעס האבען זיי אבער די שוהל ניט פערביטען. געווירקט האט אויף זיי צום שלעכטען אויף די ארומיגע סביבה: זיי זענען געווארען פערגרעבט און אבערגלויביש. און בעזונדערס איז קאנטיג די ווירקונג פון דער אראבישער סביבה אויף די וועניגע יונגע בחורים, וועלכע זענען געבליבען אין לאנד — אין זכרון, אין אטליט. דאס זענען פשוט'ע, גראבע פויערים־יונגען, וועלכע זידלען זיך און שילטען זיך ניט ערגער פאר קיין אראבער. פון דער שולע, וועלכע זיי האבען דורכגעמאכט, איז ביי זיי געבליבען ניט מעהר ווי א ביסעל העברעאישע און עטליכע פראנצויזישע ווערטער. זייערע שמחות, זייער כבוד, זייער מוזיק און טענץ און זייער קליידונג דערמאנען מעהר די רוסישע פויערישע „וועטשערינקעס“ איידער א שטאדטישען יודישען אווענד.

די פערבינדונגען מיט זייערע אלטע היימען אין אייראפא האבען די קאלאניסטען לאנג איבערגעריסען. פון אלע געשעהענישען אינ'ם יודישען לעבען קומען צו זיי אן נור פערשפעטיגטע מטושטש'ע ווידערקלאנגען, ווען איך בין געוועזן אין פאלעסטינע האט זיך דארטען איינגאנצען בעקומען 8-10 „הצפירה'ס“, 3 „פריינדען“ און 2 „היינטען“. אין פיעלע קאלאניעס האט איהר ניט קיין איין צייטונג, אפילו קיין ארטיגע. (פארהאן קאלאניעס אויך, וואו איהר געפינט בכלל ניט קיין איין ספר. אויסער א סידור און א חומש, צ. ב. אין אטליט). דער גייסטיגער האריזאנט פון די קאלאניסטען ווערט דערפאר אלץ איינגער און איינגער.

איין זאך בינדט נור נאך צו די קאלאניסטען צו דער אויסערליכער יודישער וועלט: דאס איז די שטיצע, וואס זיי ערווארטען פון דארט. און דאס האט אויסגעארבייט אנ'אינטערעסאנטען שטריך אינ'ם כאראקטער פון די קאלאניסטען: זיי זענען זעהר בערייידעוודיג און אפענהערציג. זיי דערצעהלען אייך נאך מעהר איידער איהר אליין וואגט ביי זיי צו פרעגען. זיי ווילען אפט אונבעוואוסטזיניג, אז מען זאל וועגען זיי וואס מעהר רעדען צווישען די יודען, מען זאל זיי וואס מעהר האבען אין זינען. און זיי נעהמען דערפאר צו זעהר פריינדליך די בעזוכער. פאר די בכבוד'יגע געסט מאכען זיי נאך א ווארמעס, א באנקעט, און קארגען אפילו ניט אויף דעם קאלאניע־געלט. פון דעם באראנס אדמיניסטראציע און פון די ציוניסטען (וועלכע זענען אויך גרויסע בריה'ס אויף דעם) האבען די קאלאניסטען זיך אויסגעלערענט צו ווייזען די אורחים זייער יום־טוב'דיגע זייט און פערבארגען דעם וואך. און דאס איז די אורזאכע, וואס פיעלע בעזוכער פון פאלעסטינע, וועלכע קומען אין לאנד מייסטענס נור אויף א פאר וואכען און האבען ניט קיין צייט און געוועהנליך אויך ניט קיין געהעריגע ידיעות, וואס זענען נויטהיג אום טיעפער זיך בעקאנען מיט דער זאך, אום צו דערגעהן אויף די ווא

כעדיגע זייט, די אמת'ע פערהעלטנישען און די אמת'ע לאַגע, קאָ־
נען זיך אָפּט ניט אָפּלויבען פון די פּאַלעסטינער קאָלאָניעס. זיי
האָבען נור געזעהען דעם פּאַלעסטינער יום־טוב, ריכטיגער נאָך —
דעם גענויזעט יום־טוב, אָבער גאָרנישט געזע־
הען פון דעם וואָך, און זיי ווערען אריינגעבראַכט אין א גראָבען
טעות, און זיי פאָהרען אַוועק מיט דער פאַלשער איבערצייגונג, אז
די קאָלאָניסטען לעבען גליקליך און די קאָלאָניזאַציע בליהט.

דער פּאַלעסטינער טוריסט, ווערט בעצויבערט, ווען ער דער־
זעהט א קאָלאָניסט פאָהרען אויף אַנ'אייזעלע אָדער א גרינע יודישע
פעלד, אָדער א שמעקענדיגען יודישען גאָרטען. ער ווייס אָבער ניט,
אז די פעלד און דער גאָרטען זענען בעאַרבייט ניט דורכ'ן קאָלאָ־
ניסט, נאָר דורך פרעמדע אראַבער הענד; אז דער קאָלאָניסט איז
נור א קליינער, פוילער פּריצ'ל, וועלכער לעבט פון פרעמדער ארבייט,
און אז זיין ווירטשאַפט ווערט געפיהרט אויף א פרימיטיווען שטיי־
נער. ווען ער וואָלט זיך צוגעקוקט, וואָלט ער דערפיהלט, אז דער
ריח פון דער ערד לאָזט זיך זעהר שוואַך הערען פון דעם יודישען
קאָלאָניסט אין פּאַלעסטינע, און ער וואָלט בעמערקט, אז אין די
דאָרטיגע יודישע קאָלאָניעס, איז ניט איינגעפיהרט דאָס פאָרגע־
שריטענסטע, בעסטע און העכסטע, וואָס אַלע ציוויליזירטע פעלקער
פערמאָגען שוין — ווי מען וואָלט דאָס געדאַרפט ערוואַרטען, —
נאָר אז די קאָלאָניעס שטעהען אויף פיעלע שטאַפּלען נידעריגער אין
פיעלע הינזיכטען, איידער די דערפער אין מעריב אייראָפּא.

אמת, אין איניגע קאָלאָניעס איז נאָך פערבליבען וואו ניט
וואו א קאָלאָניסט, וועלכער האָט נאָך ניט אָנגעוואָרען זיין אַמאָליגען
אידעאַליזם. אזא קאָלאָניסט טראָגט זיך געוועהנליך אום מיט פער־
שיעדענע פּלענער, ווי צו ראַטעווען דעם ישוב; ער האָט געוועהנ־
ליך גאַנצע פעק מיט געשריבענעם מאַטעריאַל — זכרונות און
פּלענער. נאָר דאָס געשריבענע האָט ניט די מעגליכקייט צו דערגעהן
צו דער עפענטליכקייט; און די איבעריגע קאָלאָניסטען — די אַמאָלי־
גע אידעאַליסטען, — וועלכע לאַכען איצט אויס און חוזק'ן אויס
אַלץ, וואָס עס שמעקט מיט אידעאַליזם, בעציהען זיך אויך מיט אי־
ראָניע צו זייער „טשודאַק“ דעם לאַנדסמאַן און לאַכען איהם אויס
פאַר אַלע געסט.

5.

## דער נייעסטער ישוב.

צום נייעסטען ישוב געהערען די, וואָס זענען געקומען אין פּאַ־
לעסטינע די לעצטע צעהן יאָהר: דאָס זענען די בעלי מלאכות און
הענדלער פון יפו; די קאָלאָניסטען פון די ארבייטער־קאָלאָניעס
און א געוויסע צאָהל יונגע קאָלאָניסטען פון דעם אונטערשטען גליל
און פון פּתח־תקוה, די ארבייטער, און די מיטגלידער פון די קאָאָ־

פּעראַציעס, די ציוניסטישע טוער און די לעהרער.
די אַלע זענען געקומען אין פּאַלעסטינע, ווי געזאָגט, זעהר ניט לאַנג, אויף זיי ליגט נאָך דער שטעמפּעל פון דער אייראָפּעאיש־יודישער קולטור. אויסער די בעלי מלאכות און הענדלער פון יפו — א דריי־פיער טויזענד נפשות, — וועלכע זענען געקומען אין פּאַלעסטינא צו מאכען דאָרט אַ לעבען אויף דעם זעלבען שטייגער ווי אין דער אלטער היים, און וועלכע שיידען זיך מיט גאָרנישט אונ־טער פון די יודישע בעלי מלאכות און הענדלער בכל תפוצות ישראל, זענען אלע איבעריגע פונ׳ם נייעסטען ישוב — אידעאַליסטען. דאָס זענען שוין ניט קיין לעדיג־געהער, ווי די אַלטע קאָלאָניסטען, נאָר מענשען, וועלכע האָרעווען מיט׳ן ביטערען שווייס אויף די געביטען, וועלכע זיי האָבען זיך ערוועהלט. זיי האָבען געוויסע אידעאַלען, וועלכע זיי ווילען פערווירקליכען אין פּאַלעסטינע.
אין יפו האָבען די לעהרער צוזאמען מיט איינינע סוחרים מיט דער הילף פון דעם נאַציאָנאַל־פּאָנד אויסגעבויט א נייעם טייל שטאָדט — תל־אָביב און נחלת בנימין, — וועלכער מאכט זעהר אַ גוטען איינדרוק. דאָס איז אַ קוואַרטעל, וועלכער שטעהט לויט זיין ריינקייט, לויט דער רעגעלינקייט פון די גאסען און לויט דעם, ווי ער ווערט געפיהרט פון די איינוואוינער, ניט נידעריגער, איידער, די אריסטאָקראַטישע קוואַרטאַלען אין די גרעסטע אייראָ־פּעאישע שטעדט. נאָך א בעזונדערס גוטען איינדרוק מאכט אויף אייך תל־אביב, ווייל איהר קומט אהין אריין פון יפו, מיט איהרע איינגע, געדרעהטע, קייטיגע און שמוציגע גאַסען און מיט איהר פער־שטיקטען, שרעקליך שלעכטען ריח, וואָס ניט קיין געוועהנטען איי־ראָפּעער איז איהם זעהר שווער אריבערצוטראָגען.
אין פּתח־תקוה שאַפט אָט דער דאָזיגער נייער עלעמענט דאָס לעבען פון דער קאָלאָניע. ער האָט אויסגעקעמפּפט פאר זיך וואהל־רעכט, האָט אריינגעבראכט איינינע זיינע מיטגליעדער אין ועד און געבראכט דערצו, דער ועד זאָל פערברייטערן דעם קרייז פון זיין טעטיגקייט. די עטליכע קולטורעלע חברות, וועלכע זענען פאַראַן אין פּתח־תקוה, בעשטעהען נור פון דעם דאָזיגען נייעם עלעמענט מיט אַ צוגאָב פון עטליכע קאָלאָניסטישע בחורים און מיידלעך.
יפו איז אזוי צו זאָגען, דער קולטור - צענטער פון דעם דאָזיגען נייעם יונגען עלעמענט. דאָרט געפינען זיך די בעסטע יודישע שולען און די בעסטע יודישע לעהרער; דאָרטען זענען די ציוניסטישע טוער; דאָרטען געהען ארויס די פּאָר בעסערע זשורנאַלען; דאָרט איז פאַראַן אַנ׳אינטעליגענץ, וועלכע אָרדענט איין פון צייט צו צייט פּאָרלעזונגען; דאָרט האָט מען געמאכט א פּרוּוו צו גרינדען אַנ׳אַמאַטאָרען גרופּע, וואָס זאָל שפּיעלען יודישען טעאַטער; מיט יפו איז צוזאַמענגעבונדען אויך דער גאַנצער יודישער ישוב אין יהודה, ווייל דאָרטען געפינט זיך די אנגלאָ־פּאַלעסטינע־באַנק, וואו יעדע קאָלאָניע בעקומט איהר הלואה.

די אידעאַלען פון דעם דאָזיגען נייעם עלעמענט זענען פאָל־גענדע: פערנעהמען דאָס לאַנד, פערנעהמען די ארבייט, אויפ־בויען א גוטע שולע און פערשפּרייטען די העברעאישע שפּראַך.

צו האָט זיך אָט דעם נייעם עלעמענט איינגעגעבען אויפצוטון וויכטיגעס אויף די דאָזיגע געביטען און צו האָט ער גוטע אויסזיכטען אויף ווייטער?

דער ערשטער אידעאַל איז — פערנעהמען דאָס לאַנד. אויף דעם דאָזיגען געביט האָט דער נייער עלעמענט אויפגעטון זעהר ווייניג. דער גרעסטער טייל באָדען, וואָס געהערט יודען אין פּאַ־לעסטינע, איז געקויפט געוואָרען פונ׳ם בּאַראָן און פון יק״א אין די 80־גער און 90־גער יאָהרען. די ציוניסטען האָט זיך איינגעגעבען נור צו קויפען אין עטליכע ערטער באָדען, אָבער יעדעס מאָל גאַנץ קליינע שטיקער, אויף וועלכע עס איז נאָך מעגליך צו בויען א פערמע, וועלכע זענען אָבער צו קליין אפילו פאַר קליינע קאָלאָניעס. יעדע נייע קניה איז פערבונדען מיט אונגעהויערע הוצאות, און מיט מסירת נפש פאַר די, וועלכע דאַרפען צוערשט קומען צו בעאַרבייטען דעם נייעם באָדען. און וואָס ווייטער, אַלץ שווערער און שווערער ווערט צו קויפען א נייעם שטיקעל באָדען אין פּאַלעסטינע.

דער צווייטער אידעאַל איז — פערנעהמען די ארבייט, וועלכע ווערט ביז איצט אפילו אין די יודישע קאָלאָניעס אויסגעפיהרט מיט אראַבּישע הענט. ביז איצט איז אין דער הינזיכט אויפגעטהון גע־וואָרען זעהר ווייניג (גענויער וועגען דעם זעה אויבען דעם ארטיקעל וועגען דער ארבייטער פראַגע אין פּאַלעסטינע). דער יודישער קאָ־לאָניסט נעהמט כמעט ניט קיין יודישע ארבייטער. די קאָלאָניסטען פון די ארבייטער קאָלאָניעס, וועלכע זענען די ענטוויקעלסטע פון די געוועזענע ארבייטער אין פּאַלעסטינע, האָבען ביים איינאָרדנען זיך פערפּליכטעט זיך ניט צו בענוצען מיט קיין אראַבּישער ארבייט, און זיי היטען אָב די פערפּליכטונג, פון די נייע קאָלאָניסטען פונ׳ם אויבערשטען גליל אָבער, — אויך געוועזענע ארבייטער, וועלכע האָבען אַמאָל אַליין געקעמפּפט פאַר פערנעהמען די ארבייט, — דינגען פיעלע איצט, ווען זיי איז נויטיג (זיי ארבייטען מייסטענס אליין) אראַבּישע ארבייטער. און די נייע קאָלאָניסטען אין פּתח־תקוה, אויסער איינעם, בענוצען זיך כמעט, אינגאַנצען מיט אראַ־בּישער ארבייט. בכלל האָט די יודישע א ר ב י י ט, ניט קיין אָרט און ניט קיין צוקונפט אין פּאַלעסטינע.

די טרעגער פון דעם אידעאַל פון פערנעהמען די ארבייט זענען הויפּטזעכליך די ארבייטער. אין דעם אַרטיקעל וועגען די ארבייטער אין פּאַלעסטינע האָב איך אָנגעוויזען ברייטער, ווי די ארבייטער לע־בען, מיט וואָס זיי אינטערעסירען זיך, אין וואָס בעשטעהט זייער גייסטיגעס לעבען. מיר האָבען דאָרט געזעהן, אז די ארבייטער בלייבען ניט לאַנג אין לאַנד; אז פון די געבליבענע איז נור א קליי־נער טייל מעהר ענטוויקעלט און בעזיצט נאָך ביז איצט העכערע

גייסטיגע בעדערפנישען, און דער בריטישער ארבייטער עולם איז גייסטיג זעהר אָרים. און ביי די מעהר ענטוויקעלטע האָט זיך די לעצטע צייט אָנגעהויבען צו פערשפרייטען דער געדאַנק וועגען אראביזירען זיך, א געדאַנק וועלכער איז א רעזולטאט פון געצוואונגענער בעגרענצונג פון די מאַטעריעלע בעדערפנישען און וועלכער ברענגט אָבער אויך צו דער פערנידערונג פון די גייסטיגע בעדערפנישען.

דער דריטער אידעאַל איז — אויפבויען א גוטע שולע אין פאַלעסטינע. נאָר קיין איינהייטליכע שולע איז נאָך ביז איצט אין פאַלעסטינע ניט פאַרהאַן. יעדער, ווער עס וויל, האָט דאָרט דאָס רעכט צו עפענען א שולע און איינפיהרען אין איהר די למודים, וועלכע ער וויל. קיין איינהייטליכע פראָגראם איז דאָרטען דערפאר אין די שולען ניטאָ.

נאָר עטליכע שטריכען זענען אַלגעמיינע פאר אַלע שולען אין פאַלעסטינע, דער ערשטער שטריך איז — וואָס זיי אַלע ווערען אויסגעהאַלטען ניט אויף די מיטלען פון די פאַלעסטינער יודען, נאָר אויף די מיטלען פון דער אָדער יענער אייראָפּעאישער חברה, ריכטיגער אויף צדקה. עס זענען פאַרהאַן שולען פון דער אַליאַנס, פון דער יק"א, פון דעם דייטשען הילפס־פעראיין, פון די ענגלישע יודען, פון די פראַנקפורטער אָרטאָדאָקסען, פון די חובבי ציון, פון די ציוניסטען. אין איינִיגע קאָלאָניעס, ווי אין פּתח־תקוה, אין ראש־פנה, צאָהלען די קאָלאָניסטען פאַר זייערע קינדער צו האַלבען פראַנק ביז א פראַנק א מאָנאַט אָדער ווענִיגער, אין א פאָר קאָלאָניעס גיבען די ועדים עטוואָס צושטייער אויף דער שולע. מייסטענס אָבער צאָהלען די קאָלאָניסטען גאָרנישט פאַר דער לעהרע פון זייערע קינדער סיי אין די קינדער גערטנער, סיי אין די שולען. אין די פאָר קאָלאָניעס, וואו די קאָלאָניסטען גיבען צושטייער עטוואָס אויף דער שולע, האָבען זיי נאָך אין איהר א שטיקעל דעה. אין די אַלע איבעריגע קאָלאָניעס האָבען זיי אויף דער שולע גאָרנישט צו זאָגען. מען פרעגט ניט ביי זיי און מען רעכענט זיך ניט מיט זייערע מיינונגען, און די קאָלאָניסטען זענען געוועהנליך אונצופריעדען מיט די שולען, און אָפט צוקריגט מיט די לעהרער, וועלכע זיי האַלטען פאַר יק"א'ס בעאַמטע. אין די ערטער, וואו עס זענען פאַרהאַן די אָרטאָדאָקסאַלע תלמוד־תורות, וועלכע זענען עהנליך צו אונזערע חדרים, גיבען זעהר פיעל קאָלאָניסטען אָב אַהין—ווי איך האָב שוין, אויבען אָנגעמערקט, זייערע קינדער. אין די אַלע אַנדערע ערטער גיבען זיי אָב זייערע קינדער אין די שולעס בעל כרחו, ווייל זיי האָבען קיין אַנדער ברירה ניט.

דער צווייטער אַלגעמיינער שטריך איז—וואָס די שולע האָט אין זיך דאָרט זייטיגע, אָפט פּאָליטישע אָדער פּאַרטיי־כונות. ניט נור

בכלל ערציהען דאָס קינד שטעלט זיך די דאָרטיגע שולע אלס איהר אויפגאבע, נאָר ערציהען עס אין א געוויסער ריכטונג, אויסאיבען אויף איהם אזא ווירקונג, ער זאָל שפּעטער, אויסוואקסענדיג, האנדלען לויט די ציעלען, וואָס די חברה אָדער די גרינדער פון שול האָבען זיך געשטעלט. די אליאנס, למשל, שטרעבט צו פערשפּרייטען דורך איהרע שולען די פראנצויזישע שפּראך און די פראנצויזישע ווירקונג; די חובבי־ציון — צו מאַכען די קינדער פאר ציוניסטען און פאר העברעאיש רעדער; די פראנקפורטער — צו ערציהען א פרומען דור; דער הילפס־פעראיין צו פערשפּרייטען אין פּאַלעסטינא די דייטשע ווירקונג און די דייטשע שפּראך.

ווען איך בין געווען אין ירושלים אין לעמעל־שולע, וועלכע ווערט אויסגעהאַלטען דורך דעם הילפס־פעראיין, און בין געזעסען אויף דעם ה. דוד ילין׳ס א לעקציע פון יודישער געשיכטע, איז אריינגעקומען דער דירעקטאָר פון דער שולע ה. אפרים כהן מיט א גאַסט, איינעם א ראבינער פון דייטשלאנד ה. בלום, דער דירעקטאָר האָט געהייסען איינעם פון די תלמידים דערצעהלען די לעקציע אויף העברעאיש, דערנאָך דאָס זעלבע אויף דייטש; און נאָכדעם האָט ער געהייסען ברייננען די קארטע פון קליין אזיען און אנגעהויבען צו פרעגען די שילער, וואו געהט דורך די באַגדאַדער אייזענבאַהן, וועלכע וויכטיגע פונקטען זענען אויף איהר פארהאַן און וואָס פאר אינטערעסען האָבען די דייטשען אין קליין־אזיען. עס האָט אויסגעזעהן, אזוי ווי דאָס וואָלט געווען א אימפּעריאליסטישע דייטשע רעגירונגס־שולע.

דער דריטער אלגעמיינער שטריך איז — וואָס דער אונטערריכט אין אלע שולען ווערט געפיהרט ניט אויף דער מוטער שפּראך פון די קינדער, נאָר אויף א וועלכער עס איז פרעמדער פאר־זיי שפּראך. אין די אליאנס־שולען ווערט דער אונטעררירכט געפיהרט אויף פראנצויזיש; אין דער עוועלינא־ראָטשילד־שולע — אין ענגליש; אין די שולען פון הילפס־פעראיין האלב אויף דייטש, האלב אויף העברעאיש; און די שולען פון די חובבי־ציון און פון די ציוניסטען אויף העברעאיש. אין דער צייט וואָס די אשכנז׳ישע קינדער בכלל און די קאַלאָניסטישע בפרט רעדען אין דער היים נור יודיש. פון די 90 קינדער אין דעם פּתח־תקוה׳ר קינדער גארטען, למשל, האָט נור איינע — די דריי־יעהריגע מיידעלע פונ׳ם ה. סקיבין — פערשטאַנען העברעאיש ביים אַנקומען אין גן, און דאָס זעלבע אין אלע איבעריגע גערטנער. אין גאַנץ פּאַלעסטינע איז ביז איצט פאר־האַן נור א 40־50 פאמיליעס, אין וועלכע די עלטערן צווישען זיך און אויך מיט די קינדער רעדען העברעאיש; דאָס זענען מייסטענס די פאמיליעס פון די לעהרער. און אלע איבעריגע פאמיליעס רעדט מען יודיש, און די גאַנצע יודישע אומגאַנגס שפּראך ארום איז יודיש. די העברעאישע שפּראך איז פאר די יודישע קינדער ביי

זייער אַנקומען אין שולע דערפאַר א פרעמדע שפּראַך נאָך ביז איצט אפילו אין פּאַלעסטינע.

דאָס לערנען אין דער שולע אויף א פרעמדער שפּראַך האָט אָבער זעהר שלעכטע פאָלגען פאַר די קינדער. אויב די קליינע קינ־דער ביז דער שולע און אין קינדער־גאָרטען זענען גאַנץ קלוגע לעבעדיגע בריאות, וועלכע קוקען אייך גלייך אין די אויגען און ענטפערן אייך גאַנץ טרעפליך, זענען די קינדער פון די שולעס טעמ־פּע נפשות, וועלכע ווייסען אייך מייסטענס ניט צו ענטפערן אויף דער פּשוט׳סטער פראַגע. פון די לעהרער גופא רעדען נור זעהר ווייניג פריי העברעאיש, מייסטענס אָבער בעגעגענען זיי גרויסע שוועריגקייטען ביים ערקלערען די קינדער וואָס עס איז אין קלאַס. איך בין פיעל מאָל בייגעווען אין די קלאַסען, ווען די לעהרער האָבען זיך געפּלייסט און געקוועלט מיט זייער אָרימער שפּראַך צו ערקלערען עטוואָס די קינדער, האָבען אָבער ניט געהאַט גענוג פערשטענדיגע ווערטער; און די קינדער האָבען ניט פערשטאַנען, וואָס דער לעהרער מיינט און וויל. און דער לעהרער האָט בעסער צוקאָמקעט, צוקאַלעטשעט דעם געדאַנק, איידער צו בענוצען זיך מיט א טרפה׳ן יודישען וואָרט צו ערקלערען דעם קינד, וואָס ער וויל.

קיין העברעאישע לעהר־ביכער זענען כמעט ווי ניטאָ, איבער־הויפּט פון ספּעציעלע למודים. דער לעהרער שרייבט געוועהנליך פאַר די שילער קאָנספּעקטען; די שילער לערנען געוועהנליך אויס קאָנספּעקטען פון די קאָנספּעקטען, און דער סוף איז — אז ביי די קינדער בלייבען נור איבער עטליכע טרוקענע ווערטער פון דעם גאַנצען לימוד.

די קינדער זענען פערנומען אין דער שולע פון 8 ביז 12 און פון 2 ביז 4. ווינטערצייט הייסט דאָס כמעט דעם גאַנצען טאָג. די קינ־דער זענען גאַנץ ווייט פון דער פאַמיליע; זיי פערגעסען אין משך פון די שול־יאָהרען אַביסעל זייער יודיש, און צוזאַמען מיט דער יודישער שפּראַך געהט פאַר זיי פערלאָרען אויך די קולטור פון זייערע על־טערן. אין שול בעקומען זיי נור א בעגרענצטע צאָהל בעגריפען וועגען דאָס, וואָס האָט א שייכות צו דער שול און וועגען קינדער לעבען. און אַרום דעם דרעהען זיך אויך זייערע ידיעות אין דער העברעאישער שפּראַך. פאַר די אַלטעגליכע קינדערשע בעגריפען האָבען זיי נאָך אויסדריקע; פאַר עטוואָס, וואָס האָט ניט קיין שייכות צו דער שולע אָדער צו די לימודים פון דער שולע, האָבען זיי שוין קיין ווערטער ניט. ווען זיי רעדען יודיש, מישען זיי אריין העב־רעאישע ווערטער, און ווען זיי רעדען העברעאיש פעהלען זיי אָפּט אויס ווערטער און זיי מישען אריין יודישע.

און מיט דער אָרימקייט פון זייער שפּראַך קומט אויך זייער גייסטיגע אָרימקייט. אין קיין אָרט זענען די יודישע קינדער ניט אַזוי ווייניג ענטוויקעלט און ניט אַזוי טעמפּ ווי אין פּאַלעסטינע. און אַלע בעסערע פּאַלעסטינער לעהרער ווייסען דאָס זעהר גוט.

ה. ווילקאָמיטש, דער אויפזעהער פון אַלע שולען פון אויבערשטען גליל האָט מיר ערקלעהרט די דאָזיגע אונענטוויקעלהייט דערמיט, וואָס די קינדער זענען דאָרפישע און ניט שטאָדטישע, ווי די איראָ־פּעאישע יודישע קינדער, דאָס אָבער אַליין ערקלערט נאָך ניט, פאַרוואָס זיי זענען אַזוי טעמפּ. דער דר. טוראָוו, דער פּערוואַלטער פון דעם בית־ספר לבנות און פון דעם לעהרערינס־סעמינאַריום אין יפו האָט מיר די אונענטוויקלטקייט פון די קינדער ערקלערט מיט פאָלגענדע אורזאכען: 1) אין פּאַלעסטינע איז אין משך פון 4—5 חדשים אַזוי היים, אַז די קינדערשע קעפּלעך זענען ניט אימשטאַנד דאַן כאָטש וויפּיעל עס איז צו ארבייטען און זיי פערגיסען דאמאָלסט אויך דאָס וואָס זיי האָבען געלערנט אין דער קיהלער צייט; 2) די פּאַלעסטינער יודישע בעפעלקערונג איז זעהר אָרים און די קינדער ערנעהרען זיך זעהר שלעכט, וואָס עס ווירקט אויף זייער גייסטיגער ענטוויקלונג. 3) די קינדער זענען זעהר לאַנג פערנומען אין שולע און האָבען ניט קיין צייט צו לעזען. 4) עס איז אין העברעאישען ניטא פאַר די קינדער וואָס צו לעזען.

די דאָזיגע אַלע סבות ווירקען געוויס שלעכט אויף דער ענט־וויקלונג פון די קינדער, נאָר זעהר א גרויסע שלעכטע ווירקונג האָט געוויס דער אונטערריכט אין העברעאיש, וועלכע איז נאָך ביי די לעהרער אַליין ניט קיין לעבעדיגע שפּראַך. א שלעכטע ווירקונג האָט אויך די אייזערנע דיסציפּלין אין די קלאַסען, וועלכע איז אי־בערגענומען ביי די דייטשען. די קינדער זיצען כמעט אומעטום אין קלאַס די גאַנצע צייט מיט די הענד אויף די טישען אָדער גאָר מיט די הענד פערלעגט אויף הינטען. און ניט נור די גרויסע זיצען אַזוי, — אפילו קליינינקע קינדער פון 5—7 יאָהר איז רעכט אז זיי זיצען א גאַנצע שעה לאַנג אָפּ אין דער דאָזיגער פּאָזע; עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען וואָס פאַר א אונטערדריקענדע ווירקונג דאָס האָט אויפ'ן קינד.

און נאָך איין שטריך פון די יודישע, איבערהויפּט קאָלאָניסטי־שע קינדער אין פּאַלעסטינע; זיי ווערען ערצויגען זעהר נאָהענט צו די אראבער, אין איינינע קאָלאָניעס וואוינען די אראבישע ארביי־טער מיט זייערע ווייבער אין קינדער ביים קאָלאָניסט אויפ'ן הויף, און די נאָהענטע שכנות פון די אַראבער האָט געמאכט די קינדער זעהר פערגרעבט. די מאוס'ע ווערטער, זידלערייען, קללות, און אויך מידות, דאָס איז דער עכט פּאַלעסטינער גייסטיגער באגאזש וואָס די קינדער נעהמען איבער ביי די גרונד־איינוואָהנער פון פּאַ־לעסטינע, ביי די א ר א ב ע ר.

מיר האָבען ביז איצט גערעדט וועגען די אָנפאַנגס־שולען. אין פּאַלעסטינע זענען אָבער שוין פאַרהאַן אויף 4 מיטעל שולען: די גימנאַזיע אין יפו, די גימנאַזיע אין ירושלים, דער לעהרער־סעמי־נאַר אין ירושלים און די אָרטאָדאָקסישע גימנאַזיע — דער תחכמוני — אין יפו.

די גימנאַזיע אין יפו מאַכט אויפ׳ן ערשטען בליק זעהר א גוטען איינדרוק: א שענע געביידע און גרויסע קלאַסען; פרייע אונגעצוואונגענע בעציהונגען צווישען די לעהרער און די שילער. די קינדער רעדען גאַנץ פריי העברעאיש. נאָר ווען מען קוקט זיך צו נעהענטער, זעהט מען, אז זי האָט אייגענטליך ווייט ניט מיט וואָס זיך צו בעריהמען. אזוי ווי אלע שולען אין לאַנד עקזיסטירט די גימנאַזיע אויף צדקה, אמת, אָפיציעל איז די גימנאַזיע געשעפטליך אַנ׳אקציענ־געזעלשאַפט: נאָר די אַקציאָנערען ניט זיי אינטערעסירען זיך דירעקט מיט דער שולע, ניט זיי קומען צופאָהרען פון אלע עקען וועלט ווען עס איז צו דער אקציאָנערען־פערזאמלונג. „אַקציענגעזעלשאפט" דאָס איז נור א פייגענבלאַט פאַר דאָס מיאוסע וואָרט צדקה. דער שכר לימוד פון די קינדער בילדעט נור איין קליינעם טייל פון די הכנסות פון דער שולע. ווידער שטעהט די גימנאַזיע ניט אויף דער הויך, וועלכע מען וואָלט געקאָנט ערוואַרטען פון א יודישער פרייער מיטעלער שולע. דאָס איז ניט קיין שולע, וואו מען שטרעבט אויסצובילדען פרייע ענטוויקעלטע מענשען: דאָס איז א געוועהנליכע רוסישע גימנאַזיע, נאָר וואו מען לערנט אַלץ אויף העברעאיש, און וואו מען גיט אָב אַ ביסעל מעהר צייט פאר גימנאַסטיק. די צאָהל שפּראַכען, וואָס מען לערנט דאָרט, איז אונגעהויער גרויס. אויסער העברעאיש — נאָך אראַביש, טערקיש און פראנצויזיש אלס מוז געגענשטאנדען און פון פינפטען קלאַס אָן אויך דייטש, לאַטיין און אפילו גריכיש. די שפּראַכען נעהמען אָב זעהר פיעל צייט. אמת, די שילער ווייסען ניט קיין איינע פון זיי, אויסער אביסעל פראנצויזיש; דערפאר אָבער בלייבט איבער זעהר ווייניג צייט פאר אנדערע געגענשטאַנדען. מאַטעמאַטיק און נאַטור־וויסענשאפט ווערען נאָך געלערנט ניט לויט לעהר־ביכער, ווייל אזוינע זענען אין העברעאיש ניט פארהאן, און די ידיעות פון די שילער זענען דערפאר ניט גרויסע. און וואָס עס איז בעזונדערס אינטערעסאַנט — די קינדער ווייסען ניט דעם תנך. וועגען תנך דערצעהלט מען זיי געוועהנליך זעהר א סך, דעם תנך אַליין אָבער ווייסען זיי ניט. און די ענטוויקלונג פון די גימנאַזיסטען און גימנאַזיסטקעס איז, ווי די ענטוויקלונג בכלל פון די פּאַלעסטינער קינדער, זעהר נידעריג. ניט זיי האָבען צייט צו לעזען, ניט זיי האָבען וואָס צו לעזען. גרויסע בחורים און מיידלעך מאכען לויט זייער ענטוויקלונג דעם איינדרוק פון קליינע קינדער. אינטערעסאַנט זענען די אידעאַלען פון די קינדער בנוגע זייער צוקונפטיגער קאריערע, נאָכ׳ן ענדיגען די גימנאַזיע. פון די 11 צו 13 קינדער פון דעם 6־טען קלאַס (דאַמאָלס דעם העכסטען) האָבען מיר צוויי געזאָגט, אז זיי ווילען ווערען אדוואָקאַטען), ווייל איינער פון זייערע לעהרער איז דאַמאָלסט ניט לאַנג געווארען גערופען צו פערנעהמען דאָס אָרט פון א ריכטער אין ביירוט); דריי האָבען געוואָלט פאָהרען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין יונקער־שולע, איינער האָט זיך גע־

ריכט, אז ביז ער וועט ענדיגען, וועט פארטיג ווערען דער טעכ־ניקום און ער וועט אהוי אַנקומען, איינער האָט געוואָלט ווערען א לעהרער און די איבעריגע סוחרים. די נוצען וואָס פאַלעסטינע וואָלט געהאַט פון דעם גאַנצען קלאַס איז, ווי איהר זעהט, א גאַנץ קליינער, בכלל האָבען די ציוניסטען אויפגעהויבען ארום דער יפו'ר גימנאַזיע שוין צופיעל טומעל, אלענפאַלס ניט אין אַן'ערך פיעל מעהר, איידער זי פערדיענט.

די גימנאַזיע אין ירושלים האָט דאַמאָלסט, ווען איך בין דאָרט געוועזען געהאַט נור 4 קלאַסען און האָט אלעס נאָכגעטון איהר יפו'ר עלטערער שוועסטער. אין תחכמוני בין איך ניט געוועזען, איך וועל נור זאָגען נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם לעהרער־סעמינאַר אין ירושלים. איך האָב בעזוכט זיינע פיעלע קלאַסען, האָב אויך גערעדט מיט פיעלע שילער און לעהרער פון סעמינאַר, און ער האָט אויף מיר אין אלגעמיין געמאַכט א גוטען איינדרוק. אמת, מען לערנט דאָרט שוין אַ ביסעל צופיעל די דייטשע שפּראַך, די דייטשע ליטע־ראטור און די דייטשע געשיכטע. דערפאַר בעקומען דאָרט די שי־לער גאַנץ סאָלידע ידיעות אין דער העברעאישער שפּראַך און ליטע־ראטור און אין נאַטור־וויסענשאַפט, וואָס עס וועט שפּעטער צונוץ קומען די קינדער, וועלכע זיי, אלס לעהרער, וועלען לערנען.

אין פאַלעסטינע זענען נאָך פאַרהאַן צוויי ספּעציעלע שולען; די אליאַנס האַנדווערקער־שולע אין ירושלים און די לאַנדווירט־שאַפטליכע שולע אין מקוה־ישראל. די שולעס זענען אין אלגעמיין אוועקגעשטעלט ניט שלעכט, איבערהויפּט די ערשטע; נאָר די שילער פון די דאָזיגע שולען, ווען זיי ענדיגען, בלייבען זיי ניט אין לאַנד, נאָר זיי פאָהרען אוועק ערגעץ אַנדערש וואוהין זוכען ארבייט, ווייל אין פאַלעסטינע גופא קאָנען זיי ניט קריגען וואָס צו טון.

ווען איך בין געוועזען אין פאַלעסטינע האָט זיך אין חיפה גע־בויט דער טעכניקום, און שוין דאַמאָלסט האָט מען געקאָנט פאַר־אויסזעהן דעם סכסוך צווישען די ציוניסטען און דעם דייטשען הילפס־פעראיין. די ציוניסטען האָבען שוין דאַמאָלסט געזאָגט; אַדער אלץ לערנען אויף העברעאיש, אַדער מען דאַרף גאָרניט קיין טעכניקום. און דער סוף איז געווען, אז די ציוניסטען האָבען טאַקע אויסגעפיהרט: עס איז גאָר ניטאָ קיין טעכניקום. און ווען מען דערלאַנגט אַביסעל טיעפער א טראַכט, ווערט גאָר א גרויסע פראַגע: צו דאַרף מען איצט בכלל אין פאַלעסטינע האָבען אזא שולע, ווי דער טעכניקום, און אין אלגעמיין א הויכשולע? אויב די שילער פון די דערמאָנטע ספּעציעלע שולען האָבען ניט ביי וואָס זיך איינצו־אָרדנען אין פאַלעסטינע, מיט וואָס וועלען די שילער פון טעכניקום זיין גליקליכער? מענשען מיט העכערער בילדונג קאָנען נאָך איצט אין פאַלעסטינע פאַר זיך קיין ארבייט ניט געפינען. פאַלעסטינע פאַר זיך דאַרף אלזא קיין העכערע שול ניט האָבען, און פאַר א הויכ־

שול פאר די יודען פון די אייראָפּעאישע לענדער איז פּאַלעסטינע דער אמווענינגסטען פּאַסיגער פּלאַץ. זי פערמאָגט ניט דערווייל קיינע הילפּס־איינריכטונגען, וועלכע זענען נויטיג דערצו, צ. ב. א גוטע ביבליאָטעק; די פרומע אידישע סביבה איז אויך ניט בעזונדערס פּאַסיג פאר דער פרייער וויסענשאַפט. די ווייטקייט און אָבגע־זונדערטהייט פון דער אייראָפּעאישער וועלט (בריף און צייטונגען קומען אָן אין פּאַלעסטינע איין מאָל אין 7 טעג) איז איצט נאָך אויך זעהר ניט גינסטיג פאר אזא שולע. און האָפען, אז א יודישער אינ־זשענער אָדער דאָקטאר, וועלכער האָט געלערנט אויף העברעאיש, וועט זיך קענען פרייער צונויפריידען מיט דעם יודישען עולם אין אייראָפּע און זיך קאָנען דאָרטען בעסער איינאָרדנען, איידער דער אביטוריענט פון א אייראָפּעאישער שולע, איז אויך גאַנץ שווער. א אינוועריסיטעט אין ירושלים איז אויך אַלזאָ ניט מעהר ווי איינע פון די פיעלע ציוניסטישע פאַנטאַזיעס, פאר וועלכע די ציוניסטען, וועלכע קאָנען גאָרנישט אויפטון אויפ׳ן געביט פון קאָלאָניזירען פּאַלעסטינע, האַפּען זיך אָן, כדי חאָטש צו האָבען די אילוזיע, אז זיי ארבייטען.

פון די אנדערע קולטורעלע אינסטיטוציעס אין פּאַלעסטינע דאַרף מען נאָך דערמאָנען דעם בית־נאמן און בצלאל. דער בית־נאמן — דאָס איז די עפענטליכע יודישע ביבליאָטעק אין ירושלים. ווען איך בין דאָרטען געווען, איז זי נאָך ניט געבראַכט געוואָרען אין אָרדנונג. פיעלע ביכער זענען נאָך געווען פערשלאָגען אין די קאַסטענס אָדער ניט געווען געבונדען. נאָר בכלל איז איהר נוצען אין ירושלים איצט זעהר א קליינער, ווייל עס איז דאָרטען כמעט ניטאָ, ווער עס זאָל זיך מיט איהר בענוצען. אין יעדער גרעסערער יודישער קהילה אין אייראָפּע און אפילו אין יפו, וואָלט די ביבליא־טעק געבראַכט א סך א גרעסערען נוצען.

בצלאל איז א קונסט־האַנדווערקעריי, דאָרט ווערען אויסגעאַר־בייט פערשיעדענע קונסטזאַכען, ווי טעפּיכער, געשניצטע זילבער ארבייט, רעמלעך, א. ד. ג. ווען איך בין דאָרט געווען, האָבען דאָרט געארבייט ביז 400 מאַן קליינע און גרויסע. אָן און פיר זיך איז דאָס זעהר אנ׳אינטערעסאַנטע און וואוילע אַנשטאַלט, ווען איהרע פיהרער וואָלטען נור ניט גערעכענט, אז דורך דער שולע וועלען זיי לעזען די גאַנצע יודען־פראַגע. און דאָס איז ניט קיין וויץ: די פיהרער האָבען געגלויבט אין דעם. די אויסגעארבייטע פּראָדוקטען פון דער ארבייט פון אַ געוויסער צאָהל ארבייטער אין בצלאל האָט אלע מאָל געהאַט שאַנסען פערקויפט צו ווערען; נאָר אזוי ווי די צאָהל ארבייטער האָט זיך פערגרעסערט, האָבען די אויסגעארבייטע סחורות געמוזט בלייבען ליעגען; און אויסער דעם האָבען די האַנד־ווערקערייען און זייער אנפיהרונג געקאָסט מעהר, איידער די אויס־געארבייטע סחורות. און דערפאר האָט בצלאל געמוזט באַנקראָטי־רען. קיין קונסט־שולע, ווי זעהר פיעלע מיינען, איז בצלאל ביז היינ־

טיגען טאָג נאָך ניט, דאָס צייכענען און מאָלען זענען דאָרט נור הילפס־צווייגען — צום אָנצייכענען די אוזארען פאר די טעפּיכער, דער קלאַנג, אַז בצלאל איז א קונסט־שולע, האָט שוין ניט איין יודישען יונגען מאַן, וועלכער האָט אַ ביסעל קענטעניש אָדער אפשר אויך טאלאנט אין צייכענען, אריבערגעבראכט אין פּאַלעסטינע, וואו ער האָט שוין זיין טאלאנט מעהר ניט געקאָנט ענטוויקלען און פערפאַלקאָמען, און אויף אַזאַ אופן אראָבגעפיהרט פונ'ם ריכטיגען וועג.

די הויפּט טרעגער פון דעם „שול־אידעאַל" אין פּאַלעסטינע זענען די לעהרער. די לעצטע גיבען אָב זייער גאנצע מיה, און ענערגיע און זייער גאנצע צייט פאר די שולען. זיי פערקלייבען זיך אַפּט אין די ווייטע קאָלאָניעס, וואו אויסער זיי איז אָפט ניטאָ קיין איין אינטעליגענטער מענש, מיט וועלכען זיי זאָלען קאָנען אויסרעדען א וואָרט. און אויב די רעזולטאַטען פון זייער ארבייט ביז איצט זענען ווייט ניט גלענצענדע, זענען אין דעם שולדיג די פּאַלעסטינער בעדינגונגען. פאר די ציוניסטישע לעהרער האָט די פּאַלעסטינער שולע געמוזט ווערען אַנ'איינזייטיג העברעאישע שולע, און דער העברעאיזם האָט געטויט די שולע. און ניט נור די שולע האָט דער העברעאיזם געטויט, — ער האָט אויך די לעהרער אוועקגעטויט. די לעהרער זענען די פערביסענסטע שונאים פון יודיש און יודישער ליטעראטור. די פּאַלעסטינער לעהרער בעריהמען זיך דערמיט וואָס זיי לעזען קיינעם פון די יודישע שרייבער אין יודיש. זיי לעזען אויך קיינמאָל ניט קיין יודישע צייטונג. זיי דערוויטערן זיך אויף אזא אופן אלץ מעהר פון דעם יודישען פאָלק אלס גאַנצען, פאר זיי ווערט דאָס גאנצע יודישע פאָלק קאָנצענטרירט אין די עטליכע טויזענד יודען פון פּאַלעסטינע, ריכטיגער פון די קאָלאָניעס, און דעם דאָזיגען געדאַנק פלאַנצען זיי אויך איין די פּאַלעסטינער קינדער. וואָס לענגער א לעהרער איז אָפּ אין לאַנד, אלץ איינגער ווערט זיין גייסטיגער האָריזאָנט, אלץ אָבגעריסענער ווערט ער פון דער יודישער ווירקליכקייט. די לעהרער, וואָס זענען אָבגעוועזען שוין היבשע עטליכע יאָהר אין פּאַלעסטינע, דאָס זענען די קורצזיכטיגסטע מענשען, וועלכע מיר איז אויסגעקומען ווען צו בעגעגענען. אינטערעסאנט איז, אַז פיעל לעהרער ווייסען אפילו ניט די אמת'ע לאַגע פון לאַנד, פון זייער קאָלאָניע אפילו, ווייל מייסטענס זענען זיי צוקריגט מיט די קאָלאָניסטען און האָבען מיט זיי כמעט קיינע בעציהונגען.

דאָס געדרוקטע וואָרט איז פאַרגעשטעלט אין פּאַלעסטינע מיט איין מאָנאַטליכען זשורנאַל—„המולדת", צוויי פּאַרטיי־זשורנאַלען: דער „הפועל הצעיר" און „האחדות" (פון די פּועלי ציון), און צוויי טעגליכע צייטונגען אין ירושלים: „האור" און „החירות". די ערשטע דריי ווערען ארויסגעגעבען דורך לעהרער און ארבייטערפיהרער, וועלכע זענען ניט לאַנג אין לאַנד און האָבען נאָך ניט פערלאָרען און פערגעסען זייער אייראָפּעאישע קולטורהייט. דאָס זענען—

איבערהויפּט די ערשטע צוויי — ערנסטע און ריינע זשורנאַלען, וועלכע מען קאָן לעזען מיט פערגעניגען. פון די טעגליכע צייטונגען אָבער, איז אפילו די בעסערע, דער „האור", וועלכע איז געווען ארויסגעגעבען פון בן־יהודה'ס זוהן, אַזאַ אַז אַ אייראָפּעאישען לעזער איז זי אונמעגליך דורכצוקוקען, דאָס איז מאַקולאַטור פון דעם ערגסטען מין. שרייענדיגע ווערטער אָהן אַנ'אינהאַלט, אָהן א זין, א פּאָר נייעס־בעמערקונגען, איבער־געדרוקט פון א פּאר־צוויי־וואָכענדיגער „הצפירה" און א האלבע טעלעגראַמע פון קושטא (קאָנסטאַנטינאָפּאָל) דאָס איז דער אינהאַלט פון דער צייטונג. די „החרות" איז נאָך ערגער, אויב עס קען נור זיין ערגער.

אויף דעם געביט פון פערשפּרייטען די העברעאישע שפּראַך איז דערווייל אויך אויפגעטון געוואָרען אין פּאַלעסטינע ניט בעזונדערס פיעל. עס רעדען צווישען זיך העברעאיש די קינדער פון די שולען, אָבער נור כל זמן זיי זענען תלמידים; ווי זיי ענדיגען די שולע, הויבען זיי ווידער אָן צו ריידען יודיש און עס קומט אויס צו גרינדען צווישען זיי חברות „דוברי עברית" כדי אָנצוהאַלטען זיי ביי העברעאיש. פון די דערוואקסענע רעדען צווישען זיך העברעאיש נור די לעהרער, א טייל פון דער ארבייטער־אינטעליגענץ און א ביסעל ארבייטער אויף די פערמעס. אויסערדעם קאָנט איהר נאָך טרעפען וואו ניט וואו אין פתח־תקוה, אין ראשון און בעזונדערס אין רחובות קאָלאָניסטישע מיידלעך, וועלכע רעדען העברעאיש. אָבער כמעט אלע אשכנז'ישע יודען אין די שטעדט און אין די קאָלאָניעס רעדען יודיש. די גאַנצע יודישע סביבה איז אלזא א „יודישע", און דאָס יודיש, וואָס ווערט גערעדט אין פיעלע ערטער אין פּאַלעסטינע און בעזונדערס אין פתח־תקוה, איז פון די שעהנסטע. די פערשיעדענע יודישע דיאלעקטען האָבען דאָרטען געווירקט איינער אויפ'ן אנדערען און עס האָט זיך אויסגעבילדעט איין שענער, ריינער, וואויל־קלינגענדער דיאלעקט. מצד די קאָלאָניסטען איז ניט צו בעמערקען קיין שנאה צו יודיש, און אין איינציגע קאָלאָניעס (זכרון, שפיה) ווערען אפילו אלע ועד־חשבונות און געשעפטען געפיהרט אין יודיש. נור די לעהרער אליין זענען די פערביסענסטע שונאים פון יודיש: זיי פערפאָלגען די קינדער, וואָס וואַגען אויסרעדען א יודיש וואָרט, מיר איז אויסגעקומען צו הערען פון לעהרער אַזוינע אויסדריקען: „אככה, אם תדבר בשפה הבזויה והשפלה הזו" (איך וועל דיך שלאָגען, אויב דו וועסט רעדען אויף די דאָזיגער שענדליכער, נידעריגער שפּראַך). נור ניט קוקענדיג אויף די פערפאָלגונגען פון יודיש, איז זי אין פּאַלעסטינע די הויפּט שפּראַך פון די יודען. אפילו זעהר פיעל אראבער־ארבייטער רעדען יודיש. און מיט דער ארומיגער בעפעלקערונג און מיט די ניט אשכני'ישע יודישע עלעמענטען רעדט מען זיך צונויף ביז איצט אויף אראַביש.

דאָס איז דער קולטורעלער צושטאַנד פון די יודען אין פּאַלעסטינע. צו פיהלט זיך דאָרטען דער יוד פרייער און בעסער, איידער

אין די „גלות" לענדער? נאָר ערטערווייז און צייטענווייז: אויף די פּערמיעס, למשל, וואו מען זהט ניט אָן קיין אַראַבער, בעקומט זיך ווען עס איז די אילוזיע, אז מען איז אין א יודישען לאַנד! מען פיהלט זיך דאָרט דאַמאָלסט גאַנץ פריי. אָדער א יום־טוב־צייט, א שמחת־תורה ווען דער יוד נעהמט אַ ביסעל משקה, פיהלט ער זיך דאָרט פרעהליכער איידער דער יוד אין רוסלאַנד, למשל. ביי געוועהנליכע אומשטענדען אָבער פיהלט זיך אין פּאַלעסטינע דער זעלבער גלות. דער אריינפאָהר אין פּאַלעסטינע איז ספּעציעל פאַר יודען ניט פריי; קיין ערד טאָרען דאָרטען יודען ניט קויפען. דער אַנטיסעמיטיזם איז דאָרט זעהר פערשפּרייט, בעזונדערס אין גליל; די מורא פאַר פּאָגראָמען עקזיסטירט דאָרט, אזוי ווי אין איינינע אנדערע לענדער (ווען איך בין געקומען אין פּאַלעסטינע, הושענה רבה תרע"ב, האָבען די יודען פון יפו, ממש געצוטערט פאַר א פּאָגראָם פון די אַראַבער, און עס איז געווען א גרויסע שמחה, ווען דער טאָג איז אריבער רוהיג), די פיעל־שפּראַכיגקייט איז דאָרט נאָך פיעל גרעסער איידער ערגעץ אנדערשוואו; יודיש רעדט מען; העברעאיש איז די שפּראַך פון דער שולע: אַראַביש איז די שפּראַך פון דעם אָרום; טערקיש איז די רעגיערונגס־שפּראַך, און די האַנ־דעלס־שפּראַך איז אין א גרויסער מאָס — פראַנצויזיש. און אזוי ווי אומעטום בילדען דאָרטען די יודען אויס זעהר א קליינע מינדער־הייט, וועלכע האָט, בעזונדערס אין דעם פּאָליטישען לעבען פון לאַנד, קיין ווירקונג. פּאַלעסטינע פערמאָגט אַלזאָ אַלע אַטריבוטען פון גלות, און ניט אומזיסט שמ'ט זי אין פּאַלעסטינע גופא ביי די יודען מייסטענס ניט אַלס ארץ־ישראל, נאָר אַלס ארץ־ישמעאל.

צו איז פּאַלעסטינע שוין איצט א גייסטיגער יודישער צענטער? נור די בלינדע אָדער קורצזיכטיגסטע האָבען געקאָנט אזוינס געפינען אין פּאַלעסטינע, אָדער אזוינע, ביי וועלכע א העברעאיש וואָרט אין מויל פון א קליין קינד בעדייטעד דאָס זעלבע, וואָס גייסטיגער צענטער. אין פּאַלעסטינע איז אין דער אמת'ן פאַרהאַן איצט ניט קיין גייסטיגער צענטער, נור קולטורעלע און גייסטיגע אָרימקייט. די גרעסטע מעהרהייט 85% פון דער יודישער בעפעלקערונג אין פּאַלעסטינע איז די ערגסטע, די פסלת, וואָס דאָס גאַנצע יודישע פאָלק פערמאָגט. און פון די איבעריגע האָבען א קולטורעלען אויס־זעהן נור די, וואָס זענען ניט לאַנג אין לאַנד, וועלכע האָבען זיך אזוי צו זאָגען, נאָך ניט פּאַלעסטיניזירט. אַלץ, וואָס עס איז אָפּ א געוויסע צייט אין פּאַלעסטינע, ווערט גייסטיג אָרימער, פערגרעב־טער, איינגזיכטיגער... די ערשטע קאָלאָניסטען זענען נאָך געווען אידעאַליסטען, מענשען פון העכערען ראַנג; זייערע זיהן זענען שוין פּשוט'ערע פּויערים, און דער איצטיגער דור פון די קליינע קינ־דער זענען שוין גאָר פערטעמפּטע און פערגרעבטע. די געבאָרענע פּאַלעסטינער לעהרער — זענען די ערגסטע; די פּאַלעסטינער פּרע־סע, וואָס ווערט ארויסגעגעבען פון פּאַלעסטינער געבאָרענע, איז

מאקולאטור, אייראָפּע און אמעריקע שיקען אין פּאלעסטינע קול־טורעלע מענשען, און די פּאלעסטינער בעדינגונגען מאכען פון זיי מיט דער צייט קולטורלאָזע אריענטאלער.

נאָר ווען אין פּאלעסטינע וואָלט זיך געקאָנט אויפבויען א געזונטער עקאָנאָמישער יודישער צענטער, וואָלט מיט דער צייט דאָרט ענטשטאַנען אויך א גייסטיגער צענטער. קיין אויסזיכטען אויף א עקאָנאָמישען צענטער האָט אָבער פּאלעסטינע ניט. רעכענען אָדער גלויבען, אז אין פּאַלעסטינע קען זיך אויסבילדען א גייסטיגער יודישער צענטער, קאָנען דערפאר אָדער מענשען איינגעבילדעטע אָדער קורצזיכטיגע ביז בלינד.

---

# V.

# פאלעסטינע, פאליטיק און ציוניזם.

ווען יהושע איז געקומען מיט די בני ישראל אין דעם לאנד כנען, האט ער געפונען דאס לאנד בעזעצט. פאר די בני ישראל צוזאמען מיט די כנענים איז דארט קיין ארט ניט געווען. און ער האט אנגעווענדעט זעהר א ווירקזאמען מיטעל: „לא תחיה כל נשמה". די בני ישראל האבען געדארפט אויס'הרג'ענען די ארטיגע בעפעלקערונג ביז איינעם — וואו זיי האבען נאר געקאנט — און פערנעהמען איהר פלאץ.

איצט טון דאס זעלבע אין פאלעסטינע וועלען מסתמא די יודען — אפילו די ציוניסטען — ניט וועלען און ניט קאנען. אמת, אויך איצט טרעפט אמאל, אז די יודען קויפען אפ א שטיק באדען אין פאלעסטינע ביי א עפענדי (אנ'אראבישען פריץ) און טרייבען פון איהם אראפ די אראבישע ארענדאטארס. אזא זאך וואלט געווים ארויסגערופען יעדעם מאל א גאנצע מלחמה, ווען די יודען וואלטען ניט גענומען דערנאך מייסטענס די אראבער צו בעארבייטען זייערע פעלדער. און איינמאל, ביים פערנעהמען מעטולע, איז טאקע פאר־געקומען אזא „מלחמה" מיט מענשליכע קרבנות. דער גאנצער באדען אין פאלעסטינא האט אמאל אפיציעל גאר ניט גערעכענט זיך פאר קיינעמס אייגענטום, נאר פאקטיש האט ער געהערט צו די אראבישע פויערים, אדער ריכטיגער די אראבישע געמיינדעס. נאר איינמאל איז געקומען א בעפעהל, אז מען זאל דעם גאנצען באדען פערשרייבען אויף בעשטימטע נעמען, כדי די רעגירונג זאל וויסען פון וועמען צו מאהנען די שטייערן. די אראבער־פויערים האבען זיך דערשראקען פאר דעם בעפעהל און האבען געבעטען די פריצים זיי זאלען פערשרייבען דעם באדען אויף זייער נאמען, רעכענענדיג דער־מיט צו פערטיידיגען זיך פון דעם ווילקיר פון די בעאמטע ביים איינמאהנען די שטייערן. די עפענדים האבען צוליעב געטון די פויערים; נאר דערנאך האבען זיי אנגעהויבען צו רעכענען דעם באדען פאר זייער אייגענטום און אנגעהויבען איהם צו פערקויפען און אראבצוטרייבען די אראבער. אזוי האט אויך דער מעטולער פריץ פערקויפט דעם באדען צו דעם באראן. און די יודען האבען זיך

בענוצט דערמיט, וואָס די מעטולער בעפעלקערונג, וועלכע האָט גע־הערט צו די דרוזען, האָט אין דער צייט פון דעם דרוזען־אויפשטאַנד אין סיריען אוועקגעשיקט אלע דערוואַקסענע מענער אויף מלחמה געגען דער רעגירונג, און האָבען אַרויסגעטריבען אלע דרוזישע פרוי־ען, קינדער און אלטע לייט פון דער קאָלאָניע, און האָבען זיך דאָרטען בעזעצט. ווען די דרוזען האָבען זיך נאָכ'ן אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד צוריקגעקעהרט, האָבען זיי ניט געפונען קיינעם פון זייערע פאַמיליעס; און עס האָט זיך דערנאָך עטליכע יאָהר נאָכ־אַנאַנד געצויגען א מלחמה צווישען די אלטע בעלי־בתים פון מעטולע און צווישען די נייע יודישע קאָלאָניסטען. די מלחמה האָט זיך געענדיגט ערשט נאָכדעם, ווי דער באַראָן האָט איינגעצאָהלט די דרוזען זעהר א גרויסע סומע געלד.

און אַזוי ווי אמאָל, אַזוי איז אויך איצט פאַר א בעדייטענדער צאָהל יודען צוזאַמען מיט די אראבער אין פּאַלעסטינע קיין אָרט ניטאָ. כמעט דער גאַנצער באָדען, וואָס טויג אויף לאַנדווירטשאַפט, איבערהויפט אויף פעלד־ווירטשאַפט, איז שוין בעארבייט, אמת, איצט איז אין פּאַלעסטינא פאַרהאַן נור 29 איינוואוינער אויף א קוו. קילאָמעטר; מיט דער צייט וועט זיך דאָרט קאָנען ער־נעהרען געוויס א געדיכטערע בעפעלקערונג. ווען מיר וועלען אָנ־נעהמען די בעפעלקערטהייט פון דייטשלאַנד, פונ'ם יאָהר 1890־91 איינוואוינער אויף א קוו. קילאָמעטער, א בעפעלקערטהייט פאַר פּאַלעסטינע אפשר קיינמאָל ניט א דערגרייכבארע, ווע־לען מיר האָבען אין פּאַלעסטינע איינוואוינער אין 3½ מאָל מעהר, אָדער 2,8 מיליאָן, די דאָזיגע פערגרעסערונג וועט אָבער געהן ניט נאָר אויפ'ן חשבון פון די יודען. די יודישע איינ־וואַנדערונג אין פּאַלעסטינע אפילו פאַר די לעצטע צעהן יאָהר, ווען זי איז געוועזען די אינטענסיווע, האָט דערגרייכט צו דער איבער־שטייגונג פונ'ם אריינפאָהר איבערן אַרויספאָהר קוים אויף 5—6 הונדערט אַ יאָהר. און צי פערמעהרט זיך די יודישע בעפעלקערונג אין פּאַלעסטינע פערהעלטניסמעסיג נאַטירליך מעהר איידער די אראבישע — וועגען דעם זענען קיין ידיעות ניט פאַרהאַן. עס איז נור בעוואוסט אז די אויפגעוואַקסענע יודישע יוגענד פון די קאָלאָ־ניעס און טיילווייז אויך פון די חלוקה־שטעדט עמיגרירען פון פּאַ־לעסטינע, און עס קען דערפאַר זיין אז דער נאַטירליכער צו־וואוקס פון די יודען איז נאָך קלענער איידער פון די אראבער. אויב אַזוי וועט, קאָן זיין, אפילו די פּראָפּארציע פון די יודען און ניט יודען אין פּאַלעסטינע זיך מיט דער צייט ניט אומבייטען. און איצט בילדען די יודען אויס אין פּאַלעסטינע אינגאַנצען 12%־13 פּראָ־צענט פון דער גאַנצער בעפעלקערונג, ד. ה. א קלענערע מינדערהייט, איידער אין דעם רוסיש־יודישען תחום.

נאָר וועט מען זאָגען: די לאַגע איז אַזאַ נור איצט, ווען די טערקישע רעגירונג שטערט דעם יודישען אריינפאָהר און דער

ענטוויקלונג פונ'ם לאַנד. ווען די פעלקער אָבער וועלען אָבגעבען פּאַלעסטינע די יודען, וועט דער יודישער ישוב דאָרט שנעל אָנ־הויבען צו וואַקסען. און די גרויזאַמע וועלט־מלחמה האָט ביי אַ טייל ציוניסטען ארויסגערופען גרויסע האָפענונגען, אז מען וועט די יודען „אָבגעבען" פּאַלעסטינע. לאָמיר דערלאָזען דאָס כמעט אונמעגליכע, אז די פעלקער, וועלכע האָבען צוטראָטען מיט די פיס די פאַקטישע (ניט די היסטאָרישע) רעכט פון בעלגיען, פון סער־ביען, פון טשערנאָגאָריען; וועלכע האָבען אליין געבאָדען זיך אין יודישע, ארמענישע, א. ד. ג. אומשולדיגע בלוט אָדער גלייכגילטיג צוגעזעהן, ווי אַנדערע באָדען זיך, אַז די אלע פעלקער זאָלען מיט אמאָל ווערען העכסט גוטהערציג און אנערקענען די ה י ס ט אָ ־ ר י ש ע רעכט פון די יודען אויף פּאַלעסטינע. וועמען וועלען זיי דאָן אָבגעבען פּאַלעסטינע: דעם ציוניסטישען אָדער דעם אַלגע־מיינעם יודישען קאָנגרעס? אָבער וואָס האָט אַזאַ קאָנגרעס פאר אַ שייכות צו דער איצטיגער בעפעלקערונג פון פּאַלעסטינע? מען דאַרף רעכענען אז א יודישער קאָנגרעס, ווען ער וואָלט אפילו ארויס־געשטעלט די פאָדערונג פון פּאַלעסטינע פאר יודען, וואָלט ער דאָס געטון נאָר אינ'ם נאָמען פון ד ע מ אָ ק ר א ט י ז ם (ניט אינ'ם נאָ־מען פון דעם פּרינציפּ וואָלט הייסען מסכים זיין אויף די בעגרענצונ־גען, וועלכע עס עקזיסטירען פאר די יודען אין די פערשיעדענע לענ־דער). אינ'ם נאָמען פון דעמאָקראטיזם איז אבער ניט מעגליך צו פאָדערן, אז א יודישער קאָנגרעס, וועלכער איז פון דער פּאַלעסטי־נער בעפעלקערונג ניט ערוועהלט און ניט בעפאָלמעכטיגט, זאָל ווע־רען דער געזעצגעבער אָדער דער דעה־זאָגער איבער דער פּאַלעסטי־נער אנגעלעגענהייטען. אינ'ם נאָמען פון דעמאָקראטיזם איז אָבער ניט מעגליך צו פאָדערן צו מאכען די יודען פאר בעלי־בתים אין פּאַלעסטינע אין דער צייט וואָס זיי בילדען דאָרט נור א קליינע מינדערהייט. די איינציגע פאָדערונג פון א יודישען קאָנגרעס וואָס שטעהט אויפ'ן דעמאָקראטישען שטאַנדפּונקט, קאָן זיין — צו געבען פּאַלעסטינע אויטאָנאָמיע און דערביי בעשיצען דורכ'ן געז־זעץ די רעכט פון דער מינדערהייט. אָבער ביי אזא אויטאָנאָמיע אפילו וועלען די אראבער ווערען די הויפּט בעלי־בתים אָדער אפילו די איינציגע בעלי־בתים פון לאַנד. די יודען וועלען דאָרט נאָר אויס־בילדען א מינדערהייט, אין בעסטען פאַל א קולטורעלע מינדערהייט. די ראָל אבער פון אזאַ מינדערהייט האָבען די יודען שוין ניט איינמאָל און ניט אין איין אָרט געשפּיעלט. און דער ביישפּיעל פון פּוילען בעווייזט, וואָס די יודען קאָנען ערוואַרטען ביי אזא לאַגע. ווען די אראבער וועלען זיך ענטוויקלען, וועלען זיך דאָרטען אָנ־הויבען רדיפות אויף יודען. קיין בעזונדערע גוטע בעציהונגען צווי־שען יודען און אראבער איז שוין איצט אויך ניטאָ, און שפּעטער קאָן די יודישע איינוואנדערונג אין פּאַלעסטינע דורך די אראבישע

בעלי־בתים שטאַרק בעגרעניצט ווערען אדער אינגאַנצען פערווערט ווערען.

די יודישע בעפעלקערונג פון פּאַלעסטינע וועט דערפאַר אַלע מאָל, אפילו ביי די בעסטע און דעמאָקראַטישסטע פּאָליטישע בע־דינגונגען זיין קליין סיי לויט איהר אבסאָלוטער צאָהל, סיי לויט איהר פּראָפּאָרציע צו דער איבעריגער בעפעלקערונג. און די אונגע־הויער אונגינסטיגע נאַטירליכע בעדינגונגען וועלען נאָך מעהר שטע־רען דער פערגרעסערונג פונ׳ם יודישען ישוב אין פּאַלעסטינע. און אויב דאָס ביסעל יודען, וואָס וועלען דאָרטען זיין, וועלען אוועקגעהן אויף דעם „העברעאיסטישען" וועג, וואָס די ציוניסטען צייכענען פאַר זיי אָן, וועלען זיי מיט דער צייט אויסבילדען נאָך א יודישע גרופּע, עפּעס א אויסטערלישען העברעאיסטישען יודישען שבט, וועלכער וועט האָבען מיט דעם רוב מנין ורוב בנין פונ׳ם יודישען פאָלק, וואָס רעדט יודיש, אזא אָדער כמעט אזא וועניגע שייכות ווי די איצטיגע תימנ׳ער, מאַראָקאָנער אָדער פּערסישע יודען אָדער די שפּאַניאָלען, וועלכע זענען אונז אין אַלגעמיין זעהר פרעמד, האָ־בען מיט אונז אַלגעמיינעם גאַנץ וועניג און רופען ביי אונז ארויס א רחמנות געפיהל ניט נור צו זייערע צרות, נאָר אויך צו זייער גייסטיגער ארימקייט און קולטורעלער אָבגעשטאַנענהייט. דער יודישער ישוב פון פּאַלעסטינע וועט אין דעם ר ע א ל ע ן לעבען פון דעם יודישען פאָלק, אינ׳ם עקאָנאָמישען ווי אינ׳ם גייסטיגען, דערפאַר קיינמאָל קיין ראָל ניט שפּיעלען.

אין משך פון די לעצטע אַנדערהאַלבען טויזענד יאָהר איז פּאַלעסטינע נור געווען א פאָלקס־בענקעניש, אלס א בענקעניש — האַלב נאַציאָנאַלע, האַלב רעליגיעזע — איז זי נאָך פערבליבען ביז היינט אין דעם בעוואוסטזיין פון גאַנץ ברייטע יודישע שיכטען. אויף א בענקעניש קאָן מען אָבער ניט און מען טאָר ניט בויען קיין רעאַלע אינטערעסען פון פאָלק. און דאָך האָבען זיך געפונען פיעלע וועלכע ווילען די דאָזיגע בענקעניש עקספּלואַטירען, וועלכע האַלטען אין איין פונאַנדערבלאָזען די דאָזיגע בענקעניש, כדי דורכדעם בעקומען אַ ווירקונג אויף געוויסע יודישע שיכטען — איך מיין די ציוניסטען.

אין זיינע ערשטע יאָהרען איז דער ציוניזם, אלס א אידעע, געווען רעוואָלוציאָנער. די ארבייטער אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זע־נען אין איין צייט מיט איהם ענטשטאַנען, האָבען געוועקט דעם פּאָליטישען בעוואוסטזיין פון די יודישע ארבייטער, דער ציוניזם האָט דאָס זעלבע געטון בנוגע דעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין פון די ברייטע יודישע שיכטען: ער האָט גערופען צום לעבען, צו ברייי־טער טעטיגקייט; ער האָט ארויסגערופען גרויסע אידעאַלען. שפּע־טער אָבער זענען געקומען מענשען, וועלכע האָבען אויפ׳ן אָרט פון רעאַלע אינטערעסען און גרויסע אידעאַלען אוועקגעשטעלט די אַלטע

בענקעניש נאָך פּאַלעסטינע. און די גאַנצע ציוניסטישע אַרבייט איז פֿאַרוואַנדעלט געוואָרען אין געלדזאַמלעריי; אין שטעלען הונ־דערטער קערות פּאַר קליינע און קליינליכע אונטערנעהמונגען און אינסטיטוציעס — און אין רעדען און אין וועקען די בענקעניש צום אַמאָל, צו דאָס אַלטע, צו דאָס אָבגעלעבטע, צו דאָס טויטע.

דאָס פונאַנדערבלאָזען די בענקעניש צום אַמאָל ציהט געוויס אָב די אויפמערקזאַמקייט פון געוויסע יודישע שיכטען פון זייערע רעאַלע געגענוואַרטיגע אינטערעסען און איז דערפאַר שעדליך. נאָר ווען די ציוניסטען וואָלטען געטון זייער קליינליכע אַרבייט, וועלכע בעפריעדיגט אפשר אינגאַנצען זייער אייגענע נאַציאָנאַלע בענקע־ניש, און וואָלטען דערביי ניט אַרויסגעגעבען די דאָזיגע קליינליכע בענקעניש־בעפריעדיגונג פאַר אַ וויכטיגע פאָלקס־אַרבייט, וואָלט קיינער צו זיי גאָר נישט געהאַט און וואָלט זיך מיט זיי ניט אינטערעסירט. שפּיעלען אָבער אויף די סטרונעס פון דער אַלטער פאָלקס־בענקעניש און פּראָקלאַמירען די אייגענע קרייזעל־אַרבייט אַלס פאָלקס־אַרבייט — איז דעמאַגאָגיע.

די יודישע מאַסען זענען אַלעמאָל זעהר ווייניג בעקאַנט געווען מיט דעם ווירקליכען צושטאַנד פון פּאַלעסטינע און מיט דעם לעבען פון די יודען דאָרט. און די ציוניסטען נוצען אויס די דאָזיגע אונ־וויסענהייט און פערגרעסערען זי נאָך דורך פערהיילען דעם אמת אָדער אפילו דורך פערשפּרייטען אַ י נ ז י י ט י ג ע און דערפאַר אָפט ניט קיין ריכטיגע ידיעות וועגען איהר. דער נאַאיווער עולם גלויבט נאָך אַלץ בתמימות, אַז פּאַלעסטינע איז „אַ לאַנד וואָס פליסט מילך און האָניג", און די ציונסטען האַלטען אונטער און פערשטאַרקען נאָך די אילוזיע און רופען אַרויס פאַלשע האָפענונגען. עס דאַרף דערפאַר זיין די אויפגאַבע פון יעדערען, וועלכער וויל, אַז דאָס בעוואוסטזיין פון פאָלק זאָל ניט זיין געפעלשט, אַז די האַלב נאַציאָנאַלע האַלב רעליגיעזע פּאַלעסטינע־בענקעניש זאָל ניט זיין קיין פּאָליטישער פאַקטאָר און אַז קיינע אילוזיעס זאָלען ניט האָבען קיין ווירקונג אויף די רעאַלע פּאָליטיק פון פאָלק — עס דאַרף זיין די אויפגאַבע פון יעדען אַזוינעם — וואָס ברייטער פערשפּרייטען צווישען דעם יודישען עולם ריכטיגע ידיעות וועגען דער אמת'ער לאַגע אין פּאַלעסטינע.

# ערקלערונגען.

---

1) יאָהר תרע"א — 1912—1911.
2) יאהר תרע"ב — 1913 — 1912.
3) „פאר די לעצטע 8 יאָהר" — מיינט ביז'ן יאָהר 1912, ווען איך בין געוועזען אין פאַלעסטינע.
4) באָיאַרע — אָראַנזשען־גאָרטען.
5) באָיאַרזשע — אויפפאַסער פון אַן אָראַנזשען־גאָרטען.
6) באָיאדער — שייער.
7) ועד — קאָלאָניע־פערוואלטונג, ערוועהלט פון די קאָלאָניסטען.
8) מלוה — אַ ליי־קאַסע.
9) עשור — אן אָפּצאָהל פון תבואות־ און פרוכט־איינטראג.
10) ווערקא — אן אָפּצאָהל פון אונבעוועגליכע גיטער.
11) בור־באדען — ניט קיין בעארבייטער באָדען.
12) יק"א — אידישע קאָלאָניזאציאָנס־געזעלשאַפט, וועלכע פערוואל־טעט מיט דעם באראָן הירש'ס פאָנדען.
13) חו"צ — חובבי־ציון.
14) הוצאות המושבה — קאָלאָניע אויסגאבען.
15) דוברי עברית — העברעאיש־רעדער.
16) יקב — וויין־קעלער.
17) פלכא — פעלד־ווירטשאַפט.
18) בעדואינער — אראבער נאָמאַדען, וועלכע וואנדערן ארום אין פאלעסטינע.

# ליטעראטור פערלאג פון דער אידישער סאָציא־ליסטישער פעדעראציאָן פון אַמעריקאַ.

ערשינען ביז יעצט און געפינט זיך צום פערקויף:

1. ב. האָלצמאַן: די אַמעריקאַנער רעגירונג (אויספערקויפט) .10
2. אללאַן בענסאַן: דער שטייגענדער יקרות (אויספערקויפט) .05
3. מאָרים הילקוויט: דער סאָציאַליזם — — — — — — —.10
4. אסקאר אמערינגער: אָנקעל סעם'ס לעבען — — — — .05
5. יודזשין וו. דעבס: יוניאָניזם און סאָציאַליזם — — .05
6. די מלחמה: זאמעלבוך (אויספערקויפט) — — — .12
7. דאָס אידישע יאָהר בוך 1914 — — — — — — .25
8. דאָס אידישע יאָהר בוך 1915 — — — — — — — — .25
9. דאָס אידישע יאָהר בוך 1916 — — — — — — — .25
10. א. ש. זאקס: די לעהרע פון סאָציאַליזם, בראָשירט — — .25
פראכטפאָל געבונדען .40
11. דר. מ. גאָלדפארב: די ארבייטסלאָזיגקייט — — — .05
12. טהערעזא מאלקיעל: די פרוי און די פרייהייט — — .03
13. יעקב לעווין: דער אמת וועגען פאלעסטינא — — — .25

אָרגאַניזאַציאָנען קריגען 30% דיסקאָונט.

אָרדערס ווערען געשיקט נאָר פאר געלט.

מיט בעשטעלונגען זיך ווענדען צו:

**JEWISH SOCIALIST FEDERATION OF AMERICA**

**175 East Broadway, New York, N. Y.**

LITERATURE DEPARTMENT

